Printed in Poland



| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ערשטע | אויפלאגע | אין | ניו-יארק | 1918 | 1500 עקז. |
| צווייטע | „ | „ | „ | 1920 | 1500 „ |
| דריטע | „ | „ | וואַרשע | 1922 | 3000 „ |
| פערטע | „ | „ | „ | 1924 | 1000 „ |
| פינפטע | „ | „ | „ | 1926 | 800 „ |

„Unterwelt", — I. Opatoszu
Wyd, „Kultur-Liga", Warszawa 1927
Druk. „Di Welt", Nowolipie 7.

אַרום פֿיר אַ זייגער פֿאַרטאָג איז ספּאָרט אויפֿגעשפּרונגען, אויסגעצויגן זיין לענגלעכן קערפּער מיט די שפּיציקע מאָרדע, געדרייט מיטן האָריקן עק, געדראַפּעט מיט די נעגל און זיך צעבילט. ער איז באַלד אַרויף אויפֿן בעל־הבית בעטל, צוגעשטעקט זיין קאַלטן שנוק צו סעמס באַק און אים געגומען גלעטן.

סעם האָט זיך דורכגעטרייסלט, געוואָרפֿן אַ בליק אויף דער וואַנט, ווו די גרופּע „פּייטערס" האָבן געהאַנגען, און זיך איינגעקוקט אין דעם העלן פּירעקיקן שיין. עס האָט געהייסן: אַז די גרויסע עלעקטרישע לאָמפּ, וואָס הענגט אויף אַ גרויסן קלאָץ קעגנאיבער דעם פֿענסטער, ברענט נאָך, און דער זייגער איז נאָך ניט פֿיר.

סעם האָט זיך איבערגעצויגן, געשמאַק פֿאַנאַנדערגעגענעצט און איינקוקנדיק זיך אין שיין, איז ער אַראָפּ פֿון בעטל. באַלד האָט זיך פֿון שיין גענומען בולט אַרויספּרעסן „באַק־אוט־בראַון" מיט זיין פּאַרעקשנטן, ווי ביי אַ יונג ביקל, שטערן, פֿון הינטער וועלכן עס האָבן אַפּערגעקוקט אַ פּאָר ווייכע, שמייכלענדע אויגן. סעם האָט זיך פֿאַרקוקט אויפֿן „פּרייז־פּייטער", בשעת מעשה אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט, ווי אַ פֿליגל פֿון אַ ווינט־מיל, די לינקע מיט אַ פּאַרקוועטשטע פֿויסט האָט ער איינגעקורטשעט, געהאַלטן נעבן דער גאָמבע און זיך פֿאַרמאָסטן גלאַט אין דער וועלט אריין.

ספּאָרט האָט זיך צוגעזעצט אויף זיינע הינטערשטע לאַפּעס און מיט אַ הינטישע שמחה זיך געוואָרפֿן אויפֿן בעל־הבית. סעם האָט אים אַרומגעכאַפּט, זיך אַ שליידער געטאָן אויפֿן בעטל און האַרציק נעלאַכט.

און ניט בחנם איז סעם אַזוי אויפֿגעלייגט געווען — ער איז נעכטן אויסגעפּאָרן מיט פּאָלין, זיין בעל־הביתטעס טאָכטער.

דער גאַנצער „געגנג", וואָס האַלט זיך אויף ביי זיין בעל־הביתטע

אין „סטײַשאָנערי־סטאָר", האָט זיך אַפילו געבלאָזן, געטענהט, אַז אָן אלעקס וויסן דאַרף ער נישט פֿאָרן. נאָר וועמען אַרט עס! ער איז אַלעקן נישט געקראכן אין וועג אַריין! און צוריקגערעדט, האָט אַלעק גאָר קיין רעכט נישט זיך אַרומצושלעפּן מיט אַ „יאַהודיש" מיידל, ער איז אַ „גוי" טאָ לאָז ער זיך אויסקלייבן פֿון זיינע! און דער עיקר וועלן אים איצט אַלע מקנא זיין. אַ קלייניקייט, זיי ווערן דאָך אַלע פֿאַרכאַפּט פאַר פאָלין!

סעם האָט געפּלאַנט ווי אַזוי אַלעקן אַראָפּצוראָמען פון וועג. ער איז געווען זיכער, אַז דער גוי וועט אים ניט פאַרשווייגן, ער איז דאָך אַן איטאַליענער, אַז ביי יעדער געלעגנהייט וועט ער אים אַריינזעצן אַ שטילעט אין דער זייט. נאָר דאָס האָט אים איצט כמעט ווי גאָרניט געאַרט. ער האָט צומיינסטן געטראַכט וועגן פאָלין, ווי דאָס מיידל האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געוואָרפן אים אויפן האַלז. אים געשלעפּט ווי זי גייט און שטייט אין ווייסן „סוועטער" צו אַ „ראבאי" אַ חופּה שטעלן, געבעטן, אַז ער זאָל זי צונעמען פון אַלעקן, דען זי איז אַ פאַרלוירענע! דער גוי וועט זי באַלד נאָך דער חתונה פאַרקויפן, אַז נישט וועט ער איר צעשניידן מיט אַ בריטווע דאָס פּנים, זי ווייס, אַז איטאַליענער טוען אזוי.— — —

סעם האָט געשמייכלט. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס פאָלי צעקריגט זיך מיט אַלעקן. און יעדעס מאָל קלויבט זי זיך אויס, אַלעקן אויף צעפּלאַצעניש, אַ צווייטן יונג און ווי נאָר אַלעק באַווייזט זיך און בעט זי איבער, שלאָגט זי מיטן יונג כּפּרות. און ווער געדענקט ניט די מעשה מיט דזשייקן? און דזשייק איז ניט געווען אבי ווער! ער איז געווען אַ טעלעגראַפיסט מיט אַ גוטן געהאַלט און אַלע האָבן געהאַלטן אין איין טענהן, אַז פאָלי איז אים ניט ווערט. נו, איז זי זיך מישב און שיקט אים אָפּ פאַר דער התונה די תּנאים און דער בחור האָט פון גרויס צרות אַזש גענומען שכּורן. סעם אָבער וועט זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע – ער קאָן זיין שטעטל באַשטיין!

פון צווייטן צימער האָט מען געהערט ווי מיסעס ריטש, סעמס בעל־הביתטע, פּאָרעט זיך. זי האָט געוועקט איך זונדל הערי, ער זאָל עפענען דעם „סטענד" מיט צייטונגען, וואָס זי האָט געהאַלטן אונטערן „עלעווייטער".

מיסעס ריטש, אַן אלמנה פון אַ יאָר פערציק, איז געווען אַ רויטע, אַ געזונטע יידענע, ווי אַ טערק מיט אַ פּאָר פינקלדיקע אויגן, זי האָט גערעדט מיט אַ קוויטשיקן אַלט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ניט זי רעדט, נאָר אַ דבוק קוויטשעט אַרויס פון איר און מאַכט חוזק.

— העררי, אום גאָטעס ווילן, געט אָפּ, געט אָפּ! — האָט זי גערעדט האַלב אין יידיש, האַלב אין ענגליש און אים געקיצלט די פיאַטעס פון די פיס.

העררי, אַ פעט בחורל פון אַ יאָר פערצן, קיינמאָל ניט קיין אויסגעשלאָפענער, האָט זיך דורכגעוואָרפן, געעפנט זיינע פאַרשלאָפענע אויגן, באַטראַכט אַ ווײַלע די מוטער, זיך אַ האַסטיקן דריי געטאָן און געבורטשעט:

— גראַרי היר! באַלד עפענען, באַלד! לאָז אַן אויג צומאַכן!

אַן עלטערער ייד מיט אַ פּאָר גרויע וואָנסן, וואָס איז געשלאָפן אויף אַ לעדערנער קאַנאַפּע, האָט זיך מיט אַ מאָל אויפגעזעצט. ער האָט אויסגעשטעקט דעם קאָפּ מיטן קורצן האַלז, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר וואַסערדיקע אויגן און זיך שטאַרק צעהוסט. דער ייד האָט אויפגעהערט הוסטן, גענומען וואַרפן דעם קאָפּ, ווי אין הייליקן-וויטעס-טאַנץ, און געשלונגען לופט מיט אַלע כחות. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ פּאָר פעסטע הענט שטיקן דעם ייד פאַרן האַלז און ער אַמפּערט זיך.

דאָס איז געווען מיסעס ריטש טאַטע, אַ לעמבערגער ייד, וואָס האָט געליטן פון אַ שווערע אַסטמע.

אַ קליין יינגל פון אַ יאָר דריי אין אַ לאַנג פלאַנעלן שלאָפהעמדל איז אַראָפּ פון בעט, זיך גענומען שיבערן מיט איין הענטל די האָר, מיטן צווייטן געריסן די מוטער פאַרן אונטער-קלייד און געמעקעט ווי אַ קעלבל:

— מאַ-אַ, עס-סן!

— נאַ, גוט שבת, זיך אויפגעכאַפּט „פּאָרצע-דראַנע"! — האָט מיסעס ריטש זיך צעקוויטשעט, אַ כאַפּ געטאָן דעם יינגל פאַר אַ הענטל און אים אַ שליידער געטאָן אין בעט אַריין — שלאָף, ממזר, דען כ׳דורס דיך!

דאָס ייִנגל האָט זיך נאָך העכער צעוויינט, גענומען אַראָפּוואַרפֿן מיט די פּיטלעך די קישנס אויף דער פּאָדלאָגע און געשריען:

— כ׳וויל עסן — — עס—ס—סן! — — —

משה, מיסעס ריטש טאַטע, וואָס איז שיער ניט דערשטיקט געוואָרן און געכאָרכלט מיטן האַלז ווי אַ געקוילעטע גאַנז, האָט גערופֿן דעם ייִנגל:

— אַרטור, כּי, כּי, כּי!

ארטור האָט זיך פּאַרקוקט אויפֿן זיידן, געמיינט, אַז ער מאכט „פּאָן” און אַנטשוויגן געוואָרן.

מיסעס ריטש האָט אַ צעפּאַטלטע געעפֿנט סעמס טיר און איז לייכט אַריין אין אירע שיך מיט גומענע אָפּצאַסן.

— העי, סעם, שלאָפֿסט? — האָט זי געזאָגט און אַרויפֿגעלייגט איר האַנט אויף זיין מוסקוליסטן אָרעם.

— ווער שלאָפֿט?

— טאָ הער, פֿאַרגעס ניט צו לאָזן אַן עקסטרא „וואָירלד” אין סאַלון און דעם אַלטן בעקער אַ „טיימס”, וועסט ניט פֿאַרגעסן?

— אָל-רייט!

מיסעס ריטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בעטל, ווילערייש סעמען אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע און מיט אַ שמייכל געפֿרעגט:

— נו, האָסט כאָטש פֿאָלין געגעבן אַ „גוד-טיים”, דו „לאָבסטער”?

— פֿאַרלאָזט זיך אויף סעמען, מיסעס ריטש, אַז ער פּעדעמט איין — נייט! איר ווייסט דאָך, כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זיך סעם האַרציק צעלאַכט.

— שאַראַפּ יו — האָט מיסעס ריטש פּלומרשט אַ בייזע געמאַכט ענטפֿערט און אים אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויפֿן מויל — וואָס טויגן די קונצן, סעם, ביסט זי אסור ווערט! און גלויב מיר, ווען ניט דאָס אומגליק מיטן שייגעץ, מיט אַלעקן מיין איך, איז מיין נאָמען ניט סיידי, צי דו וואָלסט זי געקריגן — — לאָמיר זיך ניט נאַרן, אַזאַ פֿאַרשוין ווי דו וואָלט זי קיינמאָל ניט פֿאַרשפּעטיקט! דו ביסט דאָך אַ געוואַלדיקער פֿאַרדינער, מיר ווייסן דאָך! ווען דו וואָלסט געווען אַ לייט, וואָלסטו שוין היינט געהאַט אַ „ביזנעס” פֿאַר זיך, ניט געדאַרפֿט ארבעטן פֿאַר פֿרעמדע. נעם אָט די אַלע „ניוס-דילערס”

דאָס זענען דאָך אַלע גרינע יידן און איינס זענען זיי ווערט צו עטלעכע טויזנט טאָלער. און איר אַלע, דעם גאַנצן „גענג״ מיין איך? איר זענט אַ חברה ליידיק-גייערס, פוסט-און-פּאַסניקעס! מי־שטיינס געזאָגט, ביי אייך קאָן אַ ווייב לעבן אין ליידן, עסן ברויט מיטן לעפל?!

סעם האָט זיך ביי די לעצטע ווערטער צעשמייכלט, זיך צו־געבויגן צו מיסעס ריטש און איר איינגערוימט:

— אַז כ׳האָב געפּאַסט פאַר דער מאַמען, פּאַס איך פאַר דער טאָכטער, אַי-אַי!

— נו, גענוג זיך צו חכמהנען, סעם, מיר וועלן זיך שוין שפּעטער אויסשמועסן! גיב נאָר אַהער די דריי טאָלער, וואָס דו האָסט נעכטן אָפּגענומען אין סאַלון פאַר צייטונגען!

— די דריי טאָלער פאַרשרייבט אויף מיינע „ווײדזשעס״, — האָט סעם געענטפערט.

— וואָס מיר „ווײדזשעס״? — האָט מיסעס ריטש אַ קוויטש געטאָן — שוין די דריי טאָלער אַהער! קיינע „מאָנקי-ביזנעס״! דיר קומט גאָרניט און אויב עס געפעלט דיר ניט, ברעך הענט און פיס אַרויס! ביסט נאָך דערוויילע מיין מאַן און מיין איידעם ניט, הערסט? גנבים, סאָקערס! איך, אַ שוואַכע אלמנה מיט קליינע יתומים, מיט אַן אַלטן קראַנקן טאַטן איבערן קאָפּ, מוז געבעך פאַרשוואַרצט ווערן, ניט שלאָפן קיין נעכט — — — און פאַר וועם? פאַר אַזעלכע ליידאַקעס, רוסישע שנאָרערס!

סעם האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיין מיסעס קריגט זיך מיט אים, אַז נאָך היינט וועט די „גאַליצקע־גנב״ (אַזוי פלעגט ער זי תמיד רופן) אים איבערבעטן און כּלומרשט אַן אָנגעברוגזטע וועט זי אים מוסרן, אַז אויב ער וויל איר טאָכטער, טאָ זאָל ער זיך ניט אַרומשלעפּן מיט אַנדערע נקבות.

מיסעס ריטש איז זיך דערווייל פאַרגאַנגען אַלץ העכער אויף איר קוויטשיקן אַלט, געמאַכט אַזעלכע קולות, אַז אַלע אין שטוב האָבן זיך אויפגעכאַפּט.

דער אַלטער משה האָט זיך באַוויזן אין דער טיר אין אַ צעפּראַלטן שלאָפראָק מיט צוויי פּאָמפּענעס. אַרטור האָט אים גע־

האַלטן פאַר די פּאָלעס און געשפּילט מיטן זיידן אין פערדלעך. הערדי איז אַריין אין די גאַטקעס, אָנגעכאַפּט די מוטער פאַר אַ האַנט און זי גענומען שלעפּן:

— זע נאר, זיך צעריטשעט! קום שוין, קום! גיי עפן דעם „סטאָר” בעסער!

מיסעס ריטש איז געוואָרן מיט אַמאָל שטיל, גלייך מען וואָלט איר הענט און פיס אָפּגענומען, און גענומען אַרויסגיין מיט הערדין. זייענדיק שוין ביי דער טיר, האָט זי זיך ערשט אַרומגעזען, אַז הערדי פירט זי אַרויס, האָט זי פון פאַרדרוס אים אַ וואָרף געטאָן פון זיך, זיך אויסגעדרייט און אויף דאָס ניי אָנגעהויבן איר פּזמון:

—גנבים! סאָקערס! כ׳וועל אייך אײנס ביי אײנס דורכטרייבן! וואָס? כ׳וועל זיך קומען אנפרעגן ביי הערדי סמאַרעק, צי איך זאָל שרייען, צי ניין? אַ ניט דערלעבן וועט ער עס! קיינער האָט מיר דאָ קיין דעה ניט צו זאָגן! כ׳ווייס ניט? זיך צונויפגעשלאָגן די קעפּ, די גאַנצע באַנדע און אַלע אַנטקעגן מיר! און דו, ליטוואַק — האָט זי זיך געווענדעט צו סעמען — דו זאָלסט זיך ניט דערוועגן ווייזן אויף די אויגן אָן די דריי טאָלער, הערסט? — און צוקלאַפּנדיק די גלעזערנע טיר איז זי אַריין אין צווייטן צימער.

דער אַלטער משה האָט אויסגעגלייכט עטוואָס זיין אייגעהויקערטע פיגור און מיט אַ טריט פון אַ היימישן יורד איז ער צו צו סעמען. ער האָט גערעדט מיט אַ ווייכן למד און געהאַט אַ טבע צו פאַרציען פיל ווערטער, ווי למשל: שיסעלע, קיעלע.

— גוט מאָרגינג! — האָט ער אָנגעהויבן און אַ בויג געטאָן די קניען ווי אַ ייִד צו שמונה־עשרה — נו, סעמעלע, אַז מען האָט שוין אַ סכסוכל, דאַרף מען אַזוי שרייען? מען האָט דאָך געקאָנט מיינען, כ׳ווייס וואָס? אַ שיפעלע איז חס וחלילה אונטערגעגאַנגען! און אין גאַנצן גייט עס אין דריי טאָלער! פע, גאָרניט שיין! ספּאַסט פאַר אַ יידענע! כ׳בין אויך אַמאָל אַביזנעסמאַן געווען, ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך אַ בעלן געוועזן מיט „פינוועריל” אַ סיגאַרל פאַררויכערן און ניט, פאַרשטייסטו מיך, אַבי ווער? געפירט „ביזנעס” אין די שווערע טויזנטער! אַ ליווראַנט בין איך געווען, אַ ליווראַנט אין קייזערלעכן הויף! ער שפּילט זיך מיט מיר, כאַ, כאַ, כאַ! דו

פֿאַרשטייסט! דו פּרא אדם בצורת פֿערד! און אַזוי ווי כ׳רעד מיט דיר פּה אל פּה, האָב איך גערעדט מיטן קייזער, מיט פראַנץ יאָזעפֿן. זאָל לעבן! נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. יעס. מיר טענהן דאָך היינטיקע צייטן — — —

סעם האָט דעם אַלטן משה כּמעט ניט פֿאַרשטאַנען, ניט געקאָנט צעקייען דעם אַלטנס עברי, געוווּסט, אַז ער זאָגט קיין איין וואָר וואָרט ניט, פֿונדעסטוועגן האָט ער אים ליב געהאַט און אָפֿט פֿאַרבראַכט מיט אים.

סעם איז ניט געווען אויפֿגעלייגט אויסצוהערן דעם אַלטנס מעשׂיות, געווען זיכער, אַז דער אַלטער וועט אַזוי לאַנג „האַקן אַ טשייניק״, ביז ער וועט דורך פֿאַרשיידענע קונצן בײַ אים אַרויסקריגן עטלעכע סענט, זאָט ער אים באַצייטנס געגעבן אַ צען סענט־שטיק, אַבי פּטור צו ווערן פֿון אים.

דער אַלטער האָט זייער קינציק אַרײַנגערוקט די מטבע צווישן צוויי פֿינגער, געכאַפּט פֿאַר שׂמחה אַרטורן, וועלכער האָט זיך געשפּילט מיט ספּאָרטן, און איז אַרויס פֿון צימער.

מיט אַמאָל איז אין שטיבל געוואָרן טונקל. די לאָמפּ אין דרויסן האָט אַ צאַפּל געטאָן און דאָס שטיבל איז געוואָרן אָפּגעגאָסן מיט אַ מאַטע רויטקייט. נאָך אַ רגע — אַלץ איז צעשווימען און עס איז געוואָרן שטאָק־פֿינסטער.

סעם איז גיך אַראָפּ פֿון בעטל, איז צו צום קראַן מיט וואַסער און זיך גענומען איינוואַשן, אַרויסלאָזנדיק בשעת מעשׂה מאָדנע קולות. ער האָט גיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך אַ פּאָר הויזן, אַ פּאָר לייוונטענע שיך צו שנורעווען, אַ שוואַרץ העמדל מיט אַן איבערגעלייגטן קאָלנער, אַריבערגעוואָרפֿן אַ לאַנגן פּאַסעק איבערן אַקסל, זיך פֿון פֿאַרדרוס פֿאַנאַנדערגעפּייפֿט און אַרויס מיט ספּאָרטן אויף דער גאַס.

# ג

אויף דער גאַס האָט זיך סעם אָפּגעשטעלט, אָנגעפּאַקט זיין פּייפ מיט טאַבאַק און פאַרצויגן. עס איז נאָך געווען פינסטער, נאָר דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין געוויזן סמנים פון מאָרגן, ווי ער רייסט זיך, שלאָגט זיך דורך אַ וועג.

פון אַ זייטיק געסל איז אָנגעקומען אַ וואָגן מיט מילך געשפּאַנט אין איין פערד. דאָס פערד האָט זיך פאַרקערעוועט אָן בעל־הבית און זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ מויער. באַלד איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ קאָרידאָר אַ יונג אין איין העמד מיט הויזן, אַ פייף געטאָן, און דאָס פערד האָט זיך גערירט פון אָרט.

איבערן טראָטואַר האָט זיך געשלעפּט אַ יונג אין ווייסן, ווי אַן אויסגעבאַקנער. ער האָט געפירט מיט אַ געפילדער אַ וועגעלע געבעקס. פון געבעקס האָט זיך פאַרשפּרייט אַן אָנגענעמער ריח, וואָס רעגט און מאַכט אַפּעטיט. סעם האָט אָפּגעשטעלט דעם יונג, געקויפט באַ אים אַ ביטל מיט פּאָנטשעס און געשפּרייזט ווייטער.

מיסטער פּאָלאַק, אַ פעטער „סאַלון־קיפּער“, מיט אַן אָנגעלאָפן פּנים, מיט וואַסערדיקע אויגן, וואָס מאַכט דעם איינדרוק, ווי ביים ערשטן שטאָפּ צעגיסט ער זיך, איז סעמען גלייך אין פּנים אָנגעקומען, זיך געזעגנט וואָלט אַ דריי אויס טאָן. באַלד זיך מישב געווען, אַז עס איז צו שפּעט און זיך געגריסט:

— האַלאָ, סעם!

— האַלאָ, מיסטער פּאָלאַק! וואָס טוט איר דאָ אַזוי פרי?

— ביזנעס, ווייסט ניט — האָט פּאָלאַק געשטאַמלט — דיינע אַמע־ריקאַנער דאָקטוירים, די קאַנאַוואַלן, רעדן מיר איין, אַז כ׳בין קראַנק. הייסן טרינקען בלויז וואַסער, זיך דורכגיין אַ ביסל, אַזוי אַ פיר און צוואַנציק שטונדן אין מעת לעת, כאַ, כאַ, כאַ! און העלפן וועט עס, ווי אַ טויטן באַנקעט! יאָ, „יעס־סיר“, נו, „גוט־באַי“, סעם. — און ער איז אַוועקגעגאַנגען

— אַן אַלטער „פּייקער", וויל פֿאַררעדן די ציין! — האָט סעם צו זיך געזאָגט.

סעם האָט געוווּסט, אַז פּאָלאַק איז פֿאַרליבט אין מיסעס ריטש איבער די אויערן, וואַרט זי יעדן טאָג אָפּ ביים הויז און העלפֿט איר עפֿענען דעם „סטאָר".

ער האָט אויסגעשפּיגן, געגאַנגען ווייטער און אין מח בײַ אים האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט זיין מיסעס:

— ווערט זי פֿאַרכאַפּט מיט אירע ציימונגען צוזאַמען!—האָט סעם צו זיך גערעדט—כ'וועל מיט איר רעדן פּראָסטע דבורים, זיך ניט לאָזן אַרומפֿירן בײַ דער נאָז, מיר אַלץ איינאיינעם אויפֿוואַרפֿן, אַז כ'בין ניט קיין פֿאַרדינער! און אויב כ'געפֿעל איר ניט, האָט זי אַ ברירה! וואָס מיינט זי, וואָס? כ'בין ווי יענע גרינע „קאַיקס", וואָס פֿאַרדינען זעקס טאָלער אַ וואָך און שפּאָרן זיבן? „טהע-העלל"!

אין אַ קאָרידאָר איז געשטאַנען אַ יונגער פּאָליסמאַן געאַרעמט מיט אַ מיידל. סעם זעענדיק דאָס פּאָרל האָט זיך צעזונגען:

— „Everybody is doing it.
is doing it.
is doing it!"
(„— — יעדער איינער טוט עס, טוט עס, טוט עס"!)

און צוגעקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן אויפֿן טראָטואַר.

פֿון קאָרידאָר האָט זיך געהערט אַ געלעכטער.

סעם האָט אָנגעהויבן גיכער שפּאַנען.

אַ פּאַרטיע איטאַליענער אין קאָלירטע העמדלעך, מיט ברייטע שטרויענע קאַפּעליושן, מיט בלאַנקענדע שפּאָדלעס אויף זייערע אַקסלען זענען אים אַנטקעגן געקומען. זיי האָבן געגאָדערט ווי גענז, געוואָרפֿן גיך צום טאַקט מיט זייערע הענט און געקלאַפּט מיט זייערע היימישע שטיבלעטן.

— שטילעטא, קאַפּושעטא, פּאַלאַצעטא! — האָט סעם זיי גוטמוטיק נאָכגעמאַכט. די איטאַליענער האָבן זיך איבערגעקוקט, צושמייכלענדיק און איינער אַ יונגער האָט אים געוויזן אַ צונג.

פֿון דערווייטנס האָט שוין סעם דערזען די „ניוס-דילערס". זיי זע-נען געווען צעוואָרפֿן איבער אַ האַלבן „בלאָק", געסטאַטירט זייערע צייּ-

טונגען, וואָס זענען יעדע פופצן מינוט אָנגעקומען מיטן „עלעווייטער". דאָס רוב „גיוס־דילערס" זענען געווען יידן, עטלעכע אַמעריקאַנער יונגען און צוויי דייטשע „פריילײנס". די יידן זענען אַליין ניט געקומען נאָך די צייטונגען, זיי האָבן געהאַלטן מענטשן, דאָס רוב סטודענטן — בלײַכע בחורים מיט לענגלעכע האָר און ניט געראַזירטע פּנימער, וואָס האָבן פּאַר דריי טאָלער אַ וואָך צעטראָגן יעדן פרי־מאָרגן די צייטונגען אי־בער די הייזער.

די סטודענטן פלעגן זיך צונויפקלייבן אין אַ ווינקל, פּאַרזויערטע, ניט אויסגעשלאָפענע, זיך צוזעצן אויף אַ טרעפּ, פון לאַנגווייליקייט פּאַר־ציען עפּעס אַ דעבאַטע איבער אַ רוסישע פראַגע און דרעמלען. די שקצים מיט סעמען אין דער שפּיץ פלעגן אויפזוכן אַ שמאַטע, זי איינטונקען אין וואַסער און אַ שלײדער טאָן אין דער קופּע. די בחורים פלעגן זיך אי־בערטרייסלען און בורטשען. סעם האָט זיי אַלע פיינט געהאַט, זיי גע־טאַפּט פאַר די הענט צי זיי האָבן מוסקולן און די בחורים פלעגן אויס־גלאָצן זייערע קרענקלעכע אויגן און נאַריש שמייכלען: „געטראָפן ס׳אָרט !"

ליוואַי, אַ נידעריק יידל פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ קאָסע אויג און מיט אַ פּאָר צוגעשוירענע, שטייפע ווי נאָדלען, וואָנסן האָט געסאָרטירט זיינע צייטונגען און געזונגען מיט אַ ראש־השנה־ניגון !

—אוי—אוי—יאוי—אוי—יאוי—האַ—האַ—אַ—האַ—אַ.

און אַ הויכער געלער יונג האָט אונטערגעכאַפּט:

—ה—מ—ל—ד !

לעבן זיי איז געשטאַנען מיס בעקער, אַן עלטערע דייטשע מויד, אַרומגערינגלט מיט עטלעכע שקצים. מיס בעקער האָט גענומען אַ זעמל, דורכגעצויגן אַ שטריקל עס זאָל אויסזען ווי אַ של־ראש, זיך אָנגעטאָן אויפן קאָפּ, זיך געשטעלט אין אַ ווינקל און נאָכגעמאַכט מיט ווילדע קולות, וואַרפנדיק מיט די הענט און מיטן גאַנצן קערפּער, ווי יידן דאַווענען.

אַלע, סיי גוים, סיי יידן, האָבן געפּלאַצט פון געלעכטער.

סעם האָט בטבע פיינט געהאַט אַלע יידישע „סאָנגעס". ער איז אַליין אַ גרויסער בעלן געווען אָפּצולאַכן ווי יידן רעדן ענגליש, ווי זיי

מאַכן משונהדיקע העויות בשעת זיי רעדן, נאָר אַז ער פלעגט זען ווי אַ גוי טוט עס, פלעגט ער אַן אויפגעקאָכטער ווערן.

ער איז אַ בלאַסער אַרויף אויפן „עלעווייטער", אַראָפגעכאַפּט זיינע צוויי פעקלעך צייטונגען, זיי אויסגעסאָרטירט און איינגעשנורעוועט אין פּאַסעק. די מויד איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געבלעקעצט. סעם האָט אַוועקגעגעבן הערריין, וואָס האָט נאָר וואָס געעפנט דעם „סטענד", זיין פּאַק צייטונגען, גענומען מיט בעקערס „פּושקאַרט", פּאַמעלעך אים צוגעפירט צו איר און זי הינטערוויילעכס אַ זעץ אַריינגעטאָן אין וועגעלע.

דאָס „פרויליין" האָט געמאַכט קולות, זיך געריסן, נאָר סעם איז געפלויגן מיטן וועגעלע איבערן טראָטואַר, ווי אַ רוח. ספּאָרט איז געשפּרונגען אויף אַ פּריער מיט אַ בילעריי, זיך געוואָרפן אויף דער מויד. זי האָט פאַרריסן אירע נאַקעטע פיס און געשאַלטן. סעם האָט ניט געענטפערט. ער האָט זי צוגעפירט צו דער צווייטער סטאַנציע פון „עלעווייטער" און זי אָפּגעלאָזט. ער איז גיך אַוועק, געכאַפּט די צייטונגען, זיי אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל און אַן אויפגערעגטער זיך געקליבן אין וועג אַריין.

— האַלאָ, סעם! — האָבן אים עטלעכע חברים אָפּגעשטעלט.

— האַלאָ, באָיס! ווי גייטס? — האָט סעם געענטפערט.

סעם איז אָבער קיין נאַר ניט געווען, ער האָט געוווסט, אַז עס וועט באַלד גיין אַ סדרה פּאָלי — שווייגט ער, קוקט מיט שטאָלץ אויף זיינע חברים.

— נו, — האָט אים איינער אַ שטופּ געטאָן מיטן עלנבויגן — ביסט „אָל־רייט", סעם! הפּנים פּאָלי גלייכט דיך! — —

— דאָס ווייס איך — האָט סעם געענטפערט מיט אַזאַ צווייידייטיקן שמייכל, ווי איינער זאָגט: „ניט נאָר זי גלייכט, ברודער, נאָר זי ווערט פשוט פאַרכאַפּט פאַר מיר".

— און אַלעק מיינסטו וועט דיר שוויגן? — האָט אַ צווייטער געזאָגט — איטאַליענער שווייגן ניט. — —

— „וואהאט טהע העלל"! ווער האָט מורא, ווער? און איצט, חברה, „גוט־באַי", מיר וועלן זיך דאָך טרעפן פאַרנאַכט אין סאַלון — און געוואָלט אַוועקגיין.

— אַלעק האָט נאָר וואָס געפרעגט אויף דיר — איז הערדי צו און אים איינגערוימט אַ סוד.

— נו? — האָט סעם געפרעגט.
— כ׳האָב געזאָגט, אַז דו ביסט אַוועק אויפן „ראָום״.
— און ער?
— ער האָט גאָרניט געענטפערט. מיר דאַכט זיך ער איז געגאַנגען צו דזשעראַם=וועלדל.

סעם האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן פאַר זיין הינטערשטער הויזן=קעשע=נע, אַ שפּיי געטאָן און איז אַוועק. ער איז אַרויס אויף אַ זייטיק וועגל, ווו קליינע פּריוואַט - הייזלעך זענען געשטאַנען. ער האָט שנעל געדרייט די ציימונגען אין רוירן, זיי געפּאַלדעוועט, פלינק געוואָרפן אויף די ווערענדעס. פון מאָל צו מאָל האָט ער ספּאָרטן געגעבן אַ ציימונג אין פּיסק אַריין. דער הונט איז פאַרשווונדן, איז באַלד צוריק מיט אַ העשע און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ נייע שליחות. סעם האָט געשפּאַנט און געפּילט, ווי דאָס פּעקל ווערט גרינגער. ער האָט זיך יעדע ווײַלע אַרומגעקוקט, געווען זי־כער, אַז אַלעק ליגט ערגעץ אויף אַ „לאָט״, הינטער אַ קוסט און קלייבט זיך אים איבערפאַלן. ער האָט מיט אַמאָל דערפּילט אַ גע־וואַלדיקן חשק, אַז אַלעק זאָל אַרויס מיט אַ רעוואָלווער, צי מיט אַ שטילעט, אים פאַרשטעלן דעם וועג, פרעגן אַ פרעטענזיע — — ער איז געווען זיכער, אַז פריער אָדער שפּעטער און איינער וועט מוזן אָפּטרעטן, דען פאַר זיי ביידע איז קיין פּלאַץ נישטאָ. סעם האָט מיט אַמאָל אַ ציטער געטאָן און זיך אָפּגעשטעלט.

פון אַ גרויסע גוס-אייזערנע רויר, וואָס איז געלעגן אין מיטן וועג אָנגעגרייט פאַר וואַסער-ליימונג, האָבן אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר שוואַרצע, ערטערווייז אָפּגעסמאַלעטע פּיס. די פּיס האָבן זיך גענו־מען באַוועגן און אַ מענטש איינגעהילט אין ציימונגען האָט ביס־לעכווייז גענומען אַרויסקוקן פון דער רויר. ער האָט זיך אויסגע־גלייכט, צעשפּרייט די פּיס, אַריינגעמאַכט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און ציענדיק ווי אַ זשיראַף זיין לאַנגן, דאַרן האַלז, האָט ער זיך צוגעזעצט. דער קאָפּ איז געווען צעשויבערט, באַדעקט מיט שטיקלעך פּאַפּיר און די האָר האָבן אויסגעזען ווי פאַרוויאַנעט גראָז.
— העי, ביל — האָט ער זיך געווענדעט צו סעמען, שפּייענ־דיק אין אַלע זייטן — האָסט אפשר אַ סיגאַרעט?

— גאָ, סער — האָט סעם געענטפערט — טאַבעק האָב איך!
— אָל-רייט! גיב „אונז" טאַבעק!

ער האָט גענומען אַ שטיק צייטונג-פּאַפּיר, אויסגעוויקלט אַ סיגאַרעט, פאַרקלעפּט מיט דער צונג, אַרויסגענומען אַ שוועבעלע, אָנגעריבן אָן די גלאַנציקע ווי לעדער הויזן און פאַרצויגן. ער האָט איינגעקאָרטשעט זיין לאַנגן האַלז צווישן די אַקסלען און אַ הינקעדיקער פאַרשווונדן צווישן די ליידיקע „לאטס".

סעם האָט נאָכגעקוקט דעם טרעמפּ. און כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז זיי ווערן דערהרגעט אין די טויזנטער יערלעך, אַז זיי גנבענען זיך אויף די צוגן, ליגן הינטער די וואַגאָנעס אויף די רעסאָרן און מען שליידערט זיי אין שנעלן לויפן אַרונטער, פונ-דעסטוועגן האָט אים דאָס פרייע טרעמפּישע לעבן פון תּמיד אָן געצויגן און איינער פון זיינע שענסטע חלומות איז געווען אַוועקצו-פּאַטשן אין אַ פראָסטן פרימאָרגן, אָן אַ זיי געזונט אין דער ווילדער „וועסט".

סעם האָט אויסגעטיילט די לעצטע צייטונגען. ספּאָרט איז גע-לאָפן אויף אַ פריער מיט אַן אויסגעשטרעקטע צונג — אַ סימן עס וועט זיין אַ חמימה. ער האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די קלענערע הינט, וואָס האָבן מיט אַ הינטישע חניפה זיך געלעקט צו אים, געדרייט מיטן עק. און אַז אַן עזות-פּנים האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט זיינע פאָדערשטע לאַפּעס אָן ספּאָרטס רוקן — האָבן אים שוין מער קיין צרות ניט געפעלט. דערפאַר, אַז ער האָט געטראָפן זיינס אַ גלייכן, האָט מען זיך אָפּגעגעבן שלום מיט די שנוקעס, זיך באַ-שמעקט, פיל מאָל חשק געהאַט צו פאַרציען די באַקאַנטשאַפט, נאָר ווי אויף צו להכעיס האָט זיך תּמיד דערהערט סעמס פייף און ספּאָרט איז אַ פאַרליבטער אַוועק צום בעל-הבית.

פון די הייזער האָבן זיך שוין גענומען אַרויסשיטן מענטשן מיטן לעצטן ביסן אין מויל און מיט האַלב אָנגעטאָנענע רעקלעך, פאַרשלאָפענע מיידלעך זענען אַרויס מיטן מיטאָג, איינגעוויקלט אין פּאַפּיר אונטער די אָרעמס, און מיט דיקע ראָמאַנען אין די הענט. זיי האָבן זיך פאַרגאַפט אַרומגעקוקט, אינסטינקטיוו אַ צי געטאָן מיט דער האַנט איבער דער לענג פון קלייד צו זען, אויב

דאָס אונטער-ק״יד זעט זיך ניט אַרויס, אָפּגעזיפּצט און זיך געלאָזט צום „שאַפּ“. די מענער, אַלט און יונג, האָבן אויטאָמאַטיש געפרעגט פאַרביילויפנדיק סעמען: „האו וואָן“? — ניט געוואַרט אויף אַן ענטפער און געלאָפן ווייטער. דאָס האָבן זיי געפרעגט וואָס פאַר אַ פּאַרטיע האָט געוווּנען דעם „בייז-באָל גיים“. סעם האָט זיי נאָכגעקוקט, זיך געווונדערט, ווי זיי קאָנען דאָס זיצן גאַנצע טעג אין שאַפּ און אַרבעטן. און אים איז איינגעפאַלן, אַז דעם טרעמפּ, וועמען ער האָט געזען אַרויסקריכן פון דער רויר, איז אפשר בעסער פון זיי

עס האָט זיך אים פאַרוואָלט עסן. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט, איז אַריין אין ערשטן פעדערהויז, צוגענומען אַ פלאַש מילך, וואָס איז געשטאַנען נעבן אַ טיר, אַרויסגענומען עטלעכע זעמל פון אַ בייטל און געגאַנגען צו דזשעראָם-וועלדל.

דאָס וועלדל איז באַשטאַנען פון גרויסע צעשפּאָלטענע סקאַלעס. פון די שפּאַלטן האָבן אַרויסגעוואַקסן וועלשענע ביימער. דאָס גאַנצע וועלדל האָט זיך געטוקט אין זון. שטראַלן מיט שטראַלן האָבן זיך געשפּילט, געפלאָכטן, זיך צונויפגעגאָסן אין ברייטע זילבערנע פאַסן, געטיילט דאָס וועלדל.

סעם איז צוגעקומען צום וועלדל און זיך מיט אַמאָל דערפילט אַזוי פריי — כאָטש נעם און שטעל זיך אויפן קאָפּ!

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ זילבערנער זייל איז אַרויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן, געוואַקסן אַלץ העכער, זיך געריסן אין הימל אַריין און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט-אָט און דער זייל פאַלט. דער זייל איז באַשטאַנען פון קליינע זילבערנע פליגעלעך, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין באַוועגן זיך. דער הונט האָט זיך עטלעכע מאָל אַוואָרף געטאָן אויפן זייל מיט אַן אָפן פּיסק, דאַכט זיך געמאַכט אַ לאָך און גלייך ווי דער הונט איז אָפּגעשפּרונגען איז שוין קיין זכר פון לאָך ניט געווען.

סעם האָט געוווּסט, אַז דער פלאַץ איז זומפּיק, האָט ער אים אויסגעמיטן, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ סקאַלע הינטער אַ בוים. ער האָט געעפנט די פלאַש און גענומען טרינקען פון העלזל. ניט ווייט פון סעמען הינטער אַ צווייטן בוים איז געזעסן דער טרעמפּ. ער

האָט עפּעס אַרויסגעגעסן פון אַ פּאַפּיר און פאַרטרונקען מיט מילך פון אַ פלאַש. ספּאָרט האָט אַפּנים דערשמעקט פלייש און זיך צע־בילט. סעם האָט זיך אַרומגעקוקט, דערזען דעם טרעמפּ, און דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. ער האָט אַליין ניט געוווסט, פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרשעמט, געלאָזט ליגן די פלאַש און געוואָלט אָפּציען דער טרעמפּ זאָל אים ניט באַמערקן.

— העי, ביל — האָט ער דערהערט דעם טרעמפּס שטימע — קום אַהער, וועסט אַ ביס טאָן, צוזאַמען וועט זיין היימלעכער און הונגעריק ביסטו דאָך געוויס ווי אַ שול־מויז!

סעם האָט זיך פאַרלוירן, געוואָלט עפּעס ענטפערן, פון פאַר־דרוס אַ שפּיי געטאָן און גיך אַרויס פון וועלדל

## III

אַרויסקומענדיק פֿון וועלדל האָט סעם באַמערקט, ווי אַ מענטש וואַרפֿט זיך אויף אים. און איידער ער האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן האָט ער דערהערט: „הענדס אָפּ!" און דערפֿילט, ווי אַ פּאָר הענט נעמען אים פֿעסט אַרום.

סעם איז עטוואָס צעטומלט געוואָרן, אינסטינקטיוו דערפֿילט, אַז דאָס מוז זיין אַלעק און זיך אַ ווילדן ריס געטאָן. פֿאַר אים איז געשטאַנען דזשייק אין אַ פּאָר אויסגעדריוולטע הויזן, פֿון וועלכע עס האָט זיך געדאַכט, ער איז שוין לאַנג אויסגעוואַקסן, זיך געהאַלטן פֿאַר די זייטן און געלאַכט.

— גיי צו אַלדע וויסטע יאָר, דו פֿאַרפֿוילטער העכט! — האָט סעם אַן אויפֿגערעגטער געזאָגט, נאָר זעענדיק דזשייקן אין זיינע געקעסטלטע מייטקעס, מיטן אָפֿענעם האָריקן לייב, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און זיך צעשמייכלט. ער האָט דזשייקן גוטמוטיק אַרומגענומען, אים געבומען דרייען אין אַלע זייטן, באַטראַכטנדיק אים פֿון קאָפּ ביז פֿיס:

— אַ הילוכל גנב! האַ, האַ, האַ! — האָט זיך סעם האַרציק צעלאַכט.

— לאָז געמאַך, דו פֿאַרשטאָפּטער מח! — האָט דזשייק געענטפֿערט עטוואָס אַ באַליידיקטער. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿון סעמס הענט און אַ וואַקלענדיקער זיך קוים דערהאַלטן אויף זיינע פֿיס.

— ביסט אַ נאַר — האָט סעם געשמייכלט — כ'מאַך אַ שפּאַס און דו „בוב" באַליידיקסט זיך.

אַז דזשייק האָט זיך געפֿילט בגלופֿין, האָט ער' געהאַט אַ שוואַכקייט צו רעדן מיט דער שפּראַך פֿון שערידאַנס און שעקספּירס העלדן.

— סילענסיום — האָט דזשייק אויסגעשריגן, אַריינגעשטעקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס —

עס שטייט דיר פּילייכט ניט אָן צו גיין מיט מיר ? דו שיסל-לעקער ! דו כּאַריזמאַטער, הונט=שלעגער ! איגנאָראַמוס ! יעדער „אינטש“ אין מיר איז אַ דזשענטעלמען ?

דזשייק זעענדיק, אַז סעם האַלט אין איין שמייכלען, האָט ער פון פּאַרדרוס געגומען שילטן זיין מאַמען, זיין טאַטן, זיינע פּאַרגאַנגענע דורות, זיינע קומענדע דורות, ביז דעם פערטן געבורט.

— צו אַלדע יאָר, וואָס גאָדערסטו ? — האָט סעם זיך אַזוי הילכיק און האַרציק צעלאַכט, אַז דזשייק האָט ניט ווילנדיק געמוזט מיטלאַכן.

— רעד מענטשן זאָלן פּאַרשטיין, אַז דו רעדסט כינעזיש — —

דזשייק האָט מיט דער גוטסקייט פון אַ שכּור אָנגעכאַפּט סעמען פּאַרן אָרעם, אים עטלעכע מאָל געקושט, געקלאַפּט אויף דער פּלייצע און צייטריק גערעדט :

— ביסט אַ „גוט=באָי“, סעם ! כ׳האָב דיך ליב ! גיב אַ האַנט, אָט אַזוי ! מיר וועלן זיין פריינט ! כ׳האָב דיך נאָר וואָס באַליידיקט, מיאוס באַליידיקט, אַן אַנדערער וואָלט מיר די אויגן אונטערגעשלאָגן ! אָבער דו קענסט דזשייקן, אמת ?

סעם האָט זיך פאַרלוירן פון דזשייקס ווערטער, געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר מער ווי אַ צוג מיט די אַקסלען האָט ער ניט געטאָן.

— איצט, ברודער — האָט דזשייק ווידער אָנגעהויבן — מוזטו גיין מיט מיר, מיר מוזן אָפּשווענקען אונזערע פייפלעך, טרינקען ברודערשאַפט, ווי דער שוואָב זאָגט : ניט געזאָרגט, סעם, איך צאָל !

זיי זיינען אַריין צו פּאָלאַקן אין סאַלון, זיך אַוועקגעזעצט ביים צאָל=באַנק, אָנגעשפּאַרט איין פוס אָן דעם מיט קופּערנע בלעך באַשלאָגענעם שטעקן, וואָס האָט זיך געצויגן דורך דער גאַנצער לענג פון דער צאָל=באַנק, און געבעטן צו גלעזער בראָנפן.

דער סאַלון=קיפּער האָט אַוועקגעשטעלט אַ פלאַש בראָנפן מיט שמאָלע גלעזלעך און זיך געווענדעט צו סעמען :

— דו ווייסט, סעם, כ׳האַלט דאָך ביים קויפן מיסעס ריטשס „סטאָר“ ?

— אבי ניט די מיסעס — האָט סעם זיך צעלאַכט און אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראָנפן — „נא העט“, מיסטער פּאָלאַק, קויפט דעם „סטאָר“, און מיר אַ „רייז“ איז דאָך אָפּגערעדט, האַ ?

— ווי דען, ווי דען — האָט פּאָלאַק געשמייכלט און ווילעריש אַ פרעג געטאָן — און אַז כ׳וועל קויפן אי די „מיסעס״, אי דעם „סטאָר״?

— איז נאָך בעסער! דעמאָלט, מיסטער פּאָלאַק, פאַרזיכער איך אייך, אַז איר וועט שוין קיין ביטער וואַסער ניט דאַרפן טרינקען — —

— האָ, האָ, האָ! — האָט דער אַלטער זיך צעלאַכט און געקלאַפּט סעמען אויף דער פּלייצע — „טהאטס ע׳ גוט וואָן!״ יאַ, „יעס סיר״. אָבער נאָך אַלע קונצן איז מיסעס ריטש אַ בריה, האַ? ווי כ׳זע גלייכסטו אַפּנים דעם „ספּרינג-טשיקען״, פּאָלין — האָט דער אַלטער סעמען אַ קיצל געטאָן און גענומען אָנגיסן אַ קעסעלע ביר.

פונקט ווי בײַ אמתע שכורים, בײַ וועלכע דער בלויזער ריח פון בראָנפן איז גענוג, אַז אַלץ אַרום זאָל ווערן גרעסער און שע-נער — אַזוי האָט דזשייק נאָכן צווייטן שנאַפּס דערפילט, אַז ער וואַקסט העכער און העכער, אַז נאָך אַ רגע און זיין קאָפּ וועט דורכשלאָגן דעם סופיט. אַלץ האָט בײַ אים אויסגעזען שענער, אַפילו דער צעגאָסענער שענקער מיט די וואַסערדיקע אויגן האָט בײַ אים אויסגעזען ווי אַ נאָבעלער מאנדארין נאָר אָן אַ צאָפּ. ער האָט דערפילט ווי׳ דער מח ווערט ריינער, אַרבעט שנעלער און עס האָט בײַ אים דורכגעבליצט, אַז סעם איז אַ פאַרשטעלטער ריטער פון עליזאַבעטס צייטן, פאָרט אויף זיין צוגאָווע פערד לאַנד-איין, לאַנד-אויס און זוכט

„A Lady From a Far Country"

אין עק צאָלבאַנק איז געשטאַנען אַ ניגער מיט אַן אַראָפּגע-לאָזטער ליפּ ווי אַ שמאַטקע איבער אַ גלאָז ביר און געמאַכט אַ מינע ווי ער קלויבט זיך כאַפּן אַ דרעמל.

דזשייק האָט אָנגעגאָסן אַ שנאַפּס און זיך געווענדעט צום ניגער:

— האַלאָ, דזשימי! נאַ, מאַך אַ שנעפּסל!

דער ניגער האָט אַ שמייכל געטאָן, צוגעגאַנגען אַ ביסל זיכערער, ווי איינער וואָס רעכנט, אַז ווען ער וועט צוקומען, וועט מען אים אָנשטאָט בראָנפן ווייזן אַ פייג. ער האָט גענומען דאס גלעזל אין

זיינע מאַלפּישע הענט, פֿאַרקאַטשעט די ליפּן, געדריקט דזשייקן די האַנט און פֿאַלנדיק פֿון די פֿיס, האָט ער אַ האַסטיקן טרונק אויסגעטאָן דעם בראָנפֿן.

דער ניגער האָט פֿאַר גרויס שׂמחה אַרויסגעכאַפּט אַ זילבערנעם דאָלאַר, אַ וואָרף געטאָן אויף דער צאָלבאַנק און באַשטעלט דריי שנאַפּסן מיט אַמאָל. דזשייקס ריטערשע נאַטור האָט זיך געפֿילט באַליידיקט, וואָס אַ ניגער איז אים מכבד, האָט ער זיך געכאַפּט פֿאַר זיינע ליידיקע קעשענעס, געשטופּט דעם ניגער דעם דאָלאַר צוריק און געשריען, אַז ער וועט צאָלן. דער ניגער האָט פֿאַרגלאָצט זיינע עטוואָס מיט בלוט אָנגעגאָסענע אויגן, געגאַוועט, זיך געוואַקלט און געשריען, אַז ער מוז צאָלן, אַז כאָטש ער איז אַ ניגער האָט ער דאָך אַ סך געלט, אַז אפֿילו לינקאָלן, דער גרעסטער מענטש, וואָס די וועלט האָט אַמאָל געהאַט, האָט געטרונקען ברודערשאַפֿט מיט ניגערס, אַז — — — ביז ביידע האָבן זיך פֿאַר גרויס ליבשאַפֿט אַרומגעכאַפּט, זיך גענומען קושן און סמאָטשקען מיט די ליפּן ווי מיט בייטשן.

סעם האָט זיי עטלעכע מאָל געוואָלט פֿאַנאַנדערשיידן און יעדעס מאָל האָבן זיי זיך אויף דאָס ניי געוואָרפֿן, ווי אַ פּאָר געליבטע, אין די אָרעמס.

דער ניגער האָט זיך איבערגעבויגן צו דזשייקס אויער, אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און איינגערוימט אַ סוד, אַז אַלע האָבן געהערט.

— קום, ברודער, קום מיט מיר, האָב איך אַ ווייבל — דאָ האָט דער ניגער צוגעלייגט די שפּיץ פֿינגער צום מויל און אַ פּייף געטאָן — זי איז אַ גוט מיידל, זאָג איך דיר! „סטריקטלי" כּשר! כּי, כּי, כּי! זי איז אַ מלאך, קום! דו ביסט מיין חבֿר, אַלץ באַלאַנגט צו דיר, אפֿילו מיין ווייב, ניט וואָר?

— וואָס, דיין ווייב איז אַ ייִדישע? — האָט דזשייק אויסגעשאָסן מיט אַ האָלצערנעם געלעכטער.

— מיך אַרט ניט — האָט דער ניגער געגאַוועט — מענטשן זיינען מענטשן, ניט וואָר? באַ מיר איז אַלץ איינס: אַ ווייסער, אַ שוואַרצער, אפֿילו אַ ייִד — — — גאָט האָט אונדז אַלע געמאַכט, ניט וואָר?

— און אין גאָט גלויבסטו? — האָט דזשייק גלאָט אַזוי געפרעגט.

— אין גאָט — האָט דער ניגער איבערגעחזרט, אָנגעשפּאַרט בשעת מעשה זיין האַלז אָן דזשייקס אַקסל, ווי אַ קו אויף דער צווייטער, און געמעקעט — צי איך גלויב אין גאָט? כ׳ווייס ניט! דאַכט זיך, כ׳גלויב! ווי זאָגט אונזער גלח? אַז אַ „שאַפּ״ אָן אַ „פּאָרמאַן״ קאָן ניט זיין! דאָס איז אמת! אונזער גלח, דער גאָט פּאַרדאַמטער, איז אַ קלוגער בחור! ער זאָגט, אַז גאָט זעט מען ניט, אים פילט מען, אַלץ אַרום זאָגט עדות, אַז עס איז דאָ אַ גאָט. אַ גאָט, זאָגט ער, איז געגליכן צו אַ טכויר. אַ טכויר זעט מען ניט, מען הערט ניט, מען פילט אים אָבער, כי, כי, כי! גאָט-פּאַרדאַמטער, אונזער גלח איז קלוג, ניט וואָר?

דאָ האָט זיך דזשייק אַזוי צעלאַכט, אַז ער האָט פון גרויס שמחה אָנגעכאַפּט דעם ניגער און מיט אים אַרויסגעשפּרייזט פון שענק. ער האָט אַ שפּרייז געטאָן פון אַלע דריי טרעפּלעך און זיך אַרויסגעקייקלט מיטן ניגער אויפן טראָטואַר.

פון דעם קלאַפּ האָט זיך דזשייק אויסגעניכטערט. ער האָט פון פּאַרדרוס אַ שפּרייז געטאָן, געלאָזט ליגן דעם ניגער און אַוועק מיט סטמען. עס איז געווען צען אַ זייגער. דער טערמאָמעטער האָט געוויזן אין שאָטן 95 גראַד פאַרנהייט. הייסע כוואַליעס האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען שטייט צווישן גרויסע אויסגעהייצטע אויוונס און די פלאַמען באַקן און פּרעגלען אָן רחמנות.

זיי זענען אַריין אין פּאַרק און זיך אויסגעצויגן הינטער אַ בוים. ספּאָרט האָט איינגעקאָרטשעט זיינע הינטערשטע לאַפּעס, אויסגעצויגן די פאָדערשטע, עטוואָס פאַרזשמורעט די אויגן, אַרויסגעשטעקט די צונג, אָנגעשטעלט דעם קאָפּ גלייך אַנטקעגן דער צעפלאַמטער זון און געחלומט.

— נו, זאָג אַליין, דזשייק — האָט סעם אָנגעהויבן נאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן — זאָג אַליין, וואָס וועט זיין דער סוף? דער בראָנפן הרגעט דיך דאָך אַוועק! גלויב מיר, ווען כ׳האָב דיך געזען ליגן מיטן שמוציקן ניגער אויף דער ערד האָב איך חשק געהאַט דיר אַ קאָפּע צו טאָן אין הינטן, יאו דעמעט!

דזשייק האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך אויפגעזעצט, אויסגעשטעלט די קני ווי קראָקוועס, זיי אַרומגעגאַרטלט מיט די הענט, אָנגעשפּאַרט זיין מידן קאָפּ און זיך איינגעהערט.

— ווי לאָזט זיך אַ מענטש אַזוי אָפּ? — האָט סעם ווידער אָנגעהויבן.

— שאַראַפּ! — האָט דזשייק אים איבערגעריסן און האַסטיק אויסגעצויגן די פיס — קוק, ווער ס׳רעדט! ס׳איז ניט דיין באַבעס דאגה! כ׳בין לחלוטין ניט אויפגעלייגט דיך הערן פּריידיקן, הערסט? איך מיש זיך פיל אין דיינע פּריוואַט-אינטערעסן? דו מיינסט ס׳איז אַ סוד, אַז דו שלעפּסט זיך אַרום מיט פּאָלין? פונדעסטוועגן, מעגט איר ביידע ברעכן הענט און פיס, וועמען אַרט עס? פאַר מיר איז זי געשטאָרבן! דו פאַרשטייסט? דו פאַרשטאָפּטער מח, דו! ווען דו וואָלסט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר — האָט דזשייק געשריען און זיך געקלאַפּט מיט דער פויסט אין האַרצן — וואָלסטו קיין מאָראַל מיר ניט געפּריידיקט, דו גאָט פאַרדאַמטער, דו! דו האָסט רחמנות אויף מיר, באַווייינסט מיך וואָס פון מיר איז געוואָרן און אַליין קריכסטו מיט דיינע האָלאָבליעס, פאַרדאַמטער „שיני” אין דער זעלבער בלאָטע אַריין! האַ, ניט אמת? שפּיי אויס! דזשייקן וועסטו ניט נאַרן, ער האָט אַן אָדלער-אויג, ברודער! הע, דו יינגעלע, יינגעלע — האָט דזשייק גאָליק געזאָגט און זיך צעוויינט מיטן קאָפּ — כ׳זיץ און קוק ווי דאָס קדחת וואַרפט דיך, ווי דו ביסט נאָר וואָס פאַרפלאַמט געוואָרן ווי אַ נאַריש מיידל, ווען כ׳האָב פאָליס נאָמען דערמאָנט. און שוין באַלד דריי שטונדן ווי דו שלעפּסט זיך נאָך מיר, ווי אַ הונט נאָך אַ צויג, און האָסט אַלץ ניט דעם מוט, דו פייגלינג, דו, צו זאָגן וואָס דו ווילסט! איך אָבער ווייס וואָס דו ווילסט! זיך אויסשמועסן וועגן פּאָלין, אמת? און דו וועסט ניט מיד ווערן צו רעדן וועגן איר אַ גאַנצן טאָג, וועסט זיצן אין דרייען אַן איינגעקורטשעטער, מיט דער סלינע אין מויל און זיך איינהערן מיט לייב און לעבן צו יעדן וואָרט מיינס, אַזאַ טבע האָט שוין דער מענטש, און בשעת מעשה מסתמא קלערן, אַז אָט די פּאָלי וועט זיין דיינע! טאָ הער מיך אויס, מיין יינגעלע, הער וואָס דזשייק שכור זאָגט דיר: שלאָג

דיר פֿאָלין אַרויס פֿון קאָפּ, הערסט? דזשייק איז מער מענטש געווען פֿון דיר און זי האָט פֿון אים געמאַכט אַ פּאַיאַץ, רעכנסטו, אַז זי וועט מיט דיר חתונה האָבן? מכּות! זי האָט אין זיך הינטיש בלוט, האָט זי אין זיך! אַזוינע פּרויען האָבן ניט חתונה און טאָרן ניט חתונה האָבן, און אויב אפילו זי וועט מיט דיר חתונה האָבן וועט זי צומאָרגנס אַנטלויפֿן! און אַלעקן מיינסטו האָט זי ליב? ניקסי! זי האָט אים פֿיינט ווי דעם טויט און קריכט צו אים ווי אַ ציגאַנקע, אַזאַ פֿאַרשוין איז זי!

סעם איז געזעסן אַן ערנסטער, מיט אַ צעעפֿנט מויל, אַ פּאָזע, וואָס מאַכט תּמיד גוטמוטיקע אויסזען נאַריש, און זיך איינגעהערט מיט לייב און לעבן צו דזשייקס רייד. דזשייק איז אים איצט נאָך מער געפֿעלן. און ווי אַלע גוטמוטיקע יונגען, וואָס זוכן זיך תּמיד אָפּ אַ פֿריינט פֿאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצוגיסן, האָט סעם אויך באַשלאָסן, אַז דזשייק איז דער פּאַסנדסטער און באַ זיך אין האַרצן נאָך מער באַדויערט צו וואָס דער יונג שכּורט.

אַז דזשייק איז אַנטשוויגן געוואָרן האָט סעם אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער די קני.

— ווען ניט דער ביטערער טראָפּן, דעמעט, וואָלסטו געקאָנט זיין אַ „לאָיער“!

— יאו בעט — האָט זיך דזשייק צעלאַכט — ווײנט ניט, אַלע גוטע בעל־מלאכות זענען שכּורים.

דזשייק האָט אָפּגעהוסט, זיך צעשמייכלט און ווידער אָנגעהויבן:

— כ׳וועל דיר עפּעס דערציילן וועגן פֿאָלין וועסטו לאַכן. שפּילסט זיך מיט איר? הער אַ געשיכטע: פֿאָלי האָט געהאַט אַ חברטע ניט פֿאַר דיינע צייטן, אַ יונגע, ניט קיין מיאוסע אלמנה. זי האָט געהאַלטן אַ „ביוטי פּאַרלאַר“ אויף בראָדוויי. דאָס ווייבל האָט מיך געגליכן און איך, פֿאַרשטייסטו מיך, האָב געהאַט מיינע צרות, איז זי מיר אפילו אין קאָפּ אַריין ניט געקראָכן. מיט אַמאָל נעמט פֿאָלי מיט מיר איינטענען, אַז כ׳בין זייער אַ שלעכטער, כ׳באַגיי זיך מיט איר חברטאָרן צו גראָב, אַז עס איז אַ רחמנות אויף איר און כ׳האָב איר געמוזט צוזאָגן, אַז כ׳וועל זיך באַגיין

מיט איר אַנדערש. דערווייל האָט זי מיך גענומען איבערלאָזן מיטן ווייבל אַליין, האָט אויף קאַטאָוועס איינמאָל פאַרשלאָסן אונזער טיר און אַוועקגעגאַנגען. דו ווייסט דאָך אַ מאַן איז קיין חזיר, אַ ווייבל הענגט זיך דיר אויפן האַלז, קושט דיך און אַליין ביסטו ניט פון האָלץ, נאָר וואָס זאָל איך דיר לאַנג ברייען — האָט מיר פאָלי אָפגעשפילט דערנאָך אַ נאַכט, געהאַלטן אין איין וויינען, זיך געריסן די האָר, מיר געשפּיגן אין פּנים, געשריען, אַז כ׳בין פאַלש און אַזוי ווייטער. און אַז כ׳האָב מיך גענומען פאַרענטפערן האָט זי אויסגעשריען, אַז זי ווייס אַלץ, זי האָט דורכן לעכל פון דער טיר אַריינגעקוקט. נו, וואָס זאָגסטו דערויף?

דזשייק איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָפּגעהוסט, אַ שפּיי געטאָן אויף צוויי איילן פון זיך, צוריק אָנגעשטעלט די קני, ווי קראַקוועס, זיי אַרומגעגאַרטלט מיט די הענט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט אַמאָל דערהערט אַזעלכע טעמפּע קלעפּ, גלייך מען וואָלט מיט שווערע האַמערס געקאָוועט ברייטע בליי. דער בליי איז זיך צעלאָפּן אונטער די קלעפּ אין דינע קיילעכדיקע רעדער. די רעדער זיינען זיך צעוואַקסן משונהדיק גרויס, איינגעשלונגען איינער דעם צווייטן, געפּייפּט, געגרעוועט, זיך איינגעשניטן אין מח, אים מיטגעשלעפּט. ער איז געפלויגן העכער און העכער איבער די וואָלקנס, געפּילט ווי די לופט ווערט שיטערער, פאַרכאַפּט דעם אָטעם, שטיקט און מיט אַמאָל האָט ער זיך צעוויגט, צעלאָזט הענט און פיס, אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש און באַנץ פון אַ וואָלקן אַראָפּ! ער איז געפלויגן אַלץ שנעלער און שנעלער, זיך געטראָגן מוראדיק גיך, געוועזן זיכער, אַז באַלד, באַלד קומט דער טויט און אינסטינקטיוו דערפילט ווי אַלץ ציט זיך באַ אים ביז צום פלאַצן, גרייט זיך צום לעצטן ווידערשטאַנד. ווי אַ פאַרווונדעטע חיה, האָט ער זיך געכאַפּט מיט די הענט, מיט די פיס, אפילו מיט די אויגן פאַר יעדע זאַך, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אויפן וועג — איז אַלץ אָבער צעפאַלן אונטער זיינע פינגער ווי איבערגעזעגטע שטרוי און ער איז נאָך שנעלער געפאַלן. און פון דערווייטנס האָבן זיך געטראָגן מחנות אינדיאַנער מיט אויפטרייסלענדע קולות, זיך געריסן צו אים. דזשייק האָט פון שרעק אַ גע-

דריי געטאָן, געכאַפּט אַ שטרוי און זיי פאַרשטעלט דעם וועג. די אינ=
דיאַנער האָבן זיך אַ שטעל אָפּ געטאָן, צוריקגעפאַלן אויף מיילן און ווי
פאַרשטיינערט געוואָרן. די פּלוצלינגע שטילקייט האָט טעמפּ געקלונגען
אין דזשייקס אויערן און ער האָט דערהערט קולות:

— ציט אים פאַר דער נאָז, אָט אַזוי! עפנט ס׳העמד גיכער! וואַסער, וואַסער!

ער איז אויפגעקומען מיטן געדאַנק, אַז ער לעבט, אַז ער איז ניט געשטאָרבן, און טיף אָפּגעזיפצט.

איבער אים איז געשטאַנען סעם און אים געצויגן פאַר דער נאָז. אַ פרוי האָט אים געעפנט דאָס מויל און אַריינגעגאָסן וואַסער פון אַ פלעשל. אַ מאַן האָט געאַרבעט מיט דזשייקס הענט ווי מיט אייזנס פון אַ פּאָמפּ...

— אַבי דערמינטערט! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן.

ווייבער מיט „קערידזשעס״ און אָן קערידזשעס זיינען זיך צונויפ=
געקומען פון אַלע עקן פּאַרק, געשפּרייזט אַזוי גיך ווי די שמאָלע קליי=
דער האָבן נאָר ערלויבט, געמאַכט רחמנות=פּנימער, געלאָזט טרערן און
אַז זיי זענען צוגעקומען און דערזען, אַז דער חלשער זיצט שוין און
שמייכלט, זענען זיי געבליבן מיט נעזער און געוויס אין האַרצן באַדוי=
ערט, וואָס זיי האָבן פאַרפעלט אַזאַ אַמוזירנדע זאַך.

דער עולם איז זיך צעגאַנגען.

— צו אַדעל יאָר — האָט דזשייק געשמייכלט — אַ נאַרישע טבע צו חלשן.

— אַז דו ביסט אַליין שולדיק — האָט טעם אַן ערנסטער גע=
זאָגט — דאָס טרינקען לייגט דיך אין דער ערד אַריין!

— זיי קיין נאַר ניט — האָט דזשייק גוטמוטיק געענטפערט — דאָס
איז דאָך די איינציקע זאַך, וואָס איז געבליבן אין לעבן! און דערצו
האָט דאָך יעדער עפּעס, וואָס פאַרשכורט אים! אָט האָסטו למשל אַ פּאָלי,
אַ צווייטער האָט עפּעס אַנדערש, נו, און אַזוי ווייטער — — די גאַנצע
וועלט, ברודער, איז אַ סאַלון! דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס
יעדער איינער האָט זיך זיין משקה, טהאט=אָל! און יעצט מיין
ליבער „באָי״, פּאַק זיך, כ׳בין טויט מיד, כ׳וועל זיך אַביסל
צושפּאַרן.

— גיי שוין, גיי, ביסט דאָך ניט געזונט — האָט סעם אים גענומען בעטן — קום בעסער מיט מיר, כ׳וועל דיך אַהיימפירן!

— זיי קיין נאַר ניט — האָט דזשייק געזאָגט און זיך אומגע־דרייט מיטן פנים צום בוים — דער טייוול וועט מיך ניט נעמען! „גוט־באַי!“

# IV

פּאָלאַק דער „סאַלאָן-קיפּער” האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן. ער האָט זיך געדרייט ווי אַן אַלטער בער פון איין זייט אויף דער צווייטער, געקרעכצט, אַז עס איז דערשטיקט צו ווערן. יעדע וויילע האָט ער זיך אַן איבערגעשראָקענער אויפגעכאַפּט, ווי איינער וואָס האָט מורא צו פאַרשפּעטיקן אַ צוג, און זיך איינגעהערט. ער האָט אַרויסגענומען פון הינטערן קישן זיין טאָמבאַנקענע „ציבעלע”, זיך איינגעקוקט און פאַרגעסנדיק גלייך ווי שפּעט עס איז, האָט ער זיך צוריקגעלייגט. ער האָט טאַקע ניט געקאָנט שלאָפן. עס האָט געשטיקט. די לופט איז געווען געדיכט און עס האָט זיך געדאַכט וואָס מען זאָל ניט אַרויסלאָזן פון דער האַנט וועט עס בלייבן הענגען. דאָס שטיקעניש אָבער איז נאָר געווען אַ ביי-זאַך. שוין באַלד צוויי וואָכן ווי פּאָלאַק איז ניט געשלאָפן. ער איז געווען פאַרליבט ווי אַ ייִנגל אין מיסעס ריטש. דעם אמת זאָגנדיק, האָט ער זיך שוין געשדכנט צו איר איבער אַ יאָר און פון שדוך וואָלט אפשר גאָר ניט געוואָרן, דען ביידע זענען געווען צו כיטרע אָפּצונאַרן איינער דעם צווייטן. מיסעס ריטש האָט געוואָלט אַ קלייניקייט: ער זאָל אָפּשרייבן אַ העלפט פאַרמעגן און דורכטרייבן חוהן, עפּעס אַ פאַרדעכטיקע מויד, אַ האַלבע אידיאָטקע, כלומרשט אַן אייגענע, וואָס האָט געוווינט בא אים. פּאָלאַק האָט פון דעם אַלעם ניט געוואָלט הערן, זיך געהאַלטן פאַר אַ געוואַלטיקן חכם און שפּייענדיק זיך אין פויסט אַריין, (אַזאַ טבע האָט ער געהאַט) האָט ער זיך געטראַכט, צו וואָס דאַרף ער דעם גאַנצן טאַראַראַם, אַז מיסעס ריטש וועט סיי-ווי-סיי אין זיינע הענט אַריינפאַלן. געזאָגט-געטאָן, און פּאָלאַק האָט אָפּגעקויפט דעם ערשטן „מאָרטגיידזש” אויף מיסעס ריטש „סטאָר”. אַז עס איז געקומען די צייט צו צאָלן די ערשטע ראַטע איז מיסעס ריטש געוואָרן די-

חכמה און זיך געטראַכט, אַז זי וועט אים צאָלן ס'חולאת מיטן ריפּקוכן. זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ יום־טובֿדיק קלייד, געלאָזט דעם קאָרסעט אין דער היים און אַוועק צו פֿאָלאַקן.

שפּעט אין דער נאַכט איז פֿאָלאַק געזעסן איינער אַליין, זיך געשפּיגן אין דער פּויסט אַריין און געטראַכט, אַז עס האָט נאָך געקאָנט זיין ערגער. מיסעס ריטש אַהיימקומענדיק האָט געלאַכט אין די פּויסטן, אַריינגעוואָרפֿן עטלעכע סענט אין דער תּלמוד־תּורה־פּושקע, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט, און צעריסן דעם וועקסל.

פֿון דעמאָלט אָן האָט פֿאָלאַק אַ מינוט ניט געקאָנט לעבן אָן מיסעס ריטש, אַרומגעגאַנגען ניט ט[illegible]ט ניט לעבעדיק, זי אָפּגעוואַרט יעדן פֿאַרטאָג און איר געהאָלפֿן עפֿענען דעם „סטאָר".

פֿאָלאַק האָט באַשלאָסן, אַז היינט מוז ער מאַכן אַ סוף און זיך אויפֿגעכאַפּט נאָך פֿריער ווי תּמיד. ער איז פֿון היימלעכקייט וועגן דורך עטלעכע מאָל די שטובֿ און אַריינגעקוקט צו חוה שלאָפֿט.

חוה איז געווען אַ מויד פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, מיט אַ שמים־פֿנימל, מיט אַ פּאָר טעמפּע, פֿייכטע אויגן. מען האָט זי זעלטן ווען געזען אויף דער גאַס און נאָך זעלטענער געהערט רעדן. זי איז תּמיד געזעסן אין שטובֿ, געדאַווענט און געזאָגט תּחינות. וואָס זי האָט געטאָן בײַ פֿאָלאַקן האָט קיינער ניט געוווּסט, פּונקט ווי קיינער האָט ניט געוווּסט ווער פֿאָלאַק איז. פֿאָלאַק אַליין האָט אויך פֿיל געהאַלטן פֿון שווייגן, כאָטש ער האָט גערעדט אַ קימלן פֿון אַכט שפּראַך. אַז ער האָט זיך שוין יאָ אַמאָל צערעדט איז עס געווען פֿאַר פֿייער און פֿאַר וואַסער. האָט ער אָבער געהאַט אַ מעלה, אַז מען האָט אים ווייניק פֿאַרשטאַנען. דען ער פֿלעגט פֿאַרטוישן די יוצרות, איבערגיין פֿון איין שפּראַך אויף דער צווייטער. וואָס מענטשן האָבן יאָ אַרויסגענומען פֿון זיינע שמועסן איז, אַז חוה האָט אַמאָל געמוזט זיין זייער אַ שיינע, האָט מיט אים דורכגעוואַנדערט דריי פֿערטל וועלט און לעבט איצט בײַ אים פֿון זכות־אָבֿות, ווי בײַ אַ פֿאַרמער אַן אַלטער הייזעריקער הונט. דעם לעצטן פֿאַרגלייך האָט ער תּמיד איבערגעחזרט און אַפּנים גרויס הנאה געהאַט

פון אים. און אַז די שרייפּעלעך זענען בײַ אים אַביסל צו לויז געוואָרן און די צונג האָט פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט, האָט ער זיך תּמיד אין דער צייט אַליין אַ כאַפּ געטאָן, אַריינגעהוסט אין דער פויסט אַריין און אַנטשוויגן געוואָרן. מענטשן מיט לאַנגע צינגער האָבן זיך אפילו געשושקעט, אַז חוה איז ניט בחנם אַזוי פרום — זי איז מסתמא געווען פון די „הייליקע". נאָר וועמעס באָבעס דאגה איז עס? פאָלאַק איז אַן אָנשטענדיקער יונג, אַ טאָ־לער שפּילט בײַ אים קיין ראָלע ניט — האָט מען אים טאַקע אויסגעקליבן פאַרן פּרעזידענט פון דער שול „אנשי ליץ".

מער וועגן פאָלאַקן מיט חוהן האָט קיינער ניט געוווּסט.

חוה איז געווען די איינציקע אויף דער וועלט, וואָס האָט געוווּסט פאָלאַקס אַלע סודות. זי איז אים באמת געטריי געווען, געהיט זיין געלט, ווי אַ הונט אַ ביין, און ער האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלן, ער זאָל זיך מיט איר ווען עס איז צעגיין. און כאָטש פאָלאַק האָט אויף אַ פריער געוווּסט, אַז חוה וועט אים קיינמאָל קיין עצה ניט געבן און אַלץ וואָס זי ווייס וועגן אים, וועט בלייבן אַן אייביקער סוד, זי וועט זיצן מיט איר נאַרישן שמייכל אויף דעם האַלב־אידיאָטישן פּנים, שאָקלען מיט די ליפּן און תּמיד זיין איינשטימיק מיט אים, פונדעסטוועגן איז עס בײַ אים געווען פּשוט אַ נויטווענדיקייט מיט איר זיך וועגן אַלעם דורכ־צושמועסן און פילן בשעת מעשה אַן אינערלעכע, אומבאַשטימטע צופרידנהייט, וואָס זי ווערט אַלץ מער אידיאָטיש און זיין סוד שטאַרבט אָפּ מיט איר.

האָט אָבער אַמאָל פּאַסירט אַזאַ מעשה, וואָס עס האָט זיך פאָ־לאַקן קיינמאָל ניט געחלומט. עס איז געשען אַ נס — דער אייזל האָט אָנגעהויבן רעדן.

גלייך ווי פאָלאַק האָט איר דערציילט, אַז ער גייט חתונה האָבן מיט מיסעס ריטש, האָט זי אויפגעהערט שמייכלען, צוגעדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און זיך צעוויינט אָן טרערן אַזוי אויסטערליש ווי אַ סאָווע. זי האָט זיך מיט אַמאָל אַ וואָרף געטאָן צו פאָלאַקס פיס, זיי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט, גענומען קושן זיינע שיך, געבעטן אים און געבעטן ער זאָל ניט חתונה האָבן,

ער זאָל זיך דערבאַרעמען און בלייבן מיט איר. חוה זעענדיק, אַז אירע רייד ווירקן אויף פּאָלאַקן, האָט זי אינסטינקטיוו גענומען צו אים שמייכלען און שיסן אויגן ווי אַ גאַסן־קאָקעטקע, דאָס איינציקע געווער, קעגן וועלכן קיין מאַנסביל און אפילו פּאָלאַק אַליין האָט אַמאָל ניט געקאָנט ווידערשטיין.

פּאָלאַק איז בשעת מעשה עטוואָס גערירט געוואָרן, זיך באַגעגנט מיט חוהס פאַרשייטן שמייכל אויף איר אויסגעווייקטן, מיט זעקלעך אונטער די אויגן, פּנים, וואָס האָט זי נאָך מיאוסער געמאַכט, האָט ער זיך גלייך געפּאַסט און אַ געשריי געטאָן אויף איר ווי אויף אַ הונט, וואָס וויל מיטלויפן מיטן בעל־הבית, וועלכער טרייבט אים צוריק.

חוה איז גלייך אויפגעשטאַנען, אַנטשוויגן געוואָרן און זיך אַוועקגעזעצט אויף איר שטענדיקן פּלאַץ. זי האָט געמאַכט מיט די ליפּן און פּאָלאַקן איז איינגעפאַלן, אַז זי שילט אים.

איצט ווען פּאָלאַק איז געשטאַנען נעבן איר בעט, האָט ער געפילט, אַז ער איז אומגערעכט קעגן חוהן און באַשלאָסן זי אויפצוּוועקן און געבן צו פאַרשטיין, אַז כאָטש ער וועט חתונה האָבן וועט זי באַ אים תמיד בלייבן. און ער האָט זי גענומען וועקן:

— חוה, שלאָפסט, חוה?

חוה האָט זיך אַ כאַפּ־אויף געטאָן, געעפנט אירע פייכטע, טעמפּע אויגן, געקוקט מיט איר נאַריש פּנים אויף פּאָלאַקן, און גאָרניט געזען. זי איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך, ווי איינער וואָס קומט אויף פון דער פּאָליגע, דערקענט פּאָלאַקן, וואָס האָט אויסגעזען אין די ווייסע גאַטקעס ווי אַ גרויסער, אַרומגעבונדענער זאַק מעל און געפרעגט:

— ווילסט עפּעס?

פּאָלאַק, אָנקוקנדיק חוהן, האָט חרטה געקראָגן, ער זאָל זיך פאַר אַזאַ שטיק פלייש מיט אויגן פאַרענטפערן און געזאָגט:

— הייב דיך אויף, ועסט מיך איינרייבן!

ער האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ לײַלעך און זיך אויסגעצויגן אויף דער סאַראַטענער קאַנאַפּע.

חוה איז אַריין מיט אַ שיסל קאַלטע וואַסער, געמאכט מיט

די ליפּן ווי אַ זשאַבע און גענומען איינרייבן מיט אַ שוואָם פּאָלאַקס לײַב, אַז בלוט האָט שיער ניט געשפּריצט.

פּאָלאַק איז געלעגן ווי גרויס ער איז געווען, האָט פאַרריסן מיט די הענט דאָס לײַלעך, זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער און געקרעכצט מיט דער זעלבער הנאה, ווי ווען מען שטעקט אַרויס אויף אַ רגע אין אַ קאַלטן צימער אַ נאַקעטן פוס און מען כאַפּט אים גלייך אַרײַן הינטער דער וואַרעמער פּערינע.

אַז חוה איז שוין אינגאַנצן פאַרטיק געווען, איז זי געבליבן שטיין באַ דער קאַנאַפּע, נערוועז גענומען צופּן איר פאַרטוך און זיך צעוויינט דורך די פאַרקוועטשטע ציין גלייך אַ ווינט וואָלט געוואָיעט.

— כ׳וועל פאַר דיר אַלץ טאָן, אַלץ, וועסט זען, פונקט ווי אַמאָל. אַבי גיי ניט צו איר.

פּאָלאַק איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער, זי אַ שטיפּ געטאָן מיטן פוס פון זיך און זיך צעשריען:

— שאַראַפּ! קיין וואָרט ניט מער!

You hear? I am the boss herre. That's all!

(דו הערסט? איך בין דער בעל־הבית דאָ און פאַרטיק!)

און זיך גענומען אָנטאָן.

חוה האָט ניט געענטפערט, זי האָט געקוקט אויף דעם זעלבן פלאַץ, וווּ פּאָלאַק איז געשטאַנען, און געמאַכט מיט די ליפּן.

אַז פּאָלאַק איז שוין געווען פאַרטיק און געוואָלט אַרויסגיין, האָט ער אַ טראַכט געטאָן צי זאָל ער איר עפּעס זאָגן צי ניט, נאָר איידער ער האָט צייט געהאַט צו באַשטימען, איז ער מיט אַמאָל אַ פאַל געטאָן אויף דער קאַנאַפּע. חוה האָט אים אַרומגעכאַפּט וואָס כח נאָר, געשריען: „וועסט ניט גיין!“ און ער האָט געפילט ווי אַ פייכטע צונג גלעט אים איבערן פּנים, איבער די אויגן, לעקט פונקט ווי אַ הונט...

באַלד האָט ער דערשפּירט אַ שטאַרקן ביס נעבן קאַרק. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן, אַוועקגעשליידערט חוהן און אויפגעשפּרונגען. וואַרע־מע שלענגלעך האָבן זיך געגליטשט איבערן האַלז, בלוט איז גערינען פון ביס און אַן אימה האָט אים אַרומגענומען.

חוה האָט זיך ווידער געוואָרפן אויף אים.

פּאָלאַק האָט דערפילט אַ שרעקלעכן עקל, דאָס בלוט האָט איין

אים געגומען קאָכן, האָט ער זיך אַ דריי אַרויסגעטאָן פֿון אירע הענט און זיך פֿאַרמאַכטן חוהן אין האַרץ אַריין, אַז זי האָט זיך באַלד איבערגעדרייט.

ער איז אַרויס פֿון שטוב און געהערט הינטער זיך אַ ווילד געוויין, אַ שוידערלעך רעווען, אַז דאָס בלוט האָט אין אים געגו־מען פֿריִרן...

---

פֿאָלאַק האָט געשפּרייזט אַזוי גיך ווי זיינע דיקע פֿאָלקעס האָבן אים נאָר ערלויבט. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין טאַפּן פֿאַרן ביס, און פֿאַר זיינע אויגן האָט זיך איבערגעחזרט דאָס גאַנ־צע בילד מיט אַלע קלייניקייטן. ער האָט נאָך איצט געפֿילט ווי אַ נאַסע, ווילגאָטנע צונג גליטשט זיך איבער זיינע באַקן...

בררר...

עס האָט אים געוואָרפֿן ווי אין פֿיבער און ער האָט דער־פֿילט ווי עפּעס אַ גליטשיקס קריכט איבער זיין געזיכט — אַ זשאַ־בע... — זי איז געוויס משוגע געוואָרן — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, און זיך אָפּגעשטעלט — אַז אַ משוגענער הונט בייסט שטאַרבט מען...

ער האָט געזען אַן אָפֿענעם „דראָג־סטאָר” און איז אַריין. פֿון לאַבאָראַטאָריום האָט אַרויסגעקוקט אַ פֿאַרשלאָפֿענער אַפּטייקער אין אַ לייבל מיט אַ האַלב איינגעמוליעטן פּנים צום ראַזירן. דער אַפּטייקער האָט אויף גיך אָפּגעווישט מיט אַ האַנטוך דעם זייף פֿון פּנים, איבערגעלאָזט אַ פֿלאַסטער מולעכץ נעבן אויער, ווי די ווייס־לעכע שוים פֿון אַ יויך, אַרויפֿגעכאַפּט אַ רעקל און איז אַריין. ער האָט פֿאָלאַקן באַרויִקט און איינגעשמירט דעם ביס מיט יאָד.

פֿאָלאַק איז געגאַנגען און געשאָלטן. ער האָט באַשלאָסן באַלד צו מאַכן אַ סוף, נאָכגעבן מיסעס ריטש אַלץ וואָס זי וויל, גיכער שטעלן אַ חופּה און נאָך היינט אַוועקשיקן חוהן אין משוגעים־הויז.

ניט ווייט פֿון מיסעס ריטשס הויז איז אים סעם אַנטקעגן געקומען. ער האָט אפילו חשק געהאַט אים אויסצומיידן, דאָך ניט ווילנדיק זיך אָפּגעשטעלט, און כאָטש ער האָט געוווסט, אַז סעם ווייס וווהין ער גייט יעדן פֿרימאָרגן,

האָט ער פונדעסטוועגן געהאַלטן פאַר נויטיק אים צו זאָגן אַ ליגן.

פאָלאַק האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן אויף מיסעס ריטש. זי האָט זיך גלייך באַוויזן אויפן טרעפּל, מיט איר אויפגעקעמטן קאָפּ האָר ווי אַ דריי־גאָרנדיקע געביידע.

נאָכדעם ווי מיסעס ריטש האָט זיך געקריגט מיט סעמען און די קינדער האָבן אים געגעבן געדעכט, האָט זי די נכפּה אויפגעגעסן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט פאָלאַקן און אויך געטראַכט צו מאַכן נאָך היינט אַ סוף, נאָר באַמערקנדיק אים האָט זי אינסטינקטיוו דערפילט, אַז זי איז די פרוי, זיך געמאַכט כּלא ידע, ווי זי זעט אים ניט, און געגומען שפּרייזן מיט אַזאַ פוילקייט אין די רונדע אַקסלען אין „סטאָר" אַריין.

— גוט מאָרנינג, מיסעס ריטש!

מיסעס ריטש האָט כּלומרשט אַן איבערראַשטע זיך אַ דריי אויס געטאָן, געמאַכט אַ מינע גלייך זי וואָלט פאָלאַקן מער ניט ערוואַרטעט דאָ צו טרעפן און זיך אָנגערופן:

— נו, זאָגט אַליין, מיסטער פאָלאַק, איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט ניט צו וואַרטן דאָ פאַרטאָג? אויף מיין וואָרט, ווי איר מאַכט מיר אַ מיאוסן שם! כ'דאַרף ניט מער ווי אַריינצופאַלן אין אונזערע שכנימס מיילער!

— הערט, מיסעס ריטש — האָט פאָלאק אויסגעשאָסן — כ'רעד מיט אייך „פליין, אפּען־דאון". כ'בין גרייט אייך אַלץ נאָכצוגעבן. דעם אמת זאָגנדיק, איז עס פאַר מיר אַ באַליידיקונג כ'זאָל אייך עפּעס פאַרשרייבן. וואָס הייסט? אַז איר האָט מיט מיר חתונה איז אַלץ אייערס, איר קומט אַריין אויף אַלעם גרייטן. נאָר גאָר ניט, אַז די וועלט איז היינט קליגער און איר שפּאַרט זיך איין פאַרשרייב איך אייך העלפּט. וועגן דער מויד וואָלט אויך בעסער געווען זי זאָל זיין מיט אונז, איר לעפל געקעכץ וועט זי זיך תמיד פאַרדינען, נאָר גאָר ניט... אַז איר וועט זיך שטאַרק איינשפּאַרן וועל איך זי ערגעץ אָנדינגען... וואָס האָב איך קיין ליגן ניט געוואָלט זאָגן, יעס, כ'מיין די חתונה זאָל מען אָפּשטעלן וואָס גיכער, דען גלויבט מיר, ס'איז מיר שוין דערעסן דאָס לעבן:

אַ הויז אָן אַ בעל־הביתטע גייט אַלץ קאַפּוט! כ׳דאַרף דען אייך דערציילן?

מיסעס ריטש האָט די מעשה הנאה געטאָן, נאָר זי האָט קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— וואָס טויגן די רייד, מיסטער פּאָלאַק, איר ווייסט דאָך אַז כ׳מוז פריער די טאָכטער חתונה מאַכן.

— וואָס מיר טאָכטער? — איז פּאָלאַק בייז געוואָרן — ווער ווייס ווען אייער טאָכטער וועט חתונה האָבן? דאָס איז אַ געשיכטע אין דער לאַנגער באַנק אַריין! הערט זיך איין, איצט פועלט איר ביי מיר אַלץ, טאָ אויב איר ווילט — מאַכט קיין שהיות ניט...

מיסעס ריטש איז אַביסל ווייכער געוואָרן און זיך צעשמייכלט:

— גזלן, ווי גייט מען דאָס חתונה האָבן אין אַזעלכע היצן?

— האַ, האַ, האַ! — האָט זיך פּאָלאַק צעכאכעט און גענומען שפּייען אין דער פּויסט אַריין — לאַנג לעבן זאָל זי!

דאָס פּאָרל איז אַוועק צום סטאָר.

# V

פאַג-צייט איז מיסעס ריטש אַהיימגעקומען פון סטאָר אַ הונגעריקע און אַ בייזע. זי האָט אויסגעשאָטן אויפן טיש צוויי זעקלעך מיט פּענעס, זיי גענומען ציילן און אויסגעוויקלט טוטלעך צו האַלבע דאָלאַר אין יעדן.

אַרטור, אַן אויסגעשמירטער, מיט אַ צעשויבערט קעפּל האָר, איז פון ערגעץ-ווו אַרויס אין זיין באַכטיקן שלאָף-העמד ביז אי-בער די פּיאַטעס. ער איז צו צו דער מאַמען, מיט איין פּיסל גע-נומען קראַצן דאָס צווייטע און גענומען וויינען אָן טרערן:

— מאַ-אַ אַ פּעני! מאַ-אַ!

מיסעס ריטש האָט אים אַ וואָרף געטאָן אַ סענט:

— נאַ, ווער דערוואָרגן!

אַרטור האָט אויפגעהויבן דעם סענט, אים אַריינגעלייגט אין מויל און איז אַרויס פון שטוב.

— געגנוג זיך צו פּוצן, געגנוג! — האָט זיך מיסעס ריטש געווענדעט צו פּאָלין, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיגל און זיך גע-קעמט די האָר — גיי שוין אין סטאָר אַריין, גיכער! און שיק העריין אַהיים, הערסט? ער האָט נאָך היינט ניט איבערגעביסן!

— כ'גיי שוין, כ'גיי — האָט פּאָלי געענטפערט און זיך גע-נומען פּאָלירן די נעגל.

— און ווו איז סעם? נאָך ניטאָ? — האָט מיסעס ריטש ווי צו זיך גערעדט — שוין מסתּמא ברוגז, האָנאָראָווע מענטשן! אַז פּאַרשרפּעט זאָלן זיי ווערן! מאָקערס! ליידיק-גייערס! אַרבעט פּאַר זיי, ווער פאַרשוואַרצט און אַלץ פאַרן טייוול!

עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— קאַם אין!

אַ פרוי פון אַ יאָר פופציק אין אַ שייטל, מיט ברוינע, פולע

באַקן, ווי די קאָרע פֿון גוט אויסגעבאַקן געבייטלט ברויט, איז אַריין. די פּדוי האָט געטראָגן אַ קאָשיקל.

— זע נאָר, זע, אַ גאַנצע וואָך ווי כ׳וואַרט אויף איר, אסור צי מען קוקט אַזוי אויס משיחן — האָט מיסעס ריטש כּלומרשט אַ ברוגזע געזאָגט, איז צו צו דער שוועסטער און זיך מיט איר גע־נומען קושן — כ׳האָב שוין היינט ווידער אַוועקגעשיקט דיר אַ קאַרטל, מען האָט טענות צו פּרעמדע, נו, און דאָ איז אַ לייבלע־כע שוועסטער קומט זי איינמאָל, ווען ס׳איז דריי טאָג ראש־חודש! אסור ניט שיין, לאה! נו, מילא, די שוועסטער האָט דיר פּילייכט שלעכטס געטאָן, כ׳ווייס, היינטיקע צייטן! נאָר ווי קומט מען ניט צו אַ טאַטן?

— ווי דאָס רעדט, ווי דאָס מאָלט — איז פּאָלי אַריין אין דערמיט — לאָז די מומע אָפּאָטעמען!

— כ׳וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן! — האָט זיך מיסעס ריטש צעשריען — די שטרויענע „ליידי“ שטייט נאָך, און איך האָב גע־מיינט, אַז זי איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען! לאָמיך שוין דיינע פּטור ווערן! הערדי האָט דאָך נאָכגעשט איבערגעביסן! גיי שוין, גיי!

— נאָר ניט געשריען, מאַ — האָט פּאָלי געענטפערט מיט אַ שמייכל — דו ווייסט דאָך, אַז איך שרעק זיך ווייניק! כ׳וועל פּאַרטיק ווערן וועל איך גיין! דו האלסט זיך היינט אין איין בײ־זערן, הפּנים אויף דער לינקער זייט אויפגעשטאַנען!

— נו, נו, פּטור, נים געקריגט זיך! — האָט זיך די מומע לאה אַריינגעמישט, זיך דערמאָנט, אַז זי האַלט נאָך דאָס קאָשיקל אין דער האַנט און עס אַוועקגעשטעלט.

— אַז די זייטן, מיין טאָכטער, וואָלטן דיר אַזוי ווי געטאָן, ווי זיי טוען מיר וויי, וואָלסטו אַזוי פּיל ניט גערעדט — האָט מי־סעס ריטש געזאָגט, אַריינגעלייגט די טוטלעך מיטן געלט אין קלייד, עס עטוואָס אויפגעהויבן און גענומען שפּרייזן מיט די זאָקן איבער די שיך אין אַ צווייטן צימער — אַרבעט פּאַר זיי, ווער אויסגעריסן, און דאָס גיט דיר צומאָלט קיין גוט וואָרט ניט!

— כ׳וואָלט איר ניט געענטפערט — האָט לאה געזאָגט צו

פּאָלין מיט אַזאַ מינע, ווי איינער זאָגט: „כ׳ווייס דען ניט, אַז דו ביסט גערעכט? נאָר גאָר ניט! אַז גאָט שטראָפט מיט אַ שלעכטע מאַמע, קאָן מען זיך עפּעס העלפן?״

— ווער האָט מיט איר גישעפּטן, ווער? אַז זי איז משוגע — האָט פּאָלי געזאָגט אויף דער מאַמען, זיך געזעגנט מיט דער מומען, געזאָגט „גוד־באַי״ איר אַלטן פּאַפּוגאַי און איז אַרויס.

מיסעס ריטש איז אַריין און זיך געווענדעט צו דער שוועס־טער:

— ביסט דאָך אודאי הונגעריק, לאה, זאָג, וואָס זאָל איך דיר מאַכן צו עסן?

— פּאָרע זיך ליבערשט ניט, סיידי, כ׳האָב אויף מיין וואָרט נאָר וואָס געגעסן — האָט לאה געענטפערט, אַרויסגענומען בשעת־מעשה אַ האָר־נאָדל און זיך גענומען קראַצן דעם קאָפּ — און אויב דו ווילסט ניט כ׳זאָל אַנטלויפן, טאָ זעץ דיך אַוועק!

— נו, מילא, מסתמא האָב איך זיך בעסער ניט פּאַרדינט — האָט מיסעס ריטש זיך געקלאָגט און געפילט, אז אין דער שוועס־טערס געגנוואַרט איז זי ניט מער די כוואַטסקע מיסעס ריטש, דער שמד־קאָפּ, ווי שכנים פלעגן זי רופן, נאָר אַ זינדיקע אשה, און זי האָט גערן אָפּגעקלאָגט זיך פאַר דער שוועסטער — ווילסט ניט, דאַרף מען ניט! נאָר גלויב מיר, אַז כ׳וועל קומען צו דיר וועל איך אויך ניט עסן! כ׳האַלט טאַקע אָפּן שבת דעם „סטאָר״ נאָר גאָט איז אַן עדות, אַז ביי מיר איז כשרער ווי ביי אַנדערע פרומע ייִדן!

— פּטור, פּטור — האָט זיך לאה געקרומט — פון יעדער נאַרישקייט מאַכסטו אַ גאַנצן ווען, נו, דאַרף מען צו דיר קומען?! ביסט בייז, דו ווייסט דאָך, אַז ביי אַ היימישע פּרנסה קאָן מען פון שטוב ניט אַרויסגיין!

— נו, און אַביסל ווישניאַק ווערסטו טרינקען, האַ? — האָט מיסעס ריטש אַלץ אין איינעם געמונטערט די שוועסטער — היימי־שער ווישניאַק, אַ מעדן, זאָג איך דיר!

זי האָט אַראָפּגענומען פון פּאָליצע אַ פלאַש, אויסגעווישט מיטן גראָבן פינגער אַ גלעזל און איינגעגאָסן יצחק גאָלדבערגס ווישניאַק.

לאה האָט דערווייל צעשפּילעט די בלוזקע, אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקל מיט בראָנשווייגער־צעטלעך און געלאָזט ליגן צוויי אויפן טיש. זי האָט פאַרזוכט דעם ווישניאַק, זיך געלויבט, געזאָגט „צום געזונט" און פאַרביסן מיס אַ שטיקל לעקעך.

— אַמאָל פלעג איך כאָטש געווינען אַ סטאַווקע — האָט מי־סעס ריטש כלומרשט געשמייכלט, און אין האַרצן זיך געטראַכט: „ביזנעס! כ׳וועל באַלד בלוטן מיט אַ פּאָר טאָלער!" — און היינט? הפּנים קיין מזל ניטאָ! און מיטן געלט, לאהשי, וועסטו מוזן וואַרטן ביז די צווייטע וואָך.

— ווער מאָנט דיך געלט, ווער? — האָט לאה זי איבערגע־האַקט, — וועסט געבן די דריטע וועט אויך קיין מאַליער ניט זיין, פּטור אַ דאגה האָב איך! הא, וואָס האָב איך קיין ליגן ניט גע־וואָלט זאָגן, יעס, וואָס הערט זיך מיט פּאָלין? ס׳האַלט טאַקע ביי אַ דרך? הא? איז דאָך טאַקע אמת, אַז כ׳בין אַ האַלבער נאַר — האָט זיך לאה האַלב פאַרשטיקט צעלאַכט —— גלייך ווי כ׳האָב נאָר דערהאַלטן דיין קאַרטל, זאָג איך צו בינמען, אַז דאָס ווילסטו זיך שואל־עצה זיין מסתמא וועגן פּאָלין. טאָ הער מיך אויס, סיידי, קיינע שהיות געמאַכט! תּנאים געשריבן און גלייך אַ חופּה! אַבי פּטור! מיט פייער, שוועסטערשי, שפּילט מען זיך ניט! אַזעלכע מעשיות, ס׳זאָל ניט געבראַכט ווערן איבערן מויל, טרעפן זיך ביי לייטן!

— אַז אָך און וויי — האָט מיסעס ריטש אָפּגעזיפצט און זיך אַוועקגעזעצט נעבן דער שוועסטער — אַז כ׳בין עלנט ווי אַ שטיין, ניטאָ מיט וועמען קיין וואָרט אויסצורעדן, און אַרויסרייסן זיך פון שטוב אויף אַ מינוט קאָן איך אויך ניט! וואָס, זיך אויס־טענהן מיט פּאָלין צי מיט העררין? גיי שוין, גיי, אַז דאָס איז גאָר קיין קינדער ניט! שפּילט זיך מיט אַמעריקאַנער קינדער! כ׳האָב ביי זיי פונקט אַזאַ פּנים ווי די הון, וואָס זיצט אויס הינ־דעלעך. די הינדעלעך שווימען אַוועק און איך בלייבביים קוואָ־קען! כ׳ווייס, ביי לייטן, אַז מען האָט אַן אַלטן טאַטע איז עס אַ שיינדל! אַלץ דער טאַטע, און דאָ? דו ווייסט דען נישט אַליין? ס׳איז דאָך אַ טאַטע, מען טאָר ניט רעדן, נאָר גלויב מיר, עס איז ניטאָ

מיט וועמען צום טיש צו גיין! און אַזוי ווערט מען פאַרשוואַרצט, מען שלאָפט קיין נעכט ניט! מיינסט, כ׳ווייס ניט? מיר לעבן דאָך ערגער ווי בהמות! ניטאָ קיין שבת, קיין יום־טוב, כ׳האָב אַזוי געדאַרפט האָבן די „פייפער־ביזנעס”, ווי אַ לאָך אין קאָפּ! און אויב כ׳וועל, אם ירצה השם, פון די שיינע ביזנעס פטור ווערן, וועל איך ניט איין פונט ליכט געבן אין שול אַריין! נאָר ד״ר ווייל, שוועסטער, זיי מיך נישט מקנא! פון אַלע זייטן צרות! אייגענע צרות, צרות פון דער שיינער טאָכטער, מיט איין וואָרט, ס׳טויג ניט!

— אַז דו ביסט אַליין שולדיק — האָט די שוועסטער זי איבערגעהאַקט — פון יעדער נאַרישקייט מאַכסטו אַ וועזן! מען ברויך ניט מער וויפיל איך בין אויסגעשטאַנען, אויף קיין שום יידן געדאַכט, און פונדעסטוועגן איז נאָך דאָ כח צו לאַכן אויך! זיך גיין צולאָזן צום האַרצן? איז דאָך אויס וועלט!

— וואָס ווייסטו, וואָס — האָט מיסעס ריטש ווי זיך ניט צו־געהערט צו דער שוועסטער — גיי צערייס זיך איבער דער טאָכ־טער, פטר אָפּ די פאָר יאָר, זיך אַ וויסטע אלמנה און אַלץ צוליב וועם? וואָס, כ׳בין עפּעס אַן אַלטע יידענע צי אַ פאַרזעעניש? מענטשן רייסן דאָך מיר די אויגן אויס, ס׳טייטש, וואָס וועל איך אויסזיצן? דו ווייסט דאָך מיין ווילטאָג ביי חיים פּיאַניצע, און אַז גאָט האָט מיך אויסגעהערט און אים צוגענומען פאַר דער צייט, טאָ ווי לאַנג איז דער שיער? און אַלץ צוליב דער מויד! און דאָס גיט דיר צומאָלט קיין גוט וואָרט ניט! ביי אַן אַנדער מאַ־מע וואָלט אַזאַ מויד אָפּגעשפּילט אַזעלכע לייטישע געלעכטערס? זיך אַרומגעשלעפּט מיט אַן איטאַליענער? און היינט געפעלט איר גאָר סעם? אַז אָך און וויי! גלויב מיר לאה, מיר זאָל דאָ האָר אויסוואַקסן — מיסעס ריטש האָט אָנגעוויזן אויף איר דלאָן פון דער האַנט — אויב די „ליובע” וועט האַלטן לענגער פון אסתּר־תּענית ביז פּורים! דו שפּילסט זיך מיט איר? אַז דאָס איז אינגאַנצן היימקע מיט די ביינער! ער איז דען געווען בעסער? מען טאָר דאָך ניט זינדיקן, ער איז דאָך שוין טויט, נאָר דאָס האָט אין זיך געהאַט היניטיש בלוט! און פּאָלי איז פּונקט דער טאַטע מיט די פּאָדקאָוועס, ווי אַ טראָפּן וואַסער! ציט בחנם ניט זי צום „תּלוי”.

— מײַן עצה איז — חאָט די שװעסטער זי איבערגעריסן — װאָס גיכער איר פֿאַרדעקן דעם קאָפּ, הערסט?

— אין אַמעריקע פֿאַרדעקט מען קײן קעפּ ניט! — האָט זיך מיסעס ריטש צעלאַכט — און מ׳שטײנס געזאָגט, װאָס פֿאַר אַ גליק ס׳װעט זי דאָ באַטרעפֿלען, װען זי װעט חתונה האָבן מיט אַזאַ ייִדישן איטאַליענער װי סעם?

— נו, פּטור! — האָט זיך לאה אַ קװעטש געטאָן — העלף דיר בעסער! פֿאָלג מיך און מאַך קײן שהיות! ס׳געפֿעלט דיר סעמס יחוס ניט? ער איז אַ ליטװאַק? זאָלן מיר טאַקע אַזױ באַגליקט װערן װי ס׳זענען דאָ ליטװאַקעס אָרנטלעכע, כּשרע ייִדן, װאָס זײַערס אַ נאָגל איז בײַ מיר חשובער װי פֿיל פֿון אונזערע לאַנדסלײַט! האָסט געהערט? װאָס מיר יחוס? אין אַמעריקע איז דער אַ יחסן, װאָס האָט אַ טאָלער אין פּאַקעט! און װי זאָגט מען עפּעס, שװעסטערשי, אַז מען האָט קינדער אין די װיגן לאָזט מען לײַטן צופֿרידן!

— אַלץ הײסט אַ יחוס — האָט מיסעס ריטש געשמײכלט — דאָס זענען גאָלע רבנים, פֿון הקדש ביז דער מקוה! אײן פֿעטער איז אַ „דעטעקטיװ‟, אַ צװײטער זיצט אין שער־הרחמים, שױן ס׳דריטע יאָר, און גלױב מיר, אסור פֿאַר תּהילים־זאָגן! נאָר גאָר ניט! װילסט סעמען? אָלל־רײַט, לאָז זײַן סעם, כאָטש אָך און װײ, װאָס פֿאַר אַ פֿאַרדינער ער איז, אַבי ניט דעם גױ, און כ׳מײן אַז איך בין שױן מיט איר אױפֿן דרך, איז אין מיטן, מיר ניט, דיר ניט, פֿאַלט זי אַרײַן װי אַ יון אין דער סוכּה, צעכעכט זיך און פֿרעגט מיך צי כ׳װעל ניט זײַן „דזשעלאַס‟, נו, װאָס זאָגסטו דערױף? ביסט עפּעס אַ מבֿין אױף אַזאַ מױד? װען אַ זײַטיקער שטײט דערבײַ, װאָלט ער געטראַכט מי יודע װאָס? װאָס פֿאַרע געשעפֿטן איך פֿיר מיטן יונג? נאָר װאָס זאָל איך דיר לאַנג ברײטן, עס האָבן איר שױן קײן צרות ניט געפֿעלט! כ׳האָב אױסגעבײטלט צו איר קאָפּ, צו איר לײַב און לעבן, און ס׳האָט פֿיל ניט געפֿעלט, כ׳זאָל איר צעפּראַסקען דעם פּרעסער! נאָר גאָר ניט, כ׳בין דאָך פֿאָרט אַ מאַמע! און װי זאָגט מען: בלוט איז קײן װאַסער, האָט מיר טאַקע דאָס האַרץ געבלוטיקט...

הערריי איז אַריין, עפּעס אַ ברוגז געטאָן צו דער מומען אין דעם שייטל, און מיט אַ האַלב-וויינענדיק קול האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— כ׳שטאַרב עסן!

אַז לאה איז אַריבערגעקומען נאָך אמעריקע האָט נאָך איר זיידע ר׳ לייזער געלעבט, נאָך וועמען, איין גאָט ווייס פאַר וואָס, מען האָט דעם אייניקל גערופן הערריי, פונדעסטוועגן האָט הערריי זי געהאַלטן פאַר אַ „גרינהאָרן״ און, כמעט ווי אַלע אַמעריקאַנער קינדער, געווען אַ קנאַפּער מחותן מיט דעם גרינגער מומען.

— מאַך אים טאַקע עפּעס צו עסן, סיידי — האָט זיך לאה אַריינגעמישט — ס׳הונגערט דאָך אים!

מיסעס ריטש האָט זיך ניט אויפגעהויבן פון בענקל, אויסגע-דרייט איר קאָפּ צו הערריין און אים גענומען אויספרעגן.

— וואָס ווילסטו עסן, וואָס? אפשר אַ גוט שטיקל הערינג מיט בוימל? „קרים״ מיט „פּיקלס?״ זאָג!

— אַז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט זי זיך — האָט הערריי וויינענדיק אַ געשריי געטאָן — פרעג ניט, גיב! ס׳האַרץ גייט דאָך מיר אויס!

— ער איז קראַנק זיך אַליין צו נעמען! — האָט מיסעס ריטש געזאָגט, און זיך אויפגעהויבן.

— פּטור, פּטור — האָט זיך לאה געקוועטשט, און זיך אויפ-געשטעלט — אַז פון אַלץ מאַכסטו אַ וועזן! יעס, כ׳וועל זיך אַהיימפּעקלען!

— וואָס איילסטו, וואָס? זיץ נאָך! — האָט מיסעס ריטש געבעטן ביי דער שוועסטער, און דערלאַנגט הערריין אַ שיסל סמע-טענע מיט אוגערקעס.

— ניין, כ׳מוז גיין, סיידישי, מיין אַלטער וועט גיט וויסן וווּ כ׳בין אַהינגעקומען! גו בלייב מיר געזונט!

— אַז דו איילסט זיך יאָ, טאָ וואַרט זשע אויס, כ׳וועל דיך באַגלייטן צו דער „קאַר״.

לאה האָט זיך צורעכט געמאַכט דאָס שייטל, געזאָגט הערריין „גוד-באַי״ און אַרויס מיט דער שוועסטער

מיסעס ריטש האָט אָפּגעשטעלט די שוועסטער נעבן הויז, זי אָנגענומען פאַר אַ קנעפּל פון דער בלוזקע און געשטאַמלט:

— דו ווייסט דאָך, כ׳מיין, וועסט ניט טרעפן צו וואָס כ׳האָב דיך גערופן.

— נו, לאָמיר טאַקע הערן — האָט לאה אַ גייגעריקע געזאָגט.

— מען האַקט דאָך מיר פשוט די טירן אָפּ!

— אַז כ׳ווייס ניט וואָס דו זאָגסט — האָט לאה זיך צעשמייכלט.

— דו פאַרשטייסט, כ׳מיין — האָט מיסעס ריטש ווידער געשטאַמלט — כ׳האָב ניט געוואָלט רעדן הערבי זאָל הערן, בקיצור, דו ווייסט דאָך מיין מערכה! ווי לאַנג איז דער שיער?

— כ׳ווייס נאָך דערווייל גאָרנישט — האָט לאה זיך צעלאַכט.

— כ׳רעד דאַכט זיך פאַרשטענדלעך — האָט זיך מיסעס ריטש פאַרלוירן — בקיצור, וואָס מיר שיסעלעך, דעקעלעך, כ׳וועל דיר פּותר חלום זיין, כ׳האַלט ביי אַ שידוך!

— אַזוי הערט מען קלאָרע דבורים! — האָט לאה געלאַכט.

מיסעס ריטש איז געוואָרן לעבעדיקער, זיך צוגעגעבן קוראַזש און אַריין אין דער ראָלע פון אַ כּלה־מיידל, ווען זי דערציילט אירע חברטעס וואָס פאַר אַ גליק עס שטייט איר פּאָר, אין ס׳אַראַ שמאַלץ־גרוב זי פאַלט אַריין, מיט איין וואָרט, ווי גליקלעך זי איז! און כּלה־מיידלעך מוזן דאָך זיין גליקלעך, אַז ניט וואָלטן העלפט געבליבן פאַרזעסן.

— יעס, וואָס וועל איך לאַנג ברייען — האָט מיסעס ריטש געטענהט, געבלישטשעט מיט די אויגן און זיך אַלץ מער פאַרגעסן— דער מאַן לאָזט מיך פשוט ניט לעבן. האַלט אין איין שיקן צו מיר שדכנים, קומט אַליין, און אין אמתן וועל איך דיר זאָגן, אַז ער אַליין געפעלט מיר אויך, ניט פון די פריצאַקעס! אַ באַזעסענער מענטש, אַן עושר, האָט עטלעכע הייזער, אויפן „קאָרנער״ אַ סאַלון און דערצו איז עס אַ מאַן, ס׳איז דאָ עפּעס אָנצוקוקן, מיט וועמען צום טיש צוגיין! און דער עיקר, שוועסטערשי — און זי

האָט זיך צוגעבויגן צו לאהס אויער — פאַרשרייבט ער מיר העלפט.
נו, וואָס זאָגסטו, ביסט דאָך עפּעס אַן עלטערע שוועסטער?

— כ׳ווייס — האָט לאה אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען — מיר דאַכט זיך, אַז גלייכער וואָלט געווען פריער פּאָלין חתונה צו מאַכן.

— וועגן דעם איז גאָר קיין רייד ניטאָ — האָט מיסעס ריטש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ווי זי וואָלט ניט געוואָלט הערן דערפון. — ביי מיר האָסטו אפילו געפועלט צו וואַרטן, אָבער, פאַרשטייסטו מיך, אַ מאַן מיט אַ „ביזנעס" קאָן מען צו אים קיין טענות ניט האָבן. כ׳ווייס, ווען ס׳האַלט מיט דער מויד אויף אַ דרך, וואָלט איך שוין ניט געקוקט, געוואַרט נאָך אַ צוויי חדשים, אַבי זי חתונה געמאַכט, געפּטרט אַן עול פון קאָפּ. אָבער, מענטש, אַז דאָ הויבט זיך נאָך גאָר ניט אָן! בקיצור, מיר האָבן באַשלאָסן שבת-צו-נאַכט צו שטעלן אַ חופּה. הערסט? כ׳וועל ניט מאַכן קיין גרויסע פּיקסע-פּאַקסן, צונויפרופן אַ מנין ייִדן, מאַכן אַ גוטן „סאַפּער" און פאַרטיק! ווי ס׳פירט זיך געוויינלעך ביי „דזשאָדעס".
נו, וואָס שווייגסטו?

— כ׳ווייס, לאָז זיין מיט מזל, אין אַ גליקלעכע שעה — האָט לאה געשטאַמלט, זיך אַ וויש געטאָן די פאַרלאָפענע אויגן און זיך גענומען קושן מיט דער שוועסטער — הייסט עס דעם שבת-צו-נאַכטס האָבן מיר אַ חתונה! נא נא, בינם וועט גאָר ניט גלויבן!

— אַצינד לאהשי, האָב איך צו דיר אַ טובה, זאָלסט אַריבערקומען פרייטאָג און זיין ביי מיר שבת, ווייסט דאָך, מיר וועלן האָבן אַלע ארבעט איבערן קאָפּ.

— אָלל-רייט! כ׳וועל קומען און בינם וועט צוקומען שבת-צו-נאַכט אַליין, נו, בלייב מיר געזונט!

זיי האָבן זיך נאָך אַמאָל צעקושט און זיך צעגאַנגען.

---

אַז מיסעס ריטש איז אַריין אין שטוב, איז שוין הערדי געלעגן ווי אַ ליעשטש אויף דער קאַנאַפּע און געשנאָרכט.

— קיין וואונדער — האָט מיסעס ריטש אָפּגעזיפצט — אַ

שיער וואָס דער „באָי" צעפּראַצעוועט, דאָס קומט שוין באַציִטנס אָפּ חבוט-הקבר! כ'וועל אם ירצה השם פון די „ביזנעס" אויך פּטור ווערן. שוין קירצער ווי ווייטער.

זי האָט אַרויסגענומען פון אייז-שענקל אַ ביפשטיק, איבּ אַרויפגעלייגט אויף אַ דראָטענע שאַטקע, אָנגעצונדן דעם גאַז-אויוו און גענומען בראָטן דאָס פלייש. אַ הונגעריקע און אַ מידע האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן גאַז-אויוון, געקוקט ווי דאָס מיט בלוט פאַרגאָסענע פלייש בלעזלט זיך און געהאַלטן אין איין שעלטן אַ רעדן צו זיך.

איצט אַז מיסעס ריטש איז געזעסן איינע אַליין אין שטוב און זיך ניט געדאַרפט פאַר קיינעם אויספּיינען, האָט זי געפילט, אַז כמעט אַלץ, וואָס זי האָט דערציילט דער שוועסטער, איז געווען אַ ליגן. אַז דאָס נאַרט זי זיך אַליין אָפּ! דער געשוואָלענער „סאַלון-קיפּער" הויפּט איר ניט אָן צו געפעלן! און אין אמתן, צו וואָס דאַרף זי זיין געלט? ניט צו פאַרזינדיקן, האָט זי, ברוך השם, אייגנס! און האָט לייכט געקאָנט קריגן אַ לייטישן מאַן, ניט עפּעס אַ וועטעראַן פון דער גאַנצער וועלט! קאָרג צרות איז זי אויסגעשטאַנען פון חיימל פּיאַניצע, זיך פאַרשאָלטן צען מאָל אַ טאָג דאָס לעבן, און אַז גאָט האָט איר בקשה אויסגעהערט...

דאָס שגירל געדאַנקען האָט זיך מיט אַמאָל ביי מיסעס ריטש איבערגעריסן. זי האָט פאַרשטעלט מיטן פאַרטוך די אויגן און זיך שטיל צעוויינט.

סעם איז אַריין מיט ספּאָרטן, געוואָלט גיין צו זיך אין שלאָף-צימער, האָט אים די בעל-הביתטע פאַרשטעלט דעם וועג:

— הייסט עס טאַקע, אַז דו ביסט אויף אַן אמת ברוגז, און וואַרטסט מסתמא איך זאָל דיך איבערבעטן, פאַלן דיר צו די פיס, אַ ניט דערלעבן וועסטו עס, הערסט? דערווייל בין איך עלטער, און אויב דו וועסט נאָך אַמאָל אָפּנעמען געלט אָן מיין וויסן און זיך מאַכן כלא יודע וועל איך דיך אינגאַנצן דורכטרייבן: דאַרפסט מיך שוין קענען! און איצט ביסטו דאָך אודאי הונגעריק, טאָ זעץ דיך צוועק און מיר וועלן עסן.

סעם האָט געשמייכלט.

מיסעס ריטש האָט אַרויסגענומען אַ ברויט, אַ הערינג, צע־שניטן דאָס געבראָטענע פלייש אויף צווייען און זיך געזעצט מיט סעמען עסן.

און פונקט ווי אַ קינד, וואָס רייסט זיך, וויינט און ס׳דאַכט זיך עס וועט נעמען שוין לאַנג ביז מען וועט עס איינגעמען, און אין דערזעלבער רגע פאַרגעסט עס זיך און ס׳ווערט מיט אַן אמת פריילעך, אַזוי האָט מיסעס ריטש נאָכן ערשטן שנעפּסל זיך פאַרגעסן, געוואָרן לעבעדיק און גענומען עסן מיט ביידע באַקן.

— נו סעמקע, וואָס זאָגסטו? ער איז דאָך היינט ווידער גע־ווען, האַקט מיר אָפּ די טירן! לאָזט פשוט ניט לעבן...

— ווער? מיסטער פּאָלאַק?

— ווער דען?

— אין וואָס גייט עס — האָט סעם געשמייכלט — מען האָט חתונה!

כ׳פרעג ביי דיר קיין עצות ניט, געוויס וועל איך חתונה האָבן, דיר אויף צעפּלאַצעניש!

— די טאָכטער האָט אין וועם אַריינצוגראָטן — האָט סעם ביי זיך אַ טראַכט געטאָן און גאָרנישט געענטפערט.

— ווען ער וואָלט נאָר אַזוי פעט ניט געווען — האָט מיסעס ריטש ווייטער גערעדט — כ׳האָב פשוט מורא, אַזאַ מאַשין קאָן זיך נאָך אַמאָל צעגיסן! אַזעלכע פאַרשווינען ווי זיי קומען אַריין אין די פּופּציקער פּלאַצן זיי, קריגן די פּאָפּ־לעקציע!

— אַזאַ שידוך, מיסעס ריטש, איז ווי געוווּנטשן! — האָט זיך סעם צעלאַכט.

— ווער שוין פאַרשטומט בעסער, ווער! כ׳וואָלט נאָר גע־וואָלט זען ווי דו וואָלסט זיך אַריינגעלייגט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט.

סעם האָט ניט געענטפערט, אָפּגעגעסן, געפּילט ווי די אויגן קלעפּן זיך אים פון מידקייט, און איז אַריין צו זיך אין שלאָף־

צימער. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל און באַלד אַנט-שלאָפן געוואָרן.

מיסעס ריטש האָט צוגערוימט די שטוב, אַראָפּגעלאָזט דעם קלאַפּ-שלאָס און שטיל אַריין אין סעמס צימער.

# VI

סעם איז געזעסן אויפֿן פֿענסטער אַן אויסגעפּוצטער אין אַ העלן אַנצוג מיט געלע פּאַנטאָפֿל און געפּייפֿט אויף וואָס די וועלט שטייט. מיידלעך און ווייבלעך פֿון די שכנישע פֿענסטער האָבן זיך ווי צונויפּ=גערעדט, אָנגעהויבן מיט אַ מאָל אויסצוקלאַפּן פֿאַרשיידענע זאַכן, און אַזוי ממזריש געשאָסן „אייגעלעך" גלייך זיי וואָלטן גאָר ניט אויסן געווען. סעם האָט געוווּסט וואָס דאָס באַדייט, האָט ער מיט אַ צופֿרידנהייט פֿון אַ געזונטן, שיינעם זכר, זיך צעפּייפֿט נאָך שטאַרקער, געוואָרן לאָבוס=עזאַטער. די אַמעריקאַנער צנועות האָבן כּלומרשט באַליידיקטע גיך אַריינגעכאַפּט די קעפּ און פֿון הינטער די גאַרדינען נייגעריק אָפּ=געקוקט.

סעם איז געווען גוט געשטימט — געוואַרט אויף פּאָלין, מיט וועל=כער ער האָט זיך געקליבן אַרויסצוגיין.

אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דעם אַלטן משהס קאָפּ. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און זעענדיק, אַז אויסער סעמען איז קיינער נישטאָ, איז ער אַ דרייסטער אַריין.

— האַללאָ האַללאָ! האָט משה געפּאָנפּעט און דערלאַנגט סעמען אויסגעשטרעקט אַ הא־ט.

— האַללאָ האַללאָ! האָט משה געפּאָנפּעט און דערלאַנגט סעמען שלום מיט צוויי פֿינגער. ער האָט מעשה=ייִנגל גענומען די סחורה פֿון סעמס ראָק, געמאַכט אַן ערנסטע מינע, אָנגענומען די וואַרע מיטן פֿלייש צוזאַמען און שקצהדיק אויסגעשריען:

— פּשש, איינמאָל אַ וואַרע! — און זיך צעלאַכט.

סעם האָט געשמייכלט פֿון אַלטנס שפּאַס און דוצנדיק אים, ווי אַלע אַמעריקאַנער ווען זיי רעדן ייִדיש, האָט ער געזאָגט:

— ווי גייטס, משה? מאַכסטו עפּעס גוטע „ביזנעס"?

דער אַלטער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אויסגעוויקלט אַ פּאַפּיראָס פֿון סטראַמאָניום=בלעטער, וואָס פֿאַרלייכטערט די אַסטמאַ, עטלעכע מאָל פֿאַרצויגן און אָנגעהויבן צו רעדן גלייך ער וואָלט פֿאָרטגעזעצט אַן איבערגעריסענעם שמועס:

— הייסט עס, וועגן וואָס שמועסן מיר? יעס! צי כ׳מאַך „ביזנעס״, האַ? אויף אַלע שונאי=ציון געזאָגט! צוריק גערעדט, וואָס קאָן אַזאַ מענטשעלע ווי איך, מ׳שטיינס געזאָגט, מאַכן אין אַמעריקע? אַז דאָ איז אַלץ קאַפּויער, מיט די פֿיס אַרויף! מיר ווייסן, דאַכט זיך, ווי דער פּסוק זאָגט: „כשדים זה עם לא היה״. פֿאַרגעסן, האַ, דו פּרא=אדם, דו? אָבער משה האָט אַן אייזערן קעפּל, כאַ. כאַ, כאַ! ער שפּילט זיך מיט מיר! יעס! זאָגט רש״י, אַז כשדים מאַכט: „קראַוועצי, שעווצי, דאַמסקע אי מענסקע״ — דאַכט זיך גוט, האַ? און מיר ווייסן דאָך וואָס פֿאַרע פּרות אונזערע שניידערס מיט שוסטערס זענען, פֿונדעסטוועגן, איז עס זייער אַמעריקע! ווי אַ פּרעזידענט אין אַ שול — מוז ער זיין אַ שניידער, ברויכסט ווייט צו זוכן? נעם אָט דעם געשוואָלענעם, דעם פּרעזידענט פֿון אונזער שול, מיסטער פּאָלאַק מיין איך — איז ער דאָך אַ גאַנצער דזשענטלמען, אסור טעפּט. און אין דער היים, פֿאַרשטייסטו מיך, איז דאָס געווען דער ווי אַ כאָרטל, און קיין צוויי ניט געקאָנט ציילן, פֿלעגט אָפּשטיין ביי מיר אין פּאָדערהויז שעהן, ביז ער האָט געקריגן אַ „סוטעל״ אויסצופּרעסן, כאַ, כאַ, ער שפּילט זיך מיט מיר!

— משה, האָסט אַ טעות — האָט סעם אים איבערגעריסן — מיסטער פּאָלאַק איז דאָך גאָר אַ ליטוואַק, ווי קומט ער צו דיר אין שטעטל?

דער אַלטער האָט זיך ניט פֿאַרלוירן, וואָס מען האָט אים געכאַפּט ביי אַ ליגן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און גענומען סטאַמען אויף זיכער.

— אַז דו פֿאַרשטייסט ניט, שוטה: צו זיין אין אַמעריקע אַ ליטוואַק פּאַסט אויך צום רימל! ס׳איז ביזנעס! האַ, האַ, האַ! אַ גאַליציאַנער קומט קיינמאָל ניט פֿון גאַליציע, נאַר דו, ער קומט פֿון עסטרייך! שפּילט זיך מיט אונזערע יידעלעך! נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. יעס! הייסט עס, אַמעריטשקע איז אַ שניידערשע מדינה! און נעם למשל מיך? דאַכט זיך געווען אַ ביזנעס=מאַן און געהאַנדלט ניט מיט אַבי וועמען, און לשון האָט מיר, ברוך השם, אויך ניט געפֿעלט, און אַ פֿעדער געהאַט אין דער האַנט — וואָס מיינסטו, וואָס? אַ ליוועראַנט אין קייזערלעכן הויף

ז׳יז אַזוי לייכט צו ווערן? ער שפּילט זיך מיט מיר! פרעגט זיך וואָס?
איז דער תירוץ, גאָרנישט! און דאָ בין איך אַ שלים=מזל, קאָן אַ קאַץ
אַ ווײדל ניט צובינדן, און פון אַלעם געוואָרן אַ ניאַנקע אויף דער עלטער.
מײַן סיידי איז דאָך אַ דימענט און דערצו אַ בעל=תּכלית ניצע, נו, האָט
זי ניט געקאָנט זען ווי דער אַלטער טאַטע גייט אַרום און כאַפּט דעם
אָטעם, האָט זי אים פאַרשאַפט דריי „דזשאַבעלעך״: פאַנאַנדערטראָגן
איבער די הייזער אַ פּאָר ייִדישע צייטונגען, זיך ניאַנטשען מיט אַרטורן
און אחרון, אחרון חביב, אויסלערנען דעם תנא=בר׳עק הערר׳ן מפטיר.
ווּעסט דאָך פרעגן: סטייטש? היתּכן? דער ייִנג איז דאָך שוין פופצן
יאָר אַלט? פאַרזיכער איך דיר, אַז ער מיט פאָלין זענען געקומען פאַר
דער חתונה אויף דער וועלט און ער וועט צו אַכצן אויך ניט קענען,
אַז דאָס איז אינגאַנצן דער טאַטע חיימל פּיאַניצע, עלו השנאָבל! און
מיינסטו, בטבע איז ער געווען אַ שלעכטער ייִנג? אסור! ער פלעגט
דאָס לעצטע העמד פון לייב אַוועקגעבן, געהאַט אָבער אַ מיחוש — ער
האָט ניט געטרונקען, כאַ, כאַ, ער האָט ברודער לעבן, געגאָסן! און געזונט
איז עס געווען ווי אַ דעמב! און מיט אַ מאָל, ניט מיר, ניט דיר, אַזוי
פון דער העלער הויט און דער בחור האָט אויפגעהערט טרינקען, אזוי אויפ=
געהערט, אז ער האָט אפילו דעם גערוך פון בראָנפן ניט געליטן. וואָס
וועל איך דיר דאָ לאַנג ברייען, גלייך ווי דער ייִנג האָט אויפגעהערט
טרינקען האָט ער גענומען איינדאַרן און אין אַ משך פון איין חודש
איז אויף אים אַ פאַרכ׳פעניש געקומען. דו פאַרשטייסט? ס׳לייגט זיך
אפילו אויפן שכל: נעם למשל אַ דעמב איז וואָס מער ער ליגט אין
וואַסער, ווייקט זיך, אַלץ פעסטער איז ער. און ווי דו נעמסט אים נאָר
אַרויס פון וואַסער און לאָזט אים ליגן אויף דער לופט, עסט אים די
לופט דורך. דער דעמב נעמט איינדאַרן און דו קאָנסט אים קרישלען
מיט די פינגער. פאַרקערט, שוואַך האָלץ, ווי למשל, סאָסנאָווע, ווערט
אַלץ שטאַרקער אויף דער לופט, מעגסט מיר גלויבן, כ׳בין אַ מאָל
אַ טישלער געווען, געאַרבעט באַ אַנטיטשנע זאַכן, כאַ, כאַ, ער שפּילט זיך
מיט מיר! דאָס זעלבע זעסטו איז מיט אַ מענטש, מיר פאַרשטייען עס
ניט! דען מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס איז אַ מענטשל אינגאַנצן? סופו לעפר!
אָט איז חיים געוואָרן אויס פּיאַניצע, דאַכט זיך גוט, האַ? נעמט ער
און שטאַרבט אַוועק!

עס האָט זיך דערהערט אַן אויסטערליש קול פון צווייטן צימער:
האַללאַ, האַללאַ! פאָלי, האַללאַ!

— נו, סעמעלע — האָט משה זיך אויפגעשטעלט און אַ ווינק געטאָן מיט די אויגן — מאַרש פון בעטעלע! דאָס קומט זי, פאָלי, מיט איר פּאַפּוגײַ. אַ ווײַל קינד פאָלי, אמת? נו, וואָס זאָגסטו צו מײַן אייניקל, האַ? אַ יאָר אויף מיר, ווי אַ מענטש זי איז! און מיינסטו זי האָט קיין פעלערן ניט? זי האָט אויך אַ פעלער, און אַ מיאוסן פעלער, כאָטש איך טענה, אַז אַ מענטש אָן אַ פעלער איז גאָר קיין מענטש ניט! צוריק־גערעדט, נעם טאַקע מײַן חיימען, ווער ווייס? ס׳קאָן זײַן, אַז דאָס, וואָס בײַ אַלע איז אַ פעלער, איז גאָר קיין פעלער ניט! חיים איז קיין צדיק ניט געווען, האָט ער אָבער געהאַט אַ טבֿע צו מאַכן בײַ יעדן גלעזל אַ „שהכּול" און עס קאָן זײַן, אַז אין דעם זכות האָט ער געלעבט און יוז בלאָך ער האָט אויפגעהערט טרינקען, האָט ער דאָס לעצטע שטריקל איבערגעריסן און געגאַנגען פאַר דער צײַט פון דער וועלט! בײַ פאָלין, זעסטו איז שוין גאָר אויסטערליש, קינדער־ווידער, גיין און האָבן עסקים מיט אַן איטאַליענער און דערצו נאָך אַזאַ פאַרזעעניש דאָס, זעסטו, קאָן שוין מײַן שכל ניט משיג זײַן! נו, אַצינד פּאַק איך זיך שוין אַרויס, ב׳האָב פײַנט צו שטערן! אין די הינזיכטן, פאַרשטייסטו מיך, בין איך ניט פאַנאַטיש! אויך אַ מאָל יונג געווען, כאַ, כאַ, כאַ!

עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ אין טיר
— קאָם אין!

פאָלי איז אַרײַן אין אַ העל דורכזיכטיק קלייד מיט אַ גרינלעכן פּאַפּוגײַ אויפן אַקסל, דער פּאַפּוגײַ האָט יעדע ווײַלע געעפנט זײַן קרומען קורצן שנאָבל און געשריען: האַללאַ! האַללאַ!

דער אַלטער משה, וואָס איז געווען אַ היימישער „מה יפית"־ייִד, ניט געהאַט קיין בושה און עס איז כּמעט געווען אַן אוממעגלעכע זאַך ער זאָל זיך פון אַ זײַטיקן מענטשן באַליידיקן, אָט דער משה האָט בײַ זיך אין שטוב דווקא געוואָלט מען זאָל אים רעספּעקטירן און דער קלענ־סטער קרים פון דער טאָכטער צי פון אַן אייניקל האָט אים באַליידיקט

אַז פאָלי איז אַרײַן האָט זי אַ קוק געטאָן אויפן „גרענד־פּאַ" מיט אַזאַ אָפּלאַכענדן שמייכל, ווי זי וואָלט געזאָגט: איך בין אסור סעמען מקנא, האָסט אים שוין פאַרנודיעט.

דער אַלטער משה האָט זיך גלייך אָנגעבלאָזן און גענומען אַרויסגיין. סעם האָט גיך אַרויסגעכאַפּט אַ זילבערנע מטבע און אַרייַנגעשטעקט דעם אַלטן אין דער האַנט. דער אַלטער האָט באַדאַנקט מיט אַ מאָדנעם ברום און איז אַרויס.

— מיר גייען שוין, סעמי — האָט פּאָלי אַ פרייליכע געזאָגט, איז צו סעמס רעקל, וואָס האָט געהאָנגען אויפן ווענטל פון אַ שטול, און גענומען זוכן אין די קעשענעס נאַשוואַרג פאַר דעם פּאַפּוגאַי. סעם האָט זי אָנגענומען פאַר אירע נאַקעטע עלנבויגנס און זי לייכט אויפגעהויבן:

— דזשי, אַזוי לאַנג טוט מען זיך אָן!

— דאָס הייסט ביי דיר לאַנג — האָט פּאָלי זיך צעשמייכלט, אַ דריי געטאָן מיטן רעכטן פוס אַזוי קונציק, אַז דער שליק, וואָס איז געווען אין פראָנט פון איר קלייד האָט זיך צעעפנט און אַ שוואַרץ-זיידענער זאָק ביז איבער די לידקע האָט אַרויסגעקוקט. — דו ווייסט, אַלעק האָס אַמאָל אין אַ פּראָסט אויף מיר געוואַרט אַ גאַנצן אָוונט און זיך ניט דערוואַרט — — איך ווייס טאַקע ניט — האָט פּאָלי זיך צעלאַכט -- נאָר דו האָסט עפּעס מער מזל פאַר זיי אַלע.

— טאַקע? — האָט סעם מיטגעלאַכט און געקוקט אויף אירע עטוואָס שפּיציקע, ווי מיט גענזענע הויט באַצויגענע עלנבויגנס, וואָס מען זעט אַזוי אָפט ביי זעכצן-יעריקע מיידלעך.

פּאָלי האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז סעם קוקט אויף אירע עלנבויגנס, האָט זי זיך אַ ריס אַרויס געטאָן פון זיינע הענט, גענומען האַצקען מיטן פויגל ווי מיט אַ קינד און שטיפעריש געזאָגט:

— פונדעסטוועגן נעם זיך ניט איבער! און אַז דו וועסט ווערן אַ שלעכט יינגל איז „גוד-באַי, טשאַרלי!“ יעס, דו ווייסט, איך האָב דאָך היינט געקריגן אַ בריוו פון אַלעקן.

— וואָס וויל ער ווידער? — האָט סעם כלומרשט גלייכגילטיק געפרעגט און געפילט בשעת מעשה ווי ער ווערט בלאַס.

— גאָרניש! — האָט פּאָלי געענטפערט און הנאה געהאַט, וואָס עס פאַרדריסט סעמען — כ׳האָב דעם בריוו צעריסן, „טהאַטס אָלל!“

— און וועגן מיר שרייבט ער עפּעס? — האָט סעם געפרעגט און געשמייכלט.

— געוויס, ער לאָזט דיך גריַיטן — האָט פּאָלי זיך צעלאַכט — רעדט אויף דיר אַלדאָס בייז, סטראַשעט אַז ער וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען. דו האָסט דען מורא פאַר אים?

— ווער האָט מורא, ווער? — האָט סעם ווילדעריש געענטפערט — כ'בין צו יעדער צייט גרייט אויסצוהערן פון אים אַ פּרעטענסיע!

— און ווען ער רופט דיך אַרויס אויף אַ „פייט", דעם אמת זאָג, וואָלסטו געגאַנגען? — האָט פּאָלי אַן ערנסטע געפרעגט.

— און דו מיינסט טאַקע, אַז כ'האָב מורא פאַרן „גיני"? טאָ הער: אַז דו ווילסט, רוף איך אים נאָך היינט אַרויס! ער האָט קיין רעכט ניט דיר בריוו צו שיקן! — האָט סעם אויסגעשריען — ווילסט זאָג: אַלץ צוליב דיר, פּאָלי, אפילו אין פייער...

— האַ, האַ, האַ! — האָט זיך פּאָלי צעלאַכט — „גוד־באַי"! און זיך געלאָזט צו דער טיר.

סעם האָט זי אָנגעכאַפּט, צוגעדריקט צו דער וואַנט, צוגעפּרעסט זיין באַק צו אירער און געפילט ווי די פערפומען פאַרשכורן אים. ער האָט זי געקושט אויפן קאָפּ און געפלאַפּלט:

— ניטאָ פּאָלי, מיין קעצל, זיי ניט בייז...

ער האָט זיך מיט אַ מאָל באַגעגנט מיטן בלינדן אויג פון דעם פּאַפּוגאַי, וואָס איז געשטאַנען בּאַ פּאָלין אויפן אַקסל. דער פויגל האָט לייכט געהויבן די פליגל, בייז געקוקט, און סעמען האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט און דער פויגל וועט מיט איין פאַרמעסט פון שנאָבל אים אויסהאַקן אַן אויג. ער האָט אַ ציטער געטאָן און דערפילט ווי איינער, וואָס פאַלט אין חלום פון אַ הויכן באַרג אַראָפּ. פּאָלי האָט זיך אַרויסגעריסן פון סעמס אָרעמס און כלומרשט אַ באַליידיקטע זיך געזעגנט:

— גיי, גיי, איך האָב דיך פיינט, האָסט תמיד אַזאַ שטעכיקע מאָרדע!

סעם האָט געפּלאַצט פון געלעכטער.

## VII

איבער דער לענג פֿון דער גאַס האָבן זיך געטראָגן יינגלעך און מיידלעך אויף „ראָלינג־סקייטס“, באַלאַנסירנדיק מיט לאַנגע שטעקנס. אויף אַ פֿריער אין אַ ווייטע, לויזע בלוזע האָט זיך געטראָגן האַנט אין האַנט אַ זעכצן־יעריק מיידל מיט אַ בחורל אין קורצע הויזן. אַן אויטאָמאָביל איז דורך. דאָס בחורל האָט אָפּגעלאָזט דאָס מיידל, אַ כאַפּ געטאָן זיך מיט איין האַנט פֿאַרן אויטאָמאָביל און אַ צופֿרידענער פֿאַר־זוכדן. דאָס מיידל מיטן לאַנגן צאָפּ האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגע־שטעלט, פֿון פֿאַרדרוס אַ קאָמאַנדע געטאָן מיט דער האַנט, זיך געלאָזט אויף אירע שטאָלענע רעדלעך אין דער צווייטער זייט גאַס און די דריי־צן־יעריקע קאַוואַליערן זענען איר נאָך ווי בינען נאָך אַ „מאַטקע“.

די ברייטע אַספֿאַלט־גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן בערגל־איין, בערגל־אויס אויף מיילן, דאָס מיידל מיט איר לאַנגן צאָפּ און מיט אירע גראַציעזע באַוועגונגען האָבן סעמען געררייצט און ווילד געמאַכט. ער האָט חשק געהאַט אויפֿצוזוכן אַ פֿעסטן, קיילעכדיקן שטיין, אים אַ לאָז צו טאָן איבערן גלאַטיקן אַספֿאַלט אַזוי, ער זאָל אַוועק אָן אויפֿהער.

סעם האָט דערפֿילט ווי די פֿויסטן ציען זיך ביי אים אָן ביז צום פּלאַצן. ער האָט פֿאַרגעסן וווּ ער געפֿינט זיך, געגאַנגען ווי אויף שטאָלצן און הנאה געהאַט פֿון די קלעפּ, וואָס ער גיט אַלעמען.

נעבן אַ „סטאָר“ האָט זיך געטראָפֿן אַ בלעכענע קאַן פֿון מילך, האָט סעם, אַזוי כּלאחר יד, זי אַ בריקע געטאָן מיטן פֿוס אין מיטן גאַס אַריין און געגאַנגען ווייטער.

— ביסט משוגע געוואָרן? — האָט פֿאַלי זיך כּלומרשט געבייזערט.

סעם האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פֿול מויל און געזונטע געלבלעכע ציין, ווי מיט מאָך באַוואַקסענע פּיענקעס, האָבן זיך אַרויסגעוויזן.

אַ „טיהם“ פֿון צען יינגלעך אין קאָלירטע לייבלעך אָן אַרבל מיט

בלויזע צעשויבערטע קעפלעך, האָבן ערגעץ אויפגעזוכט אַ רייף, זי אָנגעהאָנגען באַ אַ לאַמטערנע אין מיטן גאַס און געשפּילט מיט אַ גרויסע, מיט לעדער באַצויגענע פּילקע אין „בעסקעט־באָלל״.

פּונקט ווי אַ פרומער ייִד וועט ניט דורכלאָזן אַ קוש צו טאָן אַ מזוזה, אַזוי וועט דער דורכשניטלעכער, גוטער אַמעריקאַנער ניט דורכגיין גלייכגילטיק איִן דער גאַס, ווען אַ „באָל״ וועט פליען אין דער לופטן.

סעם האָט זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן פון דעם פאַרגעניגן, געוואָלט אויך אַ מצוה טאָן און ניט טרעפנדיק מיט דער האַנט, האָט ער מכבד געווען דעם „באָל״ מיטן פוס וואָס כוח נאָר. צווישן די ייִנגלעך איִז געוואָרן אַ מהומה, זיי האָבן זיִך אַ שאָט געטאָן איינער אויפן צווייטן, זיך געריִסן, געגוואַלדעוועט און סעם האָט אַ צופריִדענער זיִך געגרייט שוין אַ צווייטן מאָל אויסצושטרעקן דעם פוס, ווען ער האָט דערהערט פּאָליִס קול:

— כ׳גיי אַהיים! וועסט שוין אַ צווייטן מאָל וואַרטן כ׳זאָל גיין מיִט דיִר! אַז דו קאָנסט מיִט אַ ליידי ניִשט גיין!

סעם האָט פון גרויס התפעלות אָנגעכאַפּט פּאָלין פאַר דער האַנט, אַריינגעמאַכט זיינע פיִנגער צוויִשן איִרע, געפיִלט ווי זיי בייגן זיִך, קנאַקן און אַ שווייגנדיִקער געשפּאַנט מיִט איִר אַלץ פעסטער.

אַז זיי זענען אַריין אין פּאַרק איז שוין געווען טונקל. דער גאַנצער הימל איז געווען באַדעקט מיט אַ רייצנדע קופּערנע רויטקייט. גלייך ערגעץ ווייט וואָלט מען פייערן געלייגט, פריירעס וואָלטן געברענט אַ פאַרשכורנדע פייכטקייט, ווי דער שווערער אָפּגעהאַקטער אָטעם פון געליבטע, האָט זיך געהויבן פון דער ערד, איינגעהילט אַלץ אַרום. פאַרחלשטע פּאָרלעך זענען געזעסן הינטער די ביימער, זיך איינגעגעסן איינער אין צווייטן אין די העלזער, אין די מיילער, זיך ניט דערשראָקן פאַר מענטשנס טריט און גלייכגילטיק געקוקט אויף זיי, ווי אויף קעגנאיבערדיקע ביימער.

פּאָלי מיט סעמען האָבן געשפּרייזט אויפן ווייכן גראָז, ווי איבער גוט אויסגעקנאָטן טייג, זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, מיט הנאה געפילט ווי די פינגער ווערן אַלץ שטייפער און געזוכט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן אַ פּלאַץ ווו זיי זאָלן זיין אַליין.

אויף אַ ברייטע מיט מאָך = באַוואַקסענע סקאַלע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. שטיל. פֿון דערווייטנס האָט זיך געטראָגן אַן אָפּקלאַנג פֿון אַ „רעג=טיים". אַרום און אַרום האָבן זיך געצונדן און געלאָשן גאָלדפּליגעלעך.

סעם האָט אַ כאַפּ אַרום געטאָן פּאָלין, זי אויפגעהויבן און געוואָלט זי אַרויפזעצן אויף זיין אַקסל. פּאָלי האָט זיך מיט אַ מיידלשן קוויטש אַרויסגעריסן און פֿון גרויס איילעניש איז איר שמאָל לעטשל אַראָפּ פֿון פֿוס, סעם האָט געכאַפּט דאָס לעטשל, זיך געריצט און געלאַכט. פּאָלי האָט אַ הינקעדיקע און מיט אַ געמאַכט געוויין איום געבעטן ער זאָל איר צוריקגעבן דעם שוך. זי האָט זיך מיט אַמאָל אַ האַסטיקן דריי אויס געטאָן, אָנגעכאַפּט סעמען פאַר דער האַנט און אין איין אויגנבליק זענען ביידע געלעגן אויף דעם נאסן גראָז און געפילט ווי זייערע אָטעמס ווערן אָפּגעהאַקט און שווער.

— פּוסי מיין פּוסי, כ׳וועל דיך אויפעסן! — האָט סעם געסאָפּעט און ווי א גרויסער, קודלאַטער הונט שפּילט זיך מיט זיין בעל=הבית און ווייזט אַרויס זיין געטריישאַפט מיט אַ געמאַכטן ביס, מיט אַ לעק, אַזוי האָט סעם ניט געפֿונענדיק קיין ווערטער, זיך געשפּילט מיט פּאָלין, בייסנדיק זי ווו ער האָט נאָר געטראָפֿן.

— ניטאָ, ניטאָ, ניטאָ! כ׳האָב דיך פּיינט! — האָט פּאָלי זיך געצאַפּלט ווי אַ פֿישל און אים אַרומגענומען מיט ביידע הענט. אַרום איז געווען שטיל, נאָר פֿון מאָל צו מאָל האָט מען דערהערט ווי אַ שיפּען פֿון שלאַנגען — דאָס האָט זיך אַ הויך=צוג ערגעץ דורכגעשלייכט. אויף אַ בערגל זענען געזעסן א קאָמפּאַניע בחורים מיט מיידלעך אַרומגערינגלט מיט פֿייערדיקע „פּאָנקס", ווי מיט אַ כשוף=קרייז. די „פּאָנקס" זענען געווען אַריינגעזעצט אין דער ערד, די מיקן זאָלן ניט בייסן. אַ ווייסער סילועט איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אין מיטן קרייז, אַ מאַך געטאָן מיט אַ קליין באַנדל צעוואָרפענע „פּאָנקס", ווי מיט כשוף = שטעקעלעך און פֿאַרשידענע פֿייערדיקע געשטאַלטן ווי האַלבע רעדער, שלאַנגען האָבן געזיגזאַגט אין דער לופט. עס האָט זיך דערהערט אַ שטילע, אָנגענעמע פֿרויען=שטימע:

קליפּ=קלאַפּ אין גאָלדן טיר,
מיין זיס לעבן עפֿן מיר. —

אַ חברה אַמעריקאַנער „בּאָיט“ זענען דורך דעם פּאַרק מיט אַ פּויק פון אַן אַלטן בּלעכענעם קעסל און מיט אַ לוסטיקן „רעג=טיים“=געזאַנג. דאָס געזאַנג האָט אַלץ פאַרהילכט, בּיסלעכווייז זיך גענומען פאַרלירן און אין אַ ווײַלע אַרום איז נאָך שטילער געוואָרן. ערגעץ ווייט האָט זיך פון דער חמימה דער הימל געפאַלדעוועט אין ווייכע בּליצן. אַ שטערן נאָך אַ שטערן איז געפאַלן צווישן די צונויפגעגאָסענע אין דער ווייטקייט בּיימער.

שפּעט אין אָוונט האָט פאָלי דערפילט, אַז עמעצער שטייט נעבן איר און זי האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט ווי אַ הינטל, וואָס שפּרינגט אַרויס פון וואַסער און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סקאַלע.

נעבן איר איז געשטאַנען אַ האַלבּ=נאַקעט ייִנגל מיט אַ קעסטעלע נאַשוואַרג אין איין האַנט און מיט פּעקעלעך „פּאָנקס“ און דער צווייטער.

דאָס ייִנגל מיט אַ חוש פון אַ געניטן פּעדלער און פּילייכט אַ צוקונפטיקן קאָנסול נאָך טערקיי, האָט אויסגעמיטן פאָלין און אונטערגעטראָגן זיין קעסטעלע דעם האַלבּ=שלאָפנדיקן סעמען:

— קויפט, מיסטער, פאַר אייער ליידי, מילך=טשאָקאָלאַד, פינף־טינט אַ פּעקל! די „מאָסקיטדעס“ בּייסן היינט שרעקלעך! — און דערלאַנגט פאָלין אַ פּעקל „פּאָנקס“.

סעם האָט געשמייכלט. אים איז דער קליינער „פּעדלער“ געפעלן געוואָרן, זיך געטראַכט: „יעדער הונט האָט זיין טאָג“ און אים באַצאָלט דאָפּל. ער האָט זיך אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז געווען, איינגעגבורעט זיין צעפלאַמט פּנים אין דעם טוי=באַדעקטן גראָז, געפילט אַ פרישקייט און געטראַכט, אַז ווען אַלעק וואָלט אים איצט ניט געשטאַנען אין וועג וואָלט ער געווען דער גליקלעכסטער. מיט איין שאר פון זיין קערפּער איז ער געלעגן בּא פאָלים פיס און זיי פּעסט אַרומגענומען.

— פאָלי, דאַרלינג, כ'בּעט דיך, שיק אָפּ אַלעקן דעם בּריוו! וועכט אָפּשיקן?

פאָלי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון סעמס הענט און אין ערנסטע געפרעגט:

— און אז כ'וועל ניט אָפּשיקן?

סעם, ניט ערוואַרטנדיק אַזאַ ענטפֿער, האָט זיך עטוואָס פֿאַרלוירן, זיך געפֿונען געקרענקט און כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז מיט בייזן וועט ער ערגער מאַכן, האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשריִען:

– און איך זאָג דיר, אַז דו וועסט אָפּשיקן אַלעקן דעם בריוו!

ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט אַלץ קאַליע געמאַכט און געבליבן שטיין ווי איינער, וואָס שטעלט איין די לעצטע סטאַווקע.

– אַזוי, כ׳וועל גאָר מוזן? נו, דאָס זענען אַנדערע ווערטער! – האָט פּאָלי ביטער א שמייכל געטאָן, אָנגעטאָן דאָס לעטשל און פֿאַרלייגט איין פֿוס אויפֿן צווייטן—ס׳הייסט טאַקע, דו מיינסט מיט אַן אמת, אַז כ׳בין פֿאַרליבט אין דיר און כ׳וועל מוזן פֿאָלגן אַלע דיינע קאַפּריזן, האַ? ניקסי, מיין „באָי”! שלאָג דיר אַרויס די אַלע נאַרישקייטן פֿון קאָפּ! און כ׳וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד – האָט פּאָלי שטילער געזאָגט און צוגעלייגט די האַנט צום מויל – הער זיך איין, דאָס אַלץ איז מער ניט געווען ווי אַ שפּאַס, הערסט? נו, ווי געפֿעלט עס דיר? – האָט זי פֿאַרענדיקט און פֿון גרויס אויפֿרעגונג זיך אַ שטעל אויף געטאָן.

—ס׳געפֿעלט מיר שוין גאָר ניט – האָט סעם געענטפֿערט כּלומרשט מיט אַ שמייכל און זי אַרומגענומען – גיי ביזט אַ קינד. וואָס דו פּלאַפּלסט אַלץ! – און ער האָט גענומען קושן אירע הענט.

– אויב כ׳בין יאָ אַ קינד – האָט פּאָלי אַן אָנגעכמורעטע געזאָגט און אַ שלעפּ אַרויס געטאָן איר האַנט – האָב איך דאָך אודאי געהאַט דאָס רעכט צו שפּאַסן!...

סעם איז אַרויס פֿון געדולד.

– מיט מיר שפּאַסט מען ניט! וואָס מיינסטו, וואָס? זיך לאָזן אַרומפֿירן בײַ דער נאָז? איך בין ניט אַלעק, בין איך ניט! דו מיינסט אַז כ׳ווייס ניט? – כ׳ווייס אַלץ!

—וואָס ווייסטו?—האָט פּאָלי רויִק געפֿרעגט און מיט אַזאַ ביטול געשמייכלט, ווי אַ גרויסער שמייכלט ווען אַ קינד כאַפּט זיך אים שלאָגן.

סעם האָט באַשלאָסן ניט צו ענטפֿערן, נאָר פּאָליס שמייכל האָט אים אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ער האָט אויף דאָס ניי אויסגעשאָסן:

– אודאי ווייס איך! ס׳איז אַ סוד מיינסטו!! דזשייק האַלט אין איין טענהן, אַז דו וועסט קיינמאָל ניט חתונה האָבן, אַז דו, אַז דו

האָסט היינטיש בלוט אין זיך!

דאָ האָט זיך פּאָלי פּלוצלינג צעלאַכט, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דאָס געלעכטער האָט איר אַזוי געשטיקט, אַז זי האָט זיך אַזש געהאַלטן פאַר די זייטן:

— און דו ווילסט דווקא מיט מיר חתונה האָבן? — האָט פּאָלי קוים דערצויגן דעם אָטעם און זיך ווידער צעלאַכט — זייער שיין, מיין יינגל! אבי איך האָב געמיינט עס ליגט דיר אין דער לינקער פּאה ניט! אויב אַזוי, זעסטו, וועל איך דזשייקן אויף צעפּלאַצעניש מיט דיר חתונה האָבן. נו, ביסט צופרידן.

טעם האָט זיך פאַרלוירן, ניט געוווּסט צי זי זאָגט אמת, צי זי מאַכט חוזק און געקוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין.

פּאָלי האָט אָפּגעבראָכן אַ שטיקל טשאָקאָלאַד, איז גראַציעז אונטערגעשפּרונגען צו סעמען און זיך מיט אים גענומען שפּילן:

— מיר אַ שטיקל, דיר אַ שטיקל, מיר אַ שטיקל, דיר אַ שטיקל, מיר-דיר, דיר-מיר — און צום טאַקט אונטערגעטראָגן דאָס שטיקל טשאָקאָלאַד פון איר מויל צו זיינס.

צום סוף האָט זי אַ שטופּ אַריין געטאָן דאָס שטיקל טשאָקאָלאַד סעמען אין מויל אַריין, אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען און זיך קינדיש צעלאַכט.

סעם איז געזעסן אַ צעטומלטער און געפילט זיך אַזוי, ווי מען פילט געוויינלעך שטייענדיק אונטער אַ שפּריץ ווו הייסע און קאַלטע וואַסער גיסן זיך נאָכאַנאַנד.

— אַצינד באַרויק זיך — האָט פּאָלי געזאָגט און זיך צורעכט געמאַכט די האָר — זיי ניט בייז און גיב מיר אַ האַנט. אָט אַזוי!

סעם האָט ניט געענטפערט, געגאַנגען מיט פּאָלין אַהיים און געווען צופרידן, וואָס ער איז ווידער נעבן איר. און כאָטש זיאָס האַריך האָט אים געזאָגט, אַז פּאָלי וועט זיינע ניט זיין, אַז פּילייכט נאָך מאָרגן וועט זי עמעצער צונעמען פון אים, פונדעסטוועגן האָט דער געזונטער סעם דערפילט יענע פרייד פון אַ קראַנק קינד, וואָס ווייס, אַז דער פאָטער נאַרט אים ווען ער שענקט אים זיין גאָלדענעם זייגער ער [illegible] איינגעמען די מעדיצין און איז פאָרט בשעת מעשה צופרידן.

# VIII

פאַרנאַכט איז סעם געזעסן באַ זיין בעל־הביתטע אין „סטיישיאָנערי סטאָר" און זיך צוגעקוקט ווי זיינע חברים שפּילן אין „דייס". יעדע ווײַלע האָט אַן אַנדערער גענומען דאָס לעדערנע טעפּל, עס פאַנאַנדער געשאָקלט, דריי מאָל אויסגעשפּיגן אויף מזל און עס אַ וואָרף געטאָן אויף דער גלעזערנער צאָל־באַנק.

די ייִנגען האָבן געשפּילט מיט מיסעס ריטש, וועלכע האָט אויסגעצאָלט די געווינסן מיט סיגאַרן און נאַשוואַרג. זי איז געשטאַנען אַ צעיאַכמערטע, עטוואָס אויסגעבויגן די פּלייצעס, געקוקט מיט ביידע אויגן די חברה זאָלן ניט מאַכן שקרס, און מורא האָבנדיק מען זאָל דערווייל עפּעס ניט אונטערשלאָגן, האָט זי זיך יעדע ווײַלע אומגעקוקט, ווי אײַנער וואָס שרעקט מען זאָל אים ניט אַ פּלאַטש טאָן אין געזעס אַרײַן.

סעם האָט עס באַמערקט און זיך פאַנאַנדער געשמייכלט, ער האָט זיך פאַרגנבעט הינטער מיסעס ריטש, ווילעריש אַרײַנגעשפּיגן אין דער לינקער האַנט, אָנגעשטעלט די רעכטע און זיך כלומרשט געקליבן צו לייגן מיסעס ריטש אַ חתימה. די ייִנגען מיט סליונע אין די מײַלער האָבן ממש געחלשט ער זאָל וואָס גיכער אַ כמאַל טאָן.

מיסעס ריטש האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז עמעצער שטייט הינטער איר, האָט זי זיך אַ דריי־אויס געטאָן, דערזען סעמען און מיטגעשפּאַסט.

— מער וואָלט דיר שוין קיין צרות ניט געפעלט, פּאַסקודניק דו! — און זי האָט זיך אויסגעגלייכט.

סעם האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, צוגעקנאַקט מיט דער צונג: „אײַ, ווען זי כאַפּט זיך ניט!" — און זיך אַ צופרידענער אַוועקגעזעצט.

אַ פּאָליסמאַן, וועמען עס איז דערעסן געוואָרן זיך צו באַקן אויף דער גאַס, האָט פון לאַנגווײַליקייט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין „סטאָר". ער האָט באַטראַכט דעם עולם און זיך פאַנאַנדערגעשמייכלט, ווי אײַנער

זאָגט: „אַז כ'וויל חברה, קאָן איך אייך אַריינפּאַקן אין שער הרחמים, נאָר זאָר ניט!"

— העלאָ, קעפּטען! — האָט מיסעס ריטש ווילעריש אַ זאָג גע־טאָן, דערזעענדיק דעם פּאָליסמאַן און גלייך גענומען אייגיסן אַ גלאָז קאַל־טע וואַסער — כ'האָף, איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון אַ גלאָז קאַלטע סעלצער מיט סאָק, האַ? „סטעפּ אין!"

דער פּאָליסמאַן איז שמייכלענדיק אריין אין סטאָר. ער האָט אויס־געטרונקען מיט איין צי אַ גלאָז וואַסער, מעשה קאָמאַנדיר באַטראַכט דעם עולם און שפּילנדיק זיך מיטן „קלאָב" האָט ער זיך געווענדעט צו דער חברה:

— קיפּ אַפּ, באָיס! קיפּ אַפּ!

די חברה האָבן ווידער גענומען שפּילן.

דער פּאָליסמאַן איז געשטאַנען אַ ווײַלע, זיך געישובט און צום סוף אויך איינגעשטעלט אַ צען־סענט־שטיק. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די ווערפּל און פאַרשפּילט.

מיסעס ריטש האָט אים בסתר צוריקגעגעבן די פּאָר סענט, אים נאָך מכבד געווען מיט אַ סיגאַר און געדאַנקט גאָט וואָס זי ווערט פון אים פּטור.

סעמען האָט געלאַנגווײַליקט. ער איז געזעסן און געטראַכט וועגן פּאָלין, מיט וועלכער ער איז שוין דעם צווייטן טאָג געווען ברוגז. די חברה פון סטאָר האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז עס איז ניט גלאַטיק וואָס סעם זיצט עפּעס היינט איינער אַליין און שווייגט — האָבן זיי צוגע־שיקט דעם דורכגעטריבנסטן צווישן זיי, ער זאָל אַ טאַפּ טאָן דעם דפק.

דער יינג האָט „דורכגעדזשיגעט" עטלעכע מאָל דעם סטאָר—טאַם־טאַ־טאַ־ראַם־טאַם! טאַם־טאַם! זיך אָפּגעשטעלט נעבן סעמען, אַרויסגע־נומען אַ סיגאַרעט מיט אַ גאָלדענעם שטאָפּסל, אים אָנגעקלאַפּט עטלעכע מאָל אָן שאַכטל, מכבד געווען סעמען מיט אַ צווייטן און זיך אַוועקגעזעצט.

— הער זיך איין, סעם, יעס, וואָס איז דער מער, מען זעט עפּעס פּאָלין ניט? זי פּילט ניט גוט?

סעם האָט פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט, האָט ער אַ לאַנגן צי געטאָן דעם סיגאַרעט, ביסלעכווייז אַרויסגעלאָזט דעם רויך און גע־טראַכט וואָס צו ענטפערן.

— וואָס פֿאַלט דיר איין, וואָס? זי האָט פּשוט קיין צ״ט ניט! וואָס מיינסטו? אַ מיידל פֿאַר אַ חתונה, איז זי טאַקע פֿאַרנומען...

— וואָס איך הער? — האָט דער ייִנג אַ פֿאַרוווּנדערטער געשמייכלט, פֿאַרריסן זיין קורץ אויסגעבויגן ווי אַ זאָטל נעזל און ס׳איז מיט אַמאָל פֿון דער נאָז ביז צום מויל אויסגעוואַקסן אַזאַ שטח, כאָטש נעם און וואַרגל אויס אַ בלאַט לאָקשן. אַזוי, נו, וואָס שווייגסטו, וואָס, דו דע־מעט, שטעק אַריין אַ האַנט — וועסט כאָטש בעטן אויף דער חתונה, דו — — ?

— ווי דען, ווי דען!

— איין זאַך טוט מיר הנאה — האָט דער געלער בעקלאַפּט סעמען אויף דער פּלייצע — וואָס דער „גיני" איז געבליבן מיט אַ נאָז!

— ער מיינט טאַקע, עפּעס גרעסערע קנאַקערס ווי דער „גיני" זיינען געבליבן מיט נעז!

— אַזוי? אָן געלעכטער, סעם, מאַך מיך טאַקע קלוג — האָט דער געלער זיך געמאַכט תמעוואַטע — וואָס אַזוינס האָט פּאָלי אין דיר גע־פֿונען? זי האָט לייכט געקאָנט קריגן א „פּראָפּעשאנאַל". האָסט מזל, גאָד־דעמעט, טהאַטס אָלל!

— יו בלאַק העד! — האָט סעם ווילדעריש געענטפערט און אַפּער־געוואָרפֿן זיינע פּיס מיט די געלע האַלבע שיך און געלע זיידענע זאָקן — ווען דו וואָלסט געוווּסט ווער עס האָט זיך אַלץ צו פּאָלין געשדכנט וואָלטסטו נשתּומם געוואָרן! קענסט דאָקטאָר פריד?

— נו?

— ער שיקט איר נאָך היינט בריוו!

— און זי?

— זי עפּנט זיי צומאָלט ניט, צעררייסט און פֿאַרטיק!

— אַזוי?

— טרי טשירס! טרי טשירס, באָיס! — האָט אַ ייִנג אויסגעשריען.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען פּאָלי אין אַ ווייסע „ראָשען"־בלוז, געשנורעוועט פֿון ביידע זייטן מיט בלויע זיידענע טאַשמעס און מיט אַ בלויען מאַטראָזן קאָלנער.

די ייִנגען האָבן זיך גלייך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות, ווי די זעלנער, גענומען לייכט „דזשיגען" מיט די הויכע אָפּצאַסן, קנאַקן מיט די

פינגער, און פאַלי אַ שיינענדיקע, מיט אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן איז דורך ווי אַ געגעראַל, וואַרפנדיק שמייכלען רעכטס און לינקס.

אַ יינג אין אַ בלוי העמדל מיט אַ זיידענעם קעפ איבערן רעכטן אויער איז אַרויס אין מיטן „סטאָר“ און מיט אַ שטימע פון אַ „קעמפיין“־רעדנער האָט ער אויסגעשריען:

— פי! עי! יו! על! וואַי!

און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט

— פי! עי! יו! על! וואַי! פאַלי!

זיי האָבן פאַרגעסן אָן אַלעם, געטאַנצט פון איין פוס אויפן צווייטן, געקנאַקט מיט די פינגער און עס האָט אויסגעזען ווי אַ מחנה אינדיאַנער וואָלטן געפראַוועט עפעס אַ הייליקן טאַנץ.

סעם איז געשטאַנען, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון פאָלין און געקוואָלן. אַ קלייניקייט! זיי ווערן דאָך אַלע פאַרכאַפּט פאַר איר?

מיסעס ריטש האָט געוווסט, אַז איצט וועט שוין קיינער מער ניט שפּילן, האָט זי באַהאַלטן דאָס לעדערנע טעפל און אַ בייזע געשאָלטן:

— מען האָט זי דאָ געדאַרפט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר! אַן אָנשיקעניש! און איר — האָט זי זיך געווענדעט צו די יינגען — זייט אַביסל שטילער, בײַ מיר איז קיין טאַנץ־זאַל ניט!

— גאָר זיך ניט געבייזערט, מיסעס ריטש, איר וועט דאָך איצט מער לייזן — האָט אַ געלער יינג מיט אַן אָפּגעגלעטן קאָפּ געזאָגט און געקויפט אַ פעקל טשאָקאָלאַד.

פאַלי האָט זיך געמאַכט ניט הערן די מאַמעס געוואַלדן, זי האָט געקייעט טשאָקאָלאַד, ג. שוועבט ווי אַ פויגל פון איין יינג צום צווייטן, בראַציעז געהויבן אירע אַקסלען, יעדן עפעס איינגערוימט און דער עולם האָט געהאַלטן אין איין לאַכן.

סעם איז געשטאַנען אין אַ זייט און באַמערקט, אַז פאָלי מיידט אים אויס, האַלט ניט פאַר נויטיק זיך אָפּצושטעלן נעבן אים. זי איז עטלעכע מאָל פאַרביי זיין נאָז, זיך געמאַכט אים ניט זעען, צום סוף האָט זי זיך אַ פלוצלינגן דריי אויס געטאָן, ווי איינער וואָס דערזעט אַ נ ט ערוואַרטעטן גאַסט, און גריסנדיק אים מיט דער האַנט, האָט זי גענומען טענהן מיט אַ צווייטן.

סעם האָט דערפֿילט אַ מאָדנע שנאה צו פֿאָלין און איז בלאָס געוואָרן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף אים, ווייסן, אַז ער איז אויסגעשפּילט און ער האָט שטאַרק חשק געהאַט אָפּצוטאָן עפּעס אַזוינס, אַז אַלע זאָלן נאָר וועגן אים רעדן און טראַכטן.

סעם איז אָבער אַ מזיק געווען, און פּונקט ווי אַ גנב, וואָס דערשמעקט דער ערשטער, אַז ער איז אַריינגעפֿאַלן און איידער וואָס ווען ווערט ער דער חכם, יאָגט אויך און שרייט: „כאַפּט אַ גנב!" — אַזוי האָט סעם זיך אַ ביס געטאָן אין דער אויבערשטער ליפּ און געוואָרן מיט אַמאָל לעבעדיק. ער האָט געוואָלט מיט וואָס אַוועקצונעמען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון פֿאָלין — האָט ער זיך אַ שטעל אַוועק געטאָן אין מיטן „סטאָר" און גענומען נאָכמאַכן אַ וואָדעוויל־פֿאַיאַץ. ער האָט אַ צי איין געטאָן די אויגן ווי שמאָלע, שאַרפֿע מאַנדלען, וואָס קומען זיך, דאַכט זיך, צונויף, ערגעץ הינטער דער נאָז, געמאַכט אַ נעבעך־פּנימל און זיך פֿאָרגעשטעלט אַלס דער נאָבעלער „לאָנדרי־מען" טשון־טשו־גו. אויף אַן עכט־כינעזישן ענגליש האָט ער אויסגערעכנט זיינע פֿאַרדינסטן פֿאַר אַמעריקע. ער האָט אָפּגעגעבן אַ שבח דעם הייליקן קאָנפֿוציוס, קלאַפּנדיק דעם שטערן זיבן מאָל אין דער פּאָדלאָגע, וואָס ער האָט זיך באַמיט פֿאַר זיינע „הימל־קינדער" און געגעבן חכמה דעם „ניט־ריינעם" נאָר פֿאָרט נאָבעלן קאָלומבוס צו אַנטדעקן אַמעריקע. אַז ניט וואָס וואָלטן נעבעך אַזוי פֿיל „הימל־קינדער" געטאָן? און אַמעריקע איז אַ „קאָנטרי" פֿון „האָררי־אָפּ" — האַלט מען טאַקע אין איין שוויצן. די מענער קאָנען אַ וועלט פֿארפֿלייצן! און די ווייבער? זאָל דער הייליקער קאָנפֿוציוס שומר ומציל זיין!

דער עולם איז אזוי באַגייסטערט געוואָרן פֿון סעמס דרשה, אַז ער האָט פֿאַרגעסן ס'איז דאָ אַ פֿאָלי אויף דער וועלט, געקייכט פֿאַר געלעכטער און עטלעכע מאָל אויפֿגעהויבן סעמען.

אַ פּוילישע דינסט־מויד מיט אַ פֿעט מילכיק פּנים איז אַריין אין סטאָר. זי האָט זיך א פּנים פֿאַרשעמט פֿאַר די יינגען און מאָדנע גענומען שפּרייזן, גלייך אַ שטעקן וואָלט זיך איר געפּלאָנטערט צווישן די פֿיס. זי האָט געגעבן מיסעס ריטש אַ גלעזערנע קרוג און געבעטן סאָדע־וואַסער.

— אָט איז אַ שיין מיידל — האָט פּאָלי שפּאַסיק געזאָגט — גאָ״
עהעד, באָיס״, מאַכט „לאָוו״ צו איר!

— אַ יינג האָט זיך גלייך צוגעשאַרט צו דער דינסט, איר געגעבן צוקערלעך, געמאַכט קאָמפּלימענטן און זעענדיק, אַז די שיקסע לאַכט מיט אַזאַ שעפּסן געלעכטער פון זיינע חכמות, האָט ער אויך די הענט גע־נומען צו הילף, און ווו אריין צו קניפּן האָט ניט געפעלט.

די „מאַריכנא״ האָט זיך כלומרשט געוועלט און זייענדיק זיכער, אַז די „אַמעריקאַנצעס״ פאַרשטייען ניט קיין פּויליש, האָט זי גערעדט אַזעל־כע רייד, אַז אַ קאָזאַק וואָלט רויט געוואָרן און פון גרויס הנאה אַריינ־געלאַכט זיך אין בוזעם אַריין אַזש צום וויינען.

ווען די מויד האָט שוין געוואָלט אַרויסגיין האָט סעם איר דורכ־געקרייצט דעם וועג און זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ פּוס. די מויד האָט אַ קוויטש געטאָן, זיך צוגעזעצט און די גלעזערנע קרוג איז צעפאַלן אויף שטיקלעך.

— מזל־טוב! מזל־טוב!

עס איז געוואָרן אַ טומל.

מיסעס ריטש האָט געמאַכט קולות, געזידלט סעמען, געטריבן פון „סטאָר״ אַרויס און גענומען אויפווישן דאָס וואַסער און אויפקלייבן די שטיקלעך גלאָז.

די „מאַריכנאַ״ האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, געקוקט דאָ אויף מיסעס ריטש, דאָ אויף דער צעבראָכענער קרוג און געהאַלטן ביי פאַ־נאַנדערוויינען זיך.

— נו, וואָס שטייסטו וואָס, ווי אַן אָנגעמלאָכטער — האָט מי־סעס ריטש אַ שטופּ געטאָן סעמען — דו קאָמעדיאַנט מייגער! איצט זיי זשע מוחל און קויף איר אַ „פּיטשער״!

פּאָלי האָט זיך געקייקלט פון געלעכטער.

סעם האָט ערגעץ דערטאַפּט אַ קרוג, זי אָנגעגאָסן מיט וואַסער און משלח געווען די דינסט.

די מעשה מיט דער קרוג האָט סעמען עפּעס מאָדנע צעטרייסלט. עס איז אים מיט אַמאָל אומעטיק געוואָרן און ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט.

פּאָלי האָט עס באַמערקט.

— „באָיס“, ווער נעמט מיך נאָך ”קוני“? — האָט פּאָלי קאַ־
פּעטיש געפרעגט — כ׳האָב גאָר קיין חשק ניט דאָ זיך צו פּרעגלען...

אַלע האָבן זיך געכאַפּט פאַר די קעשענעס, זיך עלעגאַנט פאַרנייגט, ווילעריש געקלונגען מיט די ממתקים און יעדער איינער איז גרייט געווען כאָטש שוין כאַפּן אַן אויטאָמאָביל און פליען.

— און דו, „בייבי“ — האָט פּאָלי סעמען אַ פּאַטש געטאָן מיט איר ווייס־זיידענע הענטשקע אין פּנים אַריין — וואָס איז דער מער מיט דיר? וואָס ביסטו עפּעס מיט אַמאָל אַזוי שטיל געוואָרן?

— ער טרויערט נאָכן צעבראָכענעם „פּיטשער“ — האָט זיך איינער אָנגערופן.

— ער איז פאַרליבט. — האָט דער געלער אויסגעשריען, אַ גנבישן ווינק געטאָן מיט די אויגן און בשעת מעשה אַ דריי געטאָן מיט די אויערן ווי אַ פערד.

— טאַקע? — האָט פּאָלי סעמען געפרעגט.

— טאָ לאָז ער ווייזן די צונג! — האָט אַ צווייטער אַן עצה געטאָן.

סעם האָט אַליין ניט געגלויבט ער זאָל זיך קאָנען אַזוי פאַרלירן, געוואָרן מיט אַמאָל בלאַס, געפילט ווי ער ווערט אַן אויפגעקאָכטער, געמיינט, אַז אַלע האָבן זיך צונויפגערעדט, לאַכן פון אים און ער האָט געטראַכט צו זאָגן פּאָלין אַזוינס עס זאָל איר פינסטער ווערן אין די אויגן. ער האָט אָבער אַ נאַרישן שמייכל געטאָן און אַרויסגעשטעקט אַ צונג ווי אַ לעדער.

פּאָלי איז עפּוואָס רויט געוואָרן, גענומען סעמען שלאָגן איבערן פּנים מיט איר זיידענע הענטשקע און געשריען:

— אָ, יו פרעש טהינג!!

סעם האָט זיך איינגעבויגן און וועלנדיק פּאָלין אויסמיידן, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אָן אַ זייט, זיך פאַרטשעפּעט אין אַ טשוואָק און געמאַכט אַ געוואַלד־ריס ווי אַ דלת אין זיין נייעם ראָק.

— ניט אַנדערש, ווי משוגע — האָט מיטעס ריטש געקווי־טשעט — אַז די מויד איז ווילד, רוט ניט ווי דער סמבטיון! האָט ער צעבראָכן אַ קרוג, זיך צעריסן דעם ראָק, גיי האָב טענות, אַז מענטשן זענען „ביזי“!

— ס׳מאַכט ניט, מיסעס, מען האָט קויפן אַ צווייטן! — האָט סעם גוטמוטיק געענטפערט.

פאַלי האָט אויף גיך איינגעפּעדעמט אַ דינע נאָדל, איז צו צו סעמען און אים גענומען פאַר דער האַנד:

— ביסט בייז, סעם? אַז כ׳בין אויף מיין וואָרט ניט שולדיק!

זי האָט אים געגעבן אַ שטיקל פּאָדים צו קייען פאַר אַן עין־הרע און גענומען אויף גיך פארנייען דעם ריס.

סעם האָט אָן אַלעם פאַרגעסן. ער איז געשטאַנען אַ גליקלעכער מיט עטוואָס צעשפרייטע הענט און פיס, געוועזן יעדע מינוט גרייט אַרומצונעמען פּאָלין און געפילט דערביי ווי איינער וואָס האַלט אַ קאָשיקל אייער און שרעקט ער זאָל ניט צוקוועטשן.

ער האָט געפילט ווי פּאָליס זיידענע האָר קיצלען זיין פּנים און יעדעס מאָל ווען עס קומט איר אויס אָפּצורייסן דעם דרים שפּאַרט זי אָן איר קני אָן זיינע.

די חברה זענען געשטאַנען אַרום און זיך געוויצלט.

סעע איז מיט אַמאָל בלאַס געוואָרן און געפילט ווי ער טרייסלט זיך איינגאַנצן — אַלעק איז אַריין אין סטאָר.

אַלעק האָט זיך מיט אַלעמען באַגריסט, געוואָרפן אַ בליק מיט זיינע שוואַרצע, רירעוודיקע אויגן, וועמענס שאַרפן בליק זעלטן ווער עס האָט געקאָנט אויסהאַלטן. זיין קליינער באַוואַקסענער ביז אין דער העלפט מיט האָר, שטערן און די טעטוירטע אַנקערס אויף זיינע הענט האָבן עדות געזאָגט, אַז דער בחור האָט שוין ניט איין חטא באַגאַנגען. ער האָט געטראָגן אַ העלן אַנצוג מיט אַ ווייסן, געקעס־טעלטן קעפּ.

— האַלאָ, אַלעק! האַלאָ! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטן.

אַלעק האָט זיך מיט אַלעמען באַגריסט, געוואָרפן אַ בליק אויף פּאָלין מיט סעמען. ווי דער לעצטער איז געשטאַנען מיט צעשפּרייטע הענט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז סעם פאַרמעסט זיך צו אַ טאַנץ, ער האָט זיך ניט ווייסנדיק געמאַכט און געבעטן אַ סיגאַר.

מיסעס ריטש האָט באַמערקט אין זיינע אויגן, אַז ער איז ניט ניכטער, האָט זי אים געוווּנטשן ער זאָל פאַרשרפעט ווערן מיטן סיגאַר צוזאַמען און זיך אָפּטשעפּען פון איר טאָכטער.

פּאָלי האָט געענדיקט גייען, אויסגעגלייכט דעם שניט פון די פינגער און זיך געווענדעט צו די יינגען.

— נו, באָיס, ווי געפעלט איר מיין „דזשאָב“?

— פיין, עקסעלענט! — האָבן אַלע אויסגעשריען און געקוקט דאָ אויף אַלעקן דאָ אויף סעמען, ווילנדיק, אַז די באַגעגעניש זאָל גלאַט ניט אָפּגיין.

— האַללאָ, פּאָל! דו דערקענסט שוין ניט קיין באַקאַנטע?...

— אָ, אַלעק, האַללאָ, כ'האָב דיך אסור געזען — האָט פּאָלי פאַרמשט אַן איבערראַשטע געזאָגט — ווי גייטס? פאַר וואָס זעט מען דיך גאָר ניט?

אַלעק האָט ניט געענטפערט. ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין יעוועלירל מיט אַ גאָלדן קייטעלע און עס פּאָלין געוויזן.

— אָ, ווי שיין דאָס איז! — האָט פּאָלי אויסגעשריען און באַטראַכט דאָס יעוועלירל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גאָלדן קרעני-צל סאַמעטלעך, געזעצט מיט פּערל און אין דער מיטן אַ בריליאַנט ווי אַן אַרבעס. — זאָגט איז עס ניט שיין? — האָט זי זיך גע-ווענדעט צו דער חברה און עס אָנגעטאָן.

סעם האָט דערפילט ווי דאָס בלוט, וואָס האָט אין אים גע-בומען קאָכן בשעת אַלעק איז אַריינגעקומען, האָט אים מיט אַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין פּנים אַריין. ער האָט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט. איז דאָס מעגלעך, אַז פּאָלי זאָל אַזוי רעדן צו אַלעקן אין זיין געגנוואַרט, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פּאָלין אין די אויגן אַריין, ווי ער וואָלט דערמיט געזאָגט: פאַרגעס זיך ניט, איך בין אויך דאָ...

— ס'געפעלט דיר? — האָט אַלעק געפרעגט.

— אָ, דזשי! — האָט זי פּאַטעטיש אויסגעשריען און אַ בליק געטאָן מיט אירע שוואַרצע אויגן.

— אויב עס געפעלט דיר, טאָ נעם עס! — האָט אַלעק אַ ברום געטאָן.

— דו מאַכסט שפּאַס — האָט פּאָלי געצויגן די ווערטער און געווען זיכער, אַז דאָס יעוועלירל באַלאַנגט שוין צו איר.

זי האָט באַמערקט ווי די מוטער ווינקט צו איר זי זאָל דאָס ניט נעמען, שרייט „לאַו" און כאָטש זי האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, האָט זי זיך געשטויסן, אַז מען הייסט זי ניט נעמען.

פּאָלי איז צוגעגאַנגען נענטער צו אַלעקן.

— דו מיינסט מיט אַן אמת כ׳זאָל עס נעמען?

— באַליידיקסט מיך פּאָלי — האָט אַלעק אַ בלאָסער געזאָגט — דו מיינסט אַז איך בין עפּעס „קאַיק", וואָס מאַכט פופצן דאָלאַר אַ וואָך? איך בין אַלעק — בין איך!

ער האָט אַרויסגעכאַפּט צוויי פולע הענט מיט פּאַפּירן-געלט.

— נאַ, אויב דו ווילסט גיב נאָר אַ פּיפּס און האָסט צוואַנציק אַזעלכע יעוועלירלעך און נאָך בעסערע, דען איך בין אַלעק!

ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ פולע האַנט פּאַפּירן-געלט אויף דער צאָל-באַנק און ווייזנדיק מיטן פינגער האָט ער זיך געווענדעט צו מיסעס ריטש:

— זעסט, פאַר דערפאַר קאָן איך אָפּקויפן דיין גאַנצן סטאָר און איך שענק עס דיר אַוועק: דען איך בין אַלעק! וואָס שטייסטו! קלייב עס צונויף!

מיסעס ריטש איז רויט געוואָרן, זיך געקווענקלט אַ ווײַלע און וואַרפנדיק אים דאָס געלט אין פּנים אַריין האָט זי אויסגעשריען!

— דהע העלל, מיט דיין געלט!

אַלעק האָט געשמייכלט, געהייסן מאַכן אַ וואַרע, געסטראַשעט, אַז ווער עס וועט אויפהייבן אַ פּאַפּירל וועט ער די בעבעכעס אַרויסנעמען און אויפגעקליבן דאָס געלט. ער האָט זיך אַ נערוועזער געווענדעט צו פּאָלין:

— קום פאַר אַ שפּאַציר!

— איך ברויך דיך צו האָבן! — איז מיסעס ריטש אַריין אין דער מיטן.

— אָלל-רייט, — האָט פּאָלי געענטפערט און זיך ניט צוגעהערט, וואָס די מוטער זאָגט — כ׳גיי! — און זי האָט זיך געווענדעט צו סעמען — קום סעם, מיר וועלן זיך דורכגיין.

סעם, וועלכער איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן און זיך יעדע רגע געקליבן צו וואַרפן אויף אַלעקן, איז אַזוי צעטומלט

געוואָרן פון פּאָליס פּראַגע, אַז עס האָט אים גענומען איבער אַ מינוט ביז ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל פון אים, ער האָט פאַרקוועטשט די פויסטן און געענטפערט:

— כ'גיי ניט!

פּאָלי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— דערויף האָסטו געדאַפט אַזוי לאַנג צו קלערן? — און זי האָט זיך געווענדעט צו אלעקן — אַל-רייט, אַלעק, אַז ער וויל ניט, גייען מיר ביידע.

— דו וועסט ניט גיין! — האָט די מוטער געשריען.

— מיסעס ריטש, פאַרוואָס האָט איר מורא צו לאָזן אייער טאָכטער צו גיין מיט מיר? דערפאַר וויל כ'בין ניט קיין ייד? דערפאַר וואָס דער „סאָן ע' גאָן", סעם, סטראַשעט, אַז כ'וועל פאַלין נאָך דער חתונה פאַרקויפן? ווייל כ'בין אַ „גיני"?

אלעק איז פון גרויס רגזה געוואָרן אַ פאַרפלאַמטער, די אויגן האָבן זיך ביי אים פאַרקאַטשעט און רויט געוואָרן, די נאָז-פליגל געציטערט, דאָס מויל האָט זיך צעעפנט און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ רויכערנדער קראַטער.

ער האָט זיך גענומען קלאַפּן מיט ביידע פויסטן אין דער ברוסט אַריין.

— כ'שווער אייך, מיסעס ריטש, אַז אויב איר ווילט ווער איך מאָרגן אַ ייד! און כאָטש כ'בין אַ „גיני", בין איך טויזנט מאָל בעסער פאַר סעמען דעם פאַרדאַמטן ש. — —

דאָס לעצטע וואָרט „שיני" האָט ער ניט דערזאָגט, האָט אַ סאָפּע געטאָן און אַלע האָבן געמיינט, אַז ער וואַרפט זיך אויף סעמען.

סעם האָט דערפילט, אַז ס'ווערט אים פינסטער אין די אויגן און ער האָט זיך אַ ריס געטאָן צום איטאַליענער.

— דו זוכסט אַ פּרעטענסיע, דו הינטישער זון?! קום אַרויס אויף דער גאַס, גיכער, דו גאָטס פאַרדאַמטער דו! — און אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק.

חברה זענען גלייך אַריין אין דער מיטן, זיי פאַנאַנדערגעשיידט. ביידע, סיי סעם, סיי אַלעק, האָבן זיך געריסן איינער צום צווייטן.

מיסעס ריטש האָט געקוויטשעט:

— כ'וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן! גנבים, „באָמס“, אַרויס! כ'גיי רופן אַ פּאָליסמאַן!

זי האָט איינגעטונקען אַ סמאַטע אין וואַסער און גענומען קלאַפּן איבער די קעפּ.

אַלעק האָט עפּעס איינגערוימט פּאָלין און אַרויס מיט דער גאַנצער חברה אויף דער גאַס.

מיסעס ריטש האָט נאָך אַלץ געשריגן:

— דו וועסט זיך נאָך אַ ווייסט יאָר אויסריכטן, דו כאַנטע, דו! ברעך הענט און פיס, אַרויס פון מיין שטוב! כ'וויל דיך מער ניט קענען, ניט קוקן אין דיין טרפהן פּרצוף אַריין! גיי צום אי־טאַליענער, גיי, אַבי פון מיינע אויגן אַרויס!

פּאָלי האָט ניט געענטפערט.

סעם האָט זיך ניט צוגעהערט וואָס מיסעס ריטש זאָגט, ער האָט אויפגעשטעלט זיין קאָלנער פון רעקל, כאָטש אין דרויסן איז געווען אַ שרעקלעכע היץ און איז אַרויס.

# IX

סעם האָט געשפּאַנט איבערן טראָטואַר אַ צעטראָגענער, די הענט אין די הויזן-קעשענעס און זיך געהאַלטן אין איין שילטן. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז אַלץ אַרום אים איז ענג געוואָרן, אַז פאַר אים מיט אַלעקן איז דאָ קיין פּלאַץ ניטאָ מער און איינער מוז אומבאַדינגט אַראָפּגערוימט ווערן. צו מיינסטן איז סעם בייז געווען אויף פּאָלין. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אין אַלעם איז זי שולדיק, אַז ווען זי וואָלט אַלעקן ניט געגעבן אַ געלעגנהייט וואָלט ער קיינמאָל קיין חוצפּה געהאַט אָפּצושפּילן אַזאַ חתונה. סעם האָט אַלעקן כמעט ווי ניט באַשולדיקט. אַ מאַנספּאַרשוין — האָט ער מיט זיך געטענהט — איז ניט מער ווי אַ הונט, אַז מען ווייזט אים אַ פינגער וויל ער די גאַנצע האַנט. ער וואָלט אויך בעסער ניט געווען, פונדעסטוועגן איז ער זיכער געווען, אַז היינט, מאָרגן אויב ער וועט זיך טרעפן מיט אַלעקן וועט איינער פון זיי געוויס די קאָפּיטעס אויסציִען. אים איז איינגעפאַלן, אַז די געזונטסטע זאַך וואָלט פאַר אים געווען ווי ער גייט און שטייט צו פאַרלאָזן ניו-יאָרק, כאָטש ביי זיך איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט עס ניט טאָן, אַז אויב ער וועט אפילו אַוועק, וועט ער זיך פון מיטן וועג אומקערן, בלויז דערפאַר, אַז אַלעק זאָל ניט מיינען דאָס דער „שיני״ האָט זיך איבערגעשראָקן און געמאַכט פּליטה.

ער איז אויך זיכער געווען, אַז פּאָלי ליבט קיינעם ניט — ניט אים און ניט אַלעקן. און וואָס מער ער האָט וועגן דעם געטראַכט אַלץ מער האָט ער זיך איבערצייגט, אַז פּאָלי איז אַ שלעכטע, זייער אַ שלעכטע, אַז זי האָט אין וועמען צו זיין געראָטן, אַז דאָס שפּילט זי זיך מיט זיי — פונדעסטוועגן ווען פּאָלי קומט איצט צו אים וואָלט ער מיט איר אַנטלאָפן ווו דער פּעפּער וואַקסט.

בײַ סעמען האָט דער מח געאַרבעט אַזוי קלאָר און שנעל ווי ער אַרבעט געוויינלעך נאָך אַ פרײַלעכע נאַכט, ווען עס פעלן ניט עטלעכע גלעזלעך אייז־ווײַן. יעדע קלייניקייט האָט זיך בײַ אים איבערגעחזרט בולטער און שאַרפער, בליצנהאַפט געשפּרונגען פון איין זאַך צו דער צווייטער. עס זענען אים אויפן זינען אַרויף דזשייקס ווערטער, אַז פּאָלי שפּילט זיך מיט אים, אַז זי וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן, דען זי האָט אין זיך היגטיש בלוט.

סעס האָט זיך מיט אַמאָל צעלאַכט. ער האָט זיך דערמאָנט ווי דזשייק אין זײַנע אויסגעדריוולטע הויזן האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט מיטן ניגער פון אַלע טרעפּלעך אויפן טראָטואַר. דאָס געלעכטער האָט אים עטוואָס אויסגעניכטערט און ער האָט באַשלאָסן גלײַך זיך אַריבערצוכאַפּן צו דזשייקן.

אַן עלטערע איטאַליענערקע אין אַ נאַציאָנאַלע קרינעלינע מיט אַ שטרויען חוזק־קאַפּעליושל, פונקט ווי מען טוט אָן פערד אין די גרויסע היצן, האָט אַן אײַנגעשפּאַנטע געשלעפּט אַ שפּיל־קאַסטן אויף צוויי רעדער.

אַ מיידל ווי אַן אויסגעגאָסענע, אָן אַ טאַליע, האָט איר נאָכגעטראָגן אַ צימבעלע. די איטאַליענערקע האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן טראָטואַר, גענומען שפּילן עפּעס אַן אַלטן וואַלס און דאָס מיידל האָט אַקאָמפּאַנירט.

דאָס מיידל מיט איר פולקייט און די קײַלעכדיקע פּלייצעס, מיט איר אָפּגעבערענט באַחנט פּנים, מיט אירע גרויסע, פּאַרוואָלקנטע אויגן האָט אומערוואַרטעט גענומען אָפּשטעלן אַלע דורכגייער, גלײַך זיי וואָלטן געטראָפן געוואָרן פון אַ שטיל שיסנדע ביקס. און ניט איין גאַליציאַנער אָדער אונגאַרישער פּעדלער מיט פאות האָט פאַרשאַרצט זײַן שוואַרצן, שטרויענעם קאַפּעליוש און נכשל געוואָרן אין איר בליק.

פון די אַרומיקע הײַזער האָבן זיך גענומען אַרויסשיטן מיידלעך אין קורצע, ווײַסע קליידלעך, זיך געפּאָרט, זיך געשלאָסן אין קרענץ, גראַציעז און ריטמיש געהויבן די פיסלעך און צוגעזונגען אויף זייערע קינדישע קולעכלעך. אַ פּאָרל איז דורך. דאָס מיידל האָט ניט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון, האָט זי גענומען גיין צום טאַקט טאַנצנדיק. דער יונג האָט מיט איין האַנט אַרומגעכאַפּט דאָס מיידל

פֿאַר דער טאַליע, זיך פֿאַרמאָסטן צום טאַנץ און אָפּגייענדיק אַזוי עטלעכע טריט זענען זיי פֿאַרשווּנדן מיט אַ געלעכטער.

סעם איז געוואָרן אויפֿגעהייטערטער. ער האָט חשק געקריגן אַ טשעפּע צו טאָן די איטאַליענערן און אין דער זעלבער צייט האָט ער ווי פֿאַר עפּעס זיך געשראָקן. און ניט בחנם! סעם האָט געוווּסט, אַז די שיינע „גינישע" מיידן, וואָס שמעקן מיט „ווערזשעטייבעלס" און האָבן דאַכט זיך קיין בייז גאַל ניט, קאָנען, פֿונדעסטוועגן, פֿאַר דער מינדעסטער זאַך אַריינזעצן אַ מעסער. ער האָט זיך באַגעגנט מיט אירע גרויסע אויגן, זיך צוגעגעבן קוראַזש און אויסגעשריען:

— בעללא סיניאָרא!

דאָס מיידל האָט אַריינגעלאַכט אין צימבעלע אַריין און שטאַרקער גענומען פּויקן.

סעם האָט כּמעט אָן אַלעם פֿאַרגעסן, געווען גליקלעך, שוין חרטה געקריגן צו וואָס ער גייט צו דזשייקן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט אַ „ניקל", אויסגעשריען: קאָפּ־שלאַק און אים אַ וואָרף געטאָן אין דער לופֿט. ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דזשייקן. ער איז געגאַנגען גיך, זיך מיט אַמאָל געפֿילט בכּח אַ וועלט איינצולייגן און כּמעט צופֿרידן געווען וואָס ער האָט זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט אַלעקן.

איצט האָט ער געוווּסט ווו ער איז אין דער וועלט און באַשלאָסן צו שלאָגן מיט אַלע כּפּרות. ער איז געוואָרן ווילדער, און פּונקט ווי אַ יינגער זשערעבעץ צעבריקעט זיך, ווען מען לאָזט אים אַרויס אויף דער פֿריי, אַזוי איז סעם דורך דעם טראָטואַר מיט ברייטע אָרעמס און ניט איינעם אַ שטורך געטאָן אין אַ זייט.

באַרג־אַראָפּ טראָטואַר איז געשטאַנען אַ „פּושקאַרט" מיט „גראָסערי"־זאַכן, האָט סעמען דאָס האַרץ ניט געלאָזט דורכגיין און האָט עס פֿאַרטשעפּעט. דאָס וועגעלע האָט גענומען פֿליען באַרג־אַראָפּ און דער גראָסערי־יונג איז אַ ווייסן פֿאַרטוך מיט פֿלאַכע הינקעדיקע פֿיס פֿון צופֿיל גיין איז נאָכגעלאָפֿן און געשריען: אי, אי, ס'איז נאָך די אייער! ס'איז נאָך די אייער!

סעם האָט זיך צעלאַכט, פֿאַרלאָפֿן אויף אַ פֿריער און אָפּגעשטעלט דעם פּושקאַרט. עס איז אים אפֿילו איינגעפֿאַלן צו געבן אַ פּייער־אַליאַרם

אויך – האָט ער זיך אַרומגעקוקט, געזען עס איז צו ליכטיק און געשפרייזט ווייטער.

ער איז אַרויף צו דזשייקן, געקלונגען עטלעכע מאָל, געקלאַפּט אין טיר, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט אַן אָפּשטייענדע בלעך, נאָר קיינער האָט ניט געעפנט. סעם האָט באַשלאָסן, אַז עס איז דאָרט מסתמא קיינער ניטאָ, האָט ער אַביסל פון פאַרדרוס, וואָס ער האָט קיינעם ניט געטראָפן, גענומען אויסקלאַפּן אין דער אָפּשטייענדער בלעך ווי אין א פויק אַ מאַרש.

— אַ קלאַפּן זאָלסטו קאָפּ אין וואַנט! – האָט ער געהערט אַ קול פון אינעווייניק.

ער האָט זיך עטוואָס דערשראָקן, אַ צי אַרויף געטאָן די אַקסלען, צעעפנט דאָס מויל און אַרויסגעלאָזט אַן אַי-אַי-אַי!

און פונקט ווי אַ יינגל, וואָס טוט אַ קוועטש אָן אַ עלעקטריש קנעפל פון אַ פרעמדער טיר און מאַכט פליטה מען זאָל אים ניט כאַפּן, אַזוי האָט סעם געוואָלט אָפּציען.

— צו אַלדע שוואַרצע יאָר, אַ העזה דאָס האָט צו קלאַפּן אין פרעמדע טירן!

סעם האָט זיך אויסגעדרייט, דערזען ווי פון דער צעעפנטער טיר רוקט זיך אַרויס אַ געזונטן, באַרוויסן ווייבל מיט אַ קינד אויף דער האַנט. דאָס ווייבל האָט מיט איין האַנט צוגעהאַלטן די טיר, אַ בלישטש געטאָן מיט אירע קליינע, שוואַרצע אויגן און איינציענדיק דאָס שנעבעלע ווי אַ יינג חזירל האָט זי זיך צעקוויטשעט.

— אַ די הענט זאָלן דיר אָפּגעדאַרט ווערן, דו באָמטשיסקע! האָסט געהערט אַמאָל? אַ קלאַפּעניש אויף זיין קאָפּ! דיין גליק וואָס „מיינער” איז ניטאָ — איז זי זיך פאַרגאַנגען אַלץ העכער און דאָס שנעבעלע האָט זיך געבלעזלט – אַז ניט וואָלט ער דיר דעם מח צעפלעטט, געוויזן ווי ר'נאָך צו קלאַפּן אין פרעמדע טירן! קוק אים נאָר אָן! ווי עס שטייט און גלאָצט מיט די אויגן! דאָס קאָן קיין צוויי ניט ציילן! אַרויס פון דאַנען, דען כ'רוף אַ פּאָליסמאַן, דו כאָלערעטשיסקע!

סעם האָט זיך פון אַזאַ ברוך הבא עטוואָס פאַרלוירן, נאָר זעענדיק ווי דעם קינד איז מיט אַמאָל געפעלן געוואָרן דער מאַמעס נאָז און ווי דער קליינער האָט זי אָנגעהויבן מיטביידע הענטלעך צו מעל-

קן, אַזוי אַז זי איז אַזש פֿאַרפֿלאַמט געוואָרן, האָט ער פֿאַרגעסן אָן אַלעם און האָט זיך צעשמייכלט.

די מוטער האָט אַ פּנים מורא געהאַט אָפּצולאָזן מיט דער האַנט די טיר, איז זי נאָך בייזער געוואָרן, זיך ניט געקאָנט קיין עצה טאָן, געשריען: „לאָז אָפּ ממזר!" און געוואָרפֿן דעם קאָפּ ווי אַ ניסנדע קאָבי-לע. דעם קינד איז די המצאה געפֿעלן געוואָרן, האָט ער זיך צעגאָדערט אויף זיין שטייגער און מיט אַ קינדישע שמחה אַרומגעכאַפּט די מוטער מיט ביידע הענטלעך.

דאָס ווייבל האָט זיך צעלאַכט.

— אל בעטש יו, עס פּאַסט אייך פיל שענער ווען איר לאַכט! — האָט סעם גוטמוטיק געזאָגט.

דאָס ווייבל האָט זיך צעפּינטלט, עטוואָס רויט געוואָרן און ווי זי וואָלט זיך אָט איצט דערמאָנט, אַז זי שטייט מיט אַ מאַנסביל, האָט זי מיט איין אויג, אַזוי כּלאחר יד, באַטראַכט איר הולך, אַריינגעשאַרט די באָרוויסע פיסלעך הינטער דער טיר און איינשנורלענדיק נאָך שטייפער איר שנעבעלע האָט זי געזאָגט:

— ניט געטראָפֿן ס'אָרט, מיסטער לעבן! מיר קענען אייך! מאַכט ליבערש ניט קאַליע קיין רייד, אומזאָנסט אייער טרחה! — האָט זי פֿאַרענדיקט און אַ צופרידענע געוואָלט פֿאַרמאַכן די טיר.

— אַנטשולדיקט לײדי, איר האָט אַ טעות! — האָט סעם געזאָגט — איר האָט ניט וואָס מורא צו האָבן, כ'וועל אייך אסור באַגנבענען! דאָס בין איך געקומען צו אייער „באָרדער" צו דזשייקן.

— טפֿוי! — האָט זי אַ שפּיי געטאָן — האָסט געהערט אַמאָל! מיינע וויסטע חלומות — — — איר האָט דאָך באַלד געקאָנט זאָגן דאָס זעלבע! נו, נעמט ניט פֿאַר אומגוט, מיסטער, איר ווייסט דאָך הײנטיקע צייטן טאָר מען ניט זיין קלוג, עס זאָל אַזוי ניט טרעפֿן ווי עס טרעפֿט! אָט האָט מען מיין שכנטע אַזוי ר'נאָך באַגנבעט. עס איז אַריינגעקומען אַ מאַן, כלומרשט דער געז-מאַן, זיך געפֿורקעט ביים געז-מעטער און איר אַרויסגעריסן די דיימאָנדס פֿון די אויערן! יעס, וואָס האָב איך גע-וואָלט זאָגן? איר דאַרפֿט דזשייקן? כ'מיין צו וואָס דאַרפֿט איר אים? ס'איז טאַקע ניט מיינע „ביזנעס", נאָר עס וואָלט שוין צייט געווען דער

[illegible]צג זאָל קריגן אַ „דזשאַב" — האָט דאָס ווייבל געהאַלטן איין אײן מאָלן.

— פּליעז, לאָזט מיך אַריין צו אים — האָט סעם געשמייכלט.

— וואָס הייסט? — האָט זי געזאָגט און אָפּגעלאָזט די טיר — מיטן בעסטן פאַרגעניגן! אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, דזשייק איז איצט ניטאָ, נאָר אַז איר ווילט זייט זשע מוחל און וואַרט צו אַביסל, ער דאַרף באַלד אָנקומען.

סעם האָט זיך געקווענקלט צי ער זאָל אַריין, נאָר באַגעענענדיק זיך מיט דעם ווייבלס שוואַרצע אויגן, מיט אירע רירעוודיקע קיילעכדיקע פּלייצעס, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז מען דאַרף ניט זיין קיין יאָלד און איז אַריין.

זי האָט אים אַריינגעפירט אין דזשייקס צימער און אים געגעבן אַ שוועבעלע.

— אַז איר ווילט צינדט אייך אָן די געז, כ׳מוז אַ קוק טאָן צום „סאַפּער". איר ווייסט דאָך, אַז אַ מאַנסביל קומט אַהיים און די שיסל איז ניט גרייט — האָט זי זיך צעלאַכט און קאָקעטיש אַרויס פון צימער.

ביי סעמען האָט זיך עפּעס געבאָמבלט אין מח, ער איז עטלעכע מאָל דורך דעם צימער, אַ שפּיי געטאָן און אָוועקגעלייגט דאָס שוועבעלע.

דער צימער האָט געשמעקט מיט געקאָכטע וועש, מיט זיסע, געבראָטענע קאַרטאָפל. מער ווי אַ בעטל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ נאָרע אין אַ תפיסה און אַ שטול מיט אַזאַ גלאַנציקע פאַרב, וואָס האָט אַ טבע זיך איינצוקלעפּן אין געזעס אַריין — איז אין צימער גאָר ניט געווען.

סעם איז צו צום פענסטער. דורכן אָפענעם פענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ שמאָלן פיר־עקיקן הויף, ווי אין אַ ריזיקן קאַסטן, האָט זיך געהערט ווי אַ הייזעריקער פאָנאָגראַף זינגט:

אַ בריוועלע דער מאַמען,
זאָלסטו ניט פאַרזאַמען — —

צוויי „יענטעס" פון קעגנאיבערדיקע פענסטער זענען געזעסן אין די בלויזע העמדער מיט איבערגעוואָרפענע פאַרטוכער, געשמאַק זיך קאַלופּעט די נאָז און זיך דורכגעשמועסט אויף דער העכסטער אָק-

טאַווע, אויף אַ טיפֿן „טשודנעם" ליטווישן לשון, ווי זייערע „באַיציקעס אושפּיעוואַיען אין שקול".

עפּעס אַן אַלטע איטאַליענערן מיט צעפּאַטלטע קודלעס ווי אַ מכשפה האָט זיך אַרויסגעבויגן פֿון איר פֿענסטער ביז איבער דער העלפֿט, געוויזן אַ ווייבל אַ קליין קעצל, געמאַכט מיט די הענט, געלאַכט און געגאָדערט אויף איר לשון. דאָס ווייבל האָט אַ פּנים גאָר ניט פֿאַרשטאַנען, געהויבן מיט די אַקסלען, נאַריש מיטגעלאַכט און, איין גאָט ווייס פֿאַר וואָס, זי האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן אויף גויִש: דאַ, קראַסיווי קאָטיאָנאָק! קראַסיווי!" און גלייך זיך געוווּנדעט צו אַ שכנה:

— זי זאָל אַזוי וויסן פֿון איר קאָפּ, צי כ׳ווייס וואָס זי דבֿרט צו מיר?!

קינדער האָבן אַריינגעקאַטשעט אין מיטן שמאָלן הויף אַ באַרל מיסט, עס אונטערגעצונדן און אַ געדיכטער רויך, ווי טונקעלע שטיקער צעריסענע וואַטע, האָט זיך גענומען שפּאַרן אַרויף. די ווייבער זענען געבליבן זיצן ביי די צעעפֿנטע פֿענסטער, איינגעאָטעמט דעם שמעקנדיקן ווייַרוך ווי קיינמאָל גאָר ניט און גערכילותט אויף וואָס די וועלט שטייט. און אַז דער רויך האָט זיך שוין פּעסט פֿאַרקליבן אַ יידענע אין גאַז אַריין, אַז זי האָט פֿאַרריסן דעם קאָפּ און אַ נאָס געטאָן, האָט די שכנטע פֿון קעגנאיבער אונטערגעכאַפּט:

— איר זעט, מיסעס לעבן, כ׳זאָג קיין ליגן ניט! אָט האָט איר געגנאָסן דאַרויף!

---

— אָ-אָה, זע נאַר, זע, ווי פֿאַלסטו אויס צו פֿאַרבלאָנדזשען אַהער? — האָט דזשייק אויסגעשריען ווען ער האָט געטראָפֿן ביי זיך אין צימער סעמען.

— און איך האָב געמיינט, אַז כ׳וועל זיך שוין ניט דערוואַרטן אויף דיר — האָט סעם געזאָגט און אים אַריינגעשטעקט שלום — האַללאָ, דזשייק! ווי גייטס? דו ווייסט איך האָב שוין שיער קיין קלעפּ ניט געכאַפּט פֿון דיין מיסעס, וואָס פֿרעגסטו — —

— וואָס הייסט? האָט אים דזשייק איבערגעשלאָגן מיט אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע — געוואָלט מאַכן קוצעניו-מוצעניו?

— ס׳וואָלט אסור קיין עולה געווען — האָט סעם שמדיש געענטפערט — און גלויב מיר, אַז דערפאַר וואָלט זי מיך שוין גאָר ניט געשלאָגן!

— מיט וואָס ביסטו אַזוי זיכער? — האָט דזשייק לאַכנדיק געפרעגט.

— דו לאַכסט דאָך, האַ? זאָג איך דיר פאַרלאָז דיך אויף סעמען, אין די ענינים, פאַרשטייסטו מיך, בין איך אַ מזיק! מעגסט הערן! כ׳קלאַפּ עטלעכע מאָל אָן אין דער טיר און מען ענטפערט ניט, מיין איך קיינער איז ניטאָ און וויל שוין אַוועקגיין. נאָר ווי גייט מען דאָס אַוועק אָן אַ לעצט־געלט? פוילט זיך מיינער ניט און טוט אַ טערעבעניץ אין דער טיר, אַז זי האָט זיך אַזש אונטערגעהויבן, גיט זיך די טיר אַן עפן און דיין מיסעס איז אַרויס. וואָס זאָל איך דיר דערציילן, עס האָבן מיר שוין קיין צרות ניט געפעלט, זי האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ גנב, ווי געפעלט דיר דאָס?

— כאַ, כאַ, כאַ! — איז זיך דזשייק פאַרגאַנגען — ער שפּילט זיך מיט איר? נו, נו?

— וואָס נו, כ׳האָב געזען, אַז כ׳וועל שוין דאָ גלאַט ניט אָפּשניידן, האָב איך זיך אויסגערעדט, כ׳ווייס אַליין ניט פאַר וואָס, וועגן יענע זיבן גוטע זאַכן און איך זע ווי דאָס ווייבל צעפינטלט זיך — נו, ווער איז גערעכט?

— כאַ, כאַ, כאַ! -- איז זיך דזשייק פאַרגאַנגען נאָך העכער — נו, וואָס שטייסטו? זיץ! — און אים אונטערגערוקט אַ שטול.

סעם האָט זיך אַוועקגעזעצט און דזשייק מיט פאַרלייגטע הענט אויף אַהינטער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער.

סעם, וואָס איז אַהער געקומען מיט דער דעה אַלץ דזשייקן צו דערציילן, איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס און זיך געקליבן אַלץ אין איינעם אויסצושיסן. אים איז אָבער שווער געווען צו צוזוכן אַן אָנהויב, צו מאַכן אַ התחלה. און יעדעס מאָל ווען ער איז שוין פאַרטיק געווען און געוואָלט אַרויס מיט לשון, האָט ער זיך באַגעגנט מיט דזשייקס אויסגעדאַרטער, ציטערדיקער, ווי מיט קוועק־זילבער אָנגעגאָטענער פיגור, און די רייד זענען אים געבליבן שטיין אין גרגרת.

דזשייק האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף סעמס אַקסל און גוטמוטיק געפרעגט:

— אָן געלעכטער, סעם, זאָג, ס׳אַרע גוטע יאָר האָבן דיך מיט אַמאָל אַהערגעבראַכט?

סעם האָט זיך אַ ווײַלע געישובט און ס׳איז אים אויפן אָרט איינגעפאַלן אַ ליגן:

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, מיר האָבן זיך אַזוי פאַררעדט, אַז כ׳האָב שוין באַלד פאַרגעסן צו וואָס איך בין געקומען. יעס, דו ווייסט, כ׳האָב דאָך פאַר דיר אַ „דזשאב", פאַר דיר וועט ער זיין ווי געוווּנטשן, בלויז דריי שטונדן אַ טאָג צו אַרבעטן — —

—זײַער שיין פון דיין זייט, מיין ליבער סעם — האָט דזשייק אים איבערגעהאַקט, בשעת מעשה אַריינגעמאַכט די הענט אין די הויזן-קעשענעס און זיי אַ מאָד[illegible] צי אַרויף געטאָן, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט די הויזן הענגען און טריקענען זיך — נאָר ווי דו קוקסט מיך אָן וועל איך שוין אָפּלעבן מיינע פאָר יאָר אָן אַ „דזשאב".

— און פון וואַנען נעמט מען צו „פופלען"? — האָט סעם געפרעגט.

— האַ, האַ, — האָט דזשייק זיך צעלאַכט — דאָס טענהן דאָך אַלע, „יו בלאָק העד!" ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע! נאָר זיי קיין קינד ניט, הער מיך בעסער אויס: דו וועסט אויך מודה זיין, סעם, אַז עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מענטש ער זאָל זיין צופרידן מיט זיין פאַך. און מען האָט, ברודערקע, גאָר ניט מורא פאַרן מאָרגנ-דיקן טאָג אויך, דען פון הונגער איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבן! יעדער איינער רעדט וועגן זיין אַרבעט מיט שוים אויפן מויל, האַלט אין איין דריזגען מיט די קאָפּיטעס און פונדעסטוועגן גייט ער אין שפּאַן. ווייסטו פאַר וואָס? טאָ הער וואָס דזשייק זאָגט: שוין טויזנטער יאָרן ווי מען האַקט דעם מענטש אין קאָפּ אַריין, אַז ער מוז אַרבעטן, אַז אַרבעט מאַכט זיס דאָס לעבן און נאָך אַזעלכע חכמות ביז דאָס האָט זיך אַזוי איינגעגעסן אין מענטשן, אַז אַרבעטן איז פשוט ביי אים געוואָרן אַ [illegible], פונקט ווי עסן און שלאָפן. און אַז עס טרעפט זיך אַ מענטש טרייסלט זיך

פאַנאַנדער און הערט אויף צו אַרבעטן קוקט מען אויף אים ווי
אויף אַ משוגענעם, באַקאַנטע באַדויערן און ווייכן אויס און אָט
פאַר די באַקאַנטע שעמען מיר זיך! מענטשן ווילן ניט פאַרשטיין —
האָט דזשייק זיך צעהיצט און געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין דער
צעעפנטער האַנט אַריין — ווילן ניט פאַרשטיין אַזאַ איינפאַכע זאַך,
אַז יעדער האָט פונקט אַזאַ רעכט ניט צו אַרבעטן, ווי יאָ צו אַר־
בעטן. דען שטעל דיר פאָר — דאָ האָט זיך דזשייק אויסגעגלייכט
און גענומען שפּאַנען איבערן צימער — שטעל דיר פאָר, ווען
כ׳האָב זיך היינט אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גרויסער טאָג, מיין
צימער, אָט די קאַנורע אפילו, האָט זיך געטוקט אין זון. כ׳בין
געלעגן און זיך געפילט אַזוי פריש, כאָטש נעם און פלי אַרויס
דורכן פענסטער! פונקט ווי אַ קעצל שפּילט זיך מיט אַ קנויל פאָ־
דעם, האָב איך זיך געשפּילט מיט די זילבערנע שטויבעלעך, וואָס
זענען אויסגעוואַקסן נעבן מיין בעטל. אַלץ אַרום האָט באַ מיר
אויסגעזען שענער, יום־טובדיקער — — ווערסט לאַכן, נאָר פון
תמיד אָן האָב איך פיינט אַ שפּין, אפשר דערפאַר וואָס מיין מו־
טער האָט מיר תמיד נאָך קליינערהייט געזאָגט, אַז אַ שפּין איז אַ
מצוה צו דערהרגענען, ווייל זי האָט געבראַכט פייער צו פאַרברע־
נען דאָס בית המקדש. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, האָב איך
פיינט אַ שפּין און ווו כ׳זאָל זי ניט טרעפן מוז איך זי דערהר־
גענען. און היינט אין דער פרי, זעסטו, האָב איך אַ לענגערע צייט
זיך איינגעקוקט ווי אַ שפּין האָט געוועבט אַ פאָדעם, זיך אויפגע־
הויבן, זיך אַראָפּגעלאָזט, אפנים זיך געהנדלט צו אַ צווייטע שפּין,
וואָס איז געזעסן אין דער מיט פון אַ שפּין־וועב און זיך געוויגט.
און די שנאה איז פאַרשווונדן. און אפילו די שפּין, אַלץ האָט באַ
מיר געהאַט מלא חן! ווייסטו פאַר וואָס דאָס אַלץ איז געווען?
ווייל כ׳האָב קיין זאָרג נישט געהאַט, געווען פריי—און פאַרקערט, ווען
כ׳וואָלט היינט געדאַרפט גיין אַרבעטן, וואָלט איך זיך מסתמא
אויפגעכאַפּט אַ ניט־אויסגעשלאָפענער, ווי אַ רוח זיך אָנגעטאָן, שטייענ־
דיקערהייט אַריינגעכאַפּט דעם „ברעקפעסט", מיט פאַרגעניגן דער־
הרגעט די שפּין און געלאָפן אין פאַרשטיקטן „שאַפּ" אַריין,
געהאַלטן אין איין טראַכטן ווי ר׳גאָך צו געפעלן דעם

"פּאָרמאַן" און אַזוי אַ טאָג פאַר אַ טאָג, אַ טאָג פאַר אַ טאָג — —

דזשייק איז אַנטשוויגן געוואָרן, געשפּרייזט איבערן צימער.

די אַלע שטיקלעך געדאַנקען, וואָס האָבן באַ סעמען ערגעץ טיף דאָרט גערדרעמלט, האָבן מיט אַמאָל ערוואַכט און ער האָט דערפילט, אַז דזשייק זאָגט אמת, אים האָט פאַרדראָסן פאַר וואָס ער האָט דזשייקן אָפּגענאַרט און זיך צוגעבנדיק קוראַזש האָט ער גענומען אַלץ דערציילן.

סעם האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן אים, אַלעקן און פאָלין. ער האָט לאַנג גערעדט, יעדע ווײַלע אָנגעהויבן פון אָנהויב, אַרייגגעמישט זייטיקע זאַכן, זיך געהיצט, איבערגעגעבן פון מאָל צו מאָל זיינע געפילן מיט אַן אומדרוקבאַר וואָרט און מיט אַ שפּיי, פונדעסטוועגן האָט אים ס'האַרץ ניט געלאָזט דערציילן דעם גאַנצן אמת און ניט ווילנדיק איז אויסגעקומען, אַז פאָלי האָט אים טאַקע אין דער ערד, נאָר דערפאַר האָט ער זי אויך אין דער ערד. פרעגט זיך וואָס? איז כאָטש הרגע אים וויל ער ניט, אַז אַ ייִדישע טאָכטער זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ „גיבי".

דזשייק האָט אַ פאַרינטערעסירטער אַלץ אויסגעהערט און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— בנאמנות, אַ ווויל מיידל! לאַנג לעבן זאָל זי! האַ, האַ, האַ! נו, נו, און זי? זי איז אודאי געשטאַנען און געקוואָלן ווי דו האָסט זיך געריסן מיט אַלעקן, האַ? און גלויב מיר, ווען דו ברעכסט אים אָן די ביינער, וואָלט איר הנאה געטאָן, דען דו שפּילסט זיך מיט פאָלין! דאָס איז אַ וואַזשנער מויגל! אַזאַ מויד, פאַרשטייסטו מיך, דאַרף מען „לינטשן", און אַלע וואָס דרייען זיך אַרום איר ווייסן עס, שעפּטשען אין דער שטיל דאָס זעלבע און פונדעסטוועגן פויזעט מען פאַר איר אויף אַלע פיר, מען קריכט פון דער הויט איבערצושטייגן איינער דעם צווייטן, אַבי מער איר צו געפעלן. און איך בין בעסער געווען מיינסטו? נאָך היינט אפילו ווען כ'טרעף זי, פיל איך ווי די הענט און פיס ווערן באַ מיר אָפּגענומען, דען אַזאַ טבע האָט שוין דער מענטש! דען וואָס זאָלסט

ניט זאָגן, אַן אינטערעסאַנטע מויד איז זי! זי האָט אין זיך משוגענע שטיק. אויסטערלישע קאַפּריזן. זי איז אַ מכשפה און פונדעסטוועגן איז יעדער איינער וויליק צו קריכן פאַר איר אין פייער! און גלויב מיר, אַז קיינער קען זי ניט, אַלע וואָס דרייען זיך אַרום איר טענהן, אַז פּאָלי איז אַ יינג. אַ טעות, זעלטן צו געפינען אַזאַ ליידנשאַפטלעכע מויד ווי זי איז! זי לאָזט ניט דורך קיין איין „בייזבאָל גיים". און דו מיינסט טאַקע, אַז זי איז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם שפּיל? ניקסי! איר געפעלן די מיאוסע, ווי רויע „ביעף-סטייקס", צעווירענע פּנימער פון די שפּילער. זי האָט דאָך אַלעקן פיינט, לאַכט פון אים, אַז ער שמעקט ווי אַלע איטאַליענער מיט „באַרבער" און „וועדזשעטייבלס" און פונדעסטוועגן, אַז זי דערזעט זיינע ברייטע פּלייצעס צעקאָכט זיך אין איר דאָס היניטישע בלוט. און מיט אַן אמתן, האָב איך ניט שטאַרק ליב קיין „גיני", זיי פאַרליבן זיך שוין עפּעס צו פיל אין אונזערע מיידלעך און כ'האָב גלאַט פיינט אַ מאַן, וואָס לאָזט זיך מל זיין צוליב אַ מויד...

דזשייק איז אויף אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן און ווידער אָנגעהויבן:

— דהע העלל, כ'האָב זיך היינט צערעדט ווי אַ יידענע, ס'איז מיר שוין טרוקן אין האַלז, „קאם אן באָי", גיב מיר אַ פּאָר סענט, כ'וועל אַריינכאַפּן אַ „פּיטשער" ביר.

סעם האָט אים געגעבן און זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל.

— און דו צינד אָן די געז! — האָט דזשייק געזאָגט און אַרויס פון צימער.

סעם האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן, פאַרמאַכט די אויגן און געפילט, אַז דזשייק איז גערעכט. מען דאַרף זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די אַלע נאַרישקייטן און פאַרלאָזן ניו-יאָרק.

דזשייק איז אַריין, אַ ברוטשע געטאָן פאַר וואָס סעם האָט ניט אָנגעצונדן די געז און אַליין אַ רייב אָן געטאָן אַ שוועבעלע אָן דער וואַנט.

נאָך דזשייקן האָט זיך אַריינגעשאַרט אַ הויכער, דאַרער יינג מיט אַן אָנגעפּאַקט מויל פּלייש. ער האָט הילכיק געקייעט, זיך

געווישט די הענט אָן זײַנע לײַוונטענע אויבער־הויזן, וואָס זענען געווען אויסגעשמירט מיט כּלערליי פֿאַרבן און עס האָט אויסגעזען, אַז דער ייִנג קלויבט זיך אָפּצוטאָן אַ שווער שטיקל אַרבעט.

— טשאַרלי — האָט זיך דזשייק געווענדעט צום ייִנג — זעסט, דאָס איז מײַן פֿרײַנט סעם — און אויסדרייענדיק זיך גלײַך צו סעמען האָט ער געוויזן מיטן פֿינגער אויפֿן ייִנג — און דאָס איז מײַן באָס טשאַרלי!

— פּליעז טו מיעט יו!

טשאַרלי האָט געענטפֿערט מיט אַ פּייף פֿון זײַן דאַרע לאַנגע נאָז, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ צוגעקלעפּטע, זי אַוועקגעשטעלט אין מיטן פּנים און ווי נאָר ער האָט זי אָפּגעלאָזט איז זי גלײַך אַ גלאַנציקע צוריקגעשפּרונגען אָן אַ זייט.

— נו, דזשייק — האָט טשאַרלי געזאָגט — ווי זעט מען שוין אַ גלעזל ביר?

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן טשאַרליס ווײַבל מיטן קינד אויף דער האַנט.

— קום שוין, קום, ווו ביסטו דאָ אַרײַנגעקראָכן, וואָס — האָט זי כּלומרשט אַ שלעפּ געטאָן דעם מאַן בײַם אַרבל און אַליין אויך געבליבן שטיין.

— לאָז געמאַך — האָט טשאַרלי געשמייכלט — אַז דער באָרדער טריעט — האַ, האַ!

— איך זאָג אײַך, סעם, איר זאָלט אים ניט געבן — האָט דאָס ווײַבל קאָקעטיש געזאָגט — ס'איז אַ שיער וואָס ער גיסט אין זיך אַרײַן! אַ גאַנצן טאָג ליגט מען מיט די „פּיינטערס" אין סאַלון און מען טרינקט ביר!

— נאָנסעס, — האָט דזשייק געשמייכלט — איר שרײַט, דאָך אַז אײַער מאַן איז צו דאַר, טאָ גיט אים וואָס מער ביר, וועט איר זען ווי ער וועט ווערן פֿעט.

— האַ, האַ, האַ, גערעכט! — האָט טשאַרלי געלאַכט, בויגנדיק דעם קערפּער ווי אַ הויכער ייִנגער בוים, ווען עס בלאָזט אַ ווינט, און האָט אַרײַנגעצויגן אַ גלעזל ביר.

דאָס קינד האָט זיך צעוויינט. דאָס ווײַבל האָט קונציק צעשפּילטע

איר לויזע בלוזע, פֿאַרשטעלט מיט דער האַנט און געגעבן דעם קליינעם צו זויגן. באַלד האָט זי זיך פֿאַרגעסן, זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און אָפּגעלאָזט די האַנט.

— נו, אַז דו האָסט זיך שוין צעלייגט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן — האָט טשאַרלי אָנגענומען די ווייב ביי דער האַנט און געוויזן אויף איר צעשפּילעטע בלוזקע — טאָ קום שוין טאַקע אַרויס!

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— שאַראַפּ, יו פּרעש חזיר, יו — האָט דאָס ווייבל זיך פֿאַרשעמט און אַרויס.

טשאַרלי איז נאָך געשטאַנען אַביסל, אַליין געקוואָלן פֿון זיך און אַ פּעטן שמייכל געטאָן:

— ס'וועט גאָר ניט העלפֿן, מען וועט זי מוזן גיין איבערבעטן!

— אַ ווילער יינג, טשאַרלי, האַ? — האָט דזשייק געזאָגט און אָנגעגאָסן צוויי גלעזער ביר.

זיי האָבן אויסגעטרונקען. דזשייק האָט גלייך ווידער אָנגעגאָסן די גלעזער, נאָר סעם האָט מער ניט געוואָלט טרינקען. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן בעטל.

דזשייק איז געוואָרן לעבעדיקער.

— יעס, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, שטיי! אַי, אַי, אַרויס פֿון זינען, יעס, מעגסט הערן! גייענדיק האָב איך זיך עס דערמאָנט: איינמאָל האָב איך מיט פֿאָלין פֿאַרבלאָנדזשעט עפּעס אין אַ יידישן טעאַטער אויף דער באוערי. וואָס האָט מען דעמאָלט געשפּילט געדענק איך ניט, נאָר אַ באַוווסטער יידישער עקטער קעללער האָט געשפּילט די ראָלע פֿון אַ יידישן קיסר. און דער קיסר איז דוקא געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַן אַקראָבאַט אין טריקאָ. געוויס, האָט ער אויך געהאַט מעדאַלן, אַ שווערד, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ קיסר! און דער עיקר, האָט ער געטראָגן אַ פּאָר לאַנגע זיידענע זאָקן און אַ פּאָר פּאָלקעס, האַ, האַ, האַ, איינמאָל פּאָלקעס, ווי באַ אַן אַטלעט האָבן זיך דורכגעזען די זאָקן. פּאָלי איז גאָר אַנטציקט געוואָרן פֿון דעם עקטער, זיך גלייך פֿאַרליבט. געוואָרן זיין „פּאַטריאָטקע", און איך נאַר האָב געמיינט, אַז דאָס שפּילן געפֿעלט איר. טראַכט איך מיר, בין איך זיך ווייטער בדלות, אַז זי פֿאַרשטייט ווייניקער וועט זי זיין אַ בעסער ווייב. און איך בין איינשטימיק מיט איר

אין אַ פּאָר טעג אַרום שלעפּט זי מיך ווידער אים זען. מײַנער גייט׳ דאָס מאָל האָט ער גאָר געשפּילט אַ שדכן און מאַקע ניט שלעכט געשפּילט. כ׳זע די מויד קאָן ניט אײַנזיצן, שלעפּט מיך אַהיים, דאָס שפּילן געפעלט איר ניט, פאַרשטייסטו, דו „דעם פול יו״, געוויס איז אַ קיסר מיט פאָלקעס און דער עיקר מיט פאָלקעס אינטערעסאַנטער פון עפּעס אַ הויקערדיקן שדכן! האַ, האַ, האַ!

דזשייק האָט דערטרונקען דאָס ביר פון „פּיטשער״, זיך אַוועקגעזעצט נעבן סעמען אויפן בעטל און זיך צעלאַכט מיט אַ הילצערן געלעכטער.

— האַ, האַ, האַ! דיך דאַרף זי גלייכן, סעם, ביסט אַ געזונט יינגל!

סעם האָט געפילט ווי דזשייק נעמט אים אַרום און אַ וואַרעמע פּאַרע, וואָס האָט געשמעקט מיט ביר, בראָנפן און טוכלע אייער האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַרײַן. עס האָט אים דורכגעשוידערט און ער האָט זיך אויפגעשטעלט. דזשייק וועלכער איז געבליבן ווי אין אַ הינער=פּלעט, איז צו זיך געקומען, און זעענדיק, אַז סעם איז ניטאָ נעבן אים האָט ער זיך אַהאַסטיקן זעץ אויף געטאָן:

— דו הינטישער זון, דו! דו מיגלסט זיך צו ליגן מיט דזשייקן! מיט דזשייק שיכּור! דו גאָט פאַרדאַמטער „שיני״, דו! עס שמעקט ניט. האַ? דו פאַרפוילטער העכט! ווער האָס נאָך דיר געשיקט, ווער? ווי לאַנג איז ווי דו, פאַרשטאָפּטער מח, דו שיך=פּוצער, ווי דו האָסט פון דערווייטנס דערזען דזשייקן, ביסט אונטערגעלאָפן און זיך געדרייט פאַר מיר ווי אַ הונט מיטן עק און מיר אונטערגעטראָגן אַ „פּייפּער״? ווייל דזשייק איז געווען אַ גוטער „קאָסטאָמער״, הא? געצאָלט פינף סענט אַ שטיק!

— צו אַלדע וויסטע יאָר, וואָס שרײַסטו, וואָס קאָכסטו דיך — האָט אים סעם איבערגעשלאָגן — כ׳וויל ניט ליגן, „טהאַטס=אָלל״!

— בייזער זיך ניט, קום אַהער — איז דזשייק מיט אַמאָל געוואָרן ווייכער — דו קענסט דאָך דזשייקן! כ׳בין קראַנק! ווען דו וואָלסט געוווסט, דעמעט, ווי דאָ ברענט (ער האָט אָנגעוויזן אויפן האַרץ), ווי אַלץ אין מיר שרפעט, קאָרטשעט זיך פון היץ, האַ, האַ, האַ, דו פאַרשטאָפּטער מח, דו מיינסט דאָך געוויס, אַז אַלקאָהאָל ברענט אין מיר?

אַ טעות! דער אַלקאָהאָל האַלט נאָר אויף דאָס פייער, אַז ניט וואָלט איך שוין לאַנג פאַרברענט געוואָרן — — — קום אַהער סעם, גיב אַ האַנט. אָט אַזוי! און איצט זאָג מיר מיט אַן אמת, ביסטו דזשייקס חבר? האַ? וואָס שווייגסטו? אָל־רייט, אָט אַזוי האָב איך דיך ליב!

דזשייק האָט גענומען קושן סעמען די הענט. סעם האָט זיי אַרויסגעריסן.

— סטאָפּ, דזשייק, אַז ניט גיי איך שוין אַוועק!

— אָל־רייט, מיין „באָי" — האָט דזשייק געוואַקלט מיט דער צונג און אָנגעהויבן שטילער צו רעדן — אָל־רייט, הער זיך איין: כ׳פיל, אַז כ׳וועל שוין לאַנג ניט אָנטרייבן, מיך אַרט ניט! נאָר איין זאַך וועל איך דיך בעטן, הערסט, איין זאַך: ברענג זי אַהער — —

— וועמען? — האָט סעם זיך געפרעגט.

— דאַרפסט ניט זיין „דזשעלאס!" וואָס פאַר אַ קאָנקורענט בין איך דיר! דו מיינסט, כ׳ווייס ניט, אַז ס׳שטינקט פון מיר, אַז דו האָסט ניט געקאָנט ליגן נעבן מיר? טאָ וואָס האָסטו מורא? ברענג זי — — ווען דו וואָלסט געוווסט ווי איך האָב זי פיינט און פונדעסטוועגן... כי, כי, אַר — האָט ער זיך צעוויינט — פאָלין מיין איך — —

סעם האָט דערפילט ווי עס שטיקט אים אין האַלז, ווי עפּעס שפּאַרט זיך און רייסט זיך אין די אויגן. ער האָט גענומען דזשייקן באַרויקן.

דזשייק האָט זיך צוגעבויגן צו סעמס אויער און גענומען שעפּטשען:

— דו ווייסט, זי פלעגט דאָך קומען צו מיר יעדן פאַרטאָג! דו גלויבסט ניט? מעגסט גלויבן, דזשייק זאָגט קיין ליגן ניט! זי איז אַריינגעקומען אַזוי שטיל, זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל און מיר גענומען גלעטן די האָר. און אַז איך האָב זיך געקלאָגט פאר איר, דאָס די האָר קריכן מיר אויס, האָט זי געלאַכט, געזאָגט, אַז כ׳רעד מיר איין, אַז מיינע האָר זענען די שענסטע, אַז איר האַנט זעט זיך ניט אַרויס — — טאַפּ אָן, ווערסטו זען ווער עס איז גערעכט!

דזשייק האָט אָנגעכאַפּט סעמס האַנט און זי אַרויפגעלייגט אויף זיין קליין פּליכל, סעם האָט אַ שמייכל געטאָן און געפילט ווי עס ווערט אים קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן.

— דו לאַכסט, האַ? אַ קלאָג צום געלעכטער! — און דזשייק האָט שטיל גענומען כליפּען.

און פּונקט ווי אַן אַלטער רוסישער שיכּור, וועמעס פּאָטער איז שוין אַ האַלב יאָר־הונדערט טויט, ליגט ערגעץ אין אַ רינשטאָק און וויינט וואָס דער „באַטקאַ“ איז געשטאָרבן, אַזוי איז דזשייק געלעגן אויפן בעטל און געכליפּעט, וואָס פּאָלי האָט אים אַוועקגעוואָרפן.

סעמען איז מיט אַמאָל געוואָרן ענג דאָס שטיבל. ער האָט מער ניט געקאָנט איינזיצן און האָט זיך אַרויסגעגנבעט. אויף דער גאַס האָט געקאַפּעט אַ רעגנדל. ער האָט זיך געשלעפּט איבער די ליידיקע גאַסן און געקלערט, אַז עס איז אַ מיאוסע, נאַרישע וועלט. אָט איז דזשייק דאַכט זיך געווען אַ לייט און וואָס? ווייטער האָט ער ניט געקאָנט ציען דעם געדאַנק. אָפּגעריסענע בילדער, שטיקלעך געדאַנקען האָבן זיין מוח גיך מיד געמאַכט און ער האָט שוין וואָס גיכער געוואָלט זיין אין דער היים, זיך אַריינוואַרפן אין בעטל און שלאָפן.

ניט ווייט פון זיין הויז האָט ער דערהערט אַ פאַרשטיקט געוויין ווי פון אַ קינד. דאָס געוויין איז זיך פאַרגאַנגען אַלץ העכער און העכער, און אַז ער איז צוגעקומען נענטער האָט ער דערזען ווי אַ „בולדאָג“ מיט אַ פלאַטשיק, קיילעכדיק פּנים ווי אַ שיטל, האָט געהאַלטן אַ קאַץ פאַרן גערדיק און זי געוואָרגן. די קאַץ האָט ווילד געמיאַוקעט, געדראַפּעט מיט די לאַפּקעס, נאָר דער בולדאָג האָט זי פעסט געהאַלטן, זיך איינגעביסן מיט זיינע שאַרפע ציין דער קאַץ אין האַלז און געסאָפּעט מיט זיין פלאַטשיקע, וואַסערדיקע נאָז, ווי ער וואָלט געליטן פון אַ כראָנישן קאַטאַר.

סעם האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, איז געווען, אז ער דאַרף זיך אַזוי אָפּרעכענען מיט פּאָלין. ער האָט אַ ציטער געטאָן און גענומען אַוועקטרייבן דעם הונט. דער בולדאָג האָט פעסט געהאַלטן די קאַץ מיט די לאַפּעס און געעפנט זיין יאַפּע אויף סעמען. סעם האָט גענומען פייפן נאָך אַ פּאָליסנאַן. פאַרשפּעטיקטע פּאָרלעך זענען אַרויס פון קאָרידאָרס, פאַרצויגן גלייך אַ געשפּרעך וועגן דער בייזקייט פון בולדאָגס און נייגיריקע זיך צוגעקוקט צום „פייט“. די קאַץ האָט זיך שוין קוים געווערט, געכאָרכלט מיטן העלדזל און געפּאָכעט מיטן לעצטן אָטעם. סעם איז געוואָרן אַן

אויפגעקאָכטער. ער האָט מיט אַמאָל אָפּגעריסן אַ ברעט פון גער־טנדל און גענומען כמאַליען דעם הונט ווו ער האָט נאָר געטראָפן. דער הונט האָט זיך געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויף סעמען, נאָר זעענדיק נאָך מענטשן האָט ער אָפּגעצויגן, זיך אָפּגעשטעלט אין עק גאַס און מעשה הונט באַטראַכט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. די קאַץ האָט נאָך געזשיפּעט. סעם האָט זי אַרייַנגעטראָגן אין קאָרידאָר, זיך געלאָזט כמעט ווי לויפן אַהיים און געקלערט:

— ווען אַ מענטשן־פּרעסער שטיקט אַזוי מיינס אַ קרוב, וואָלט איך אויך געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ פּאָליסמאַן?

## X

אַז סעם איז אַריין אין שטוב, האָט ער זיך באַגעגנט מיט פּאָלין. זי איז געגאַנגען אין דער מוטערס ברייטע „קאָמאָנע", דעם צאָפּ אויסגעפלאָכטן ווי פאַרן שלאָף און זיך געמאַכט אייז־וואַסער. סעם איז עטוואָס צעמישט געוואָרן, געוואָלט אַריין צו זיך אין צימער און ניט ווילענדיק אַ פרעג געטאָן:

— מען שלאָפט שוין?

פּאָלי האָט ניט געענטפערט, אויסגעטרונקען דאָס וואַסער און אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט און מיטן קאָפּ צו טעמס צימער, האָט זי אים געוויזן, ער זאָל איר נאָכגיין.

זי האָט אָנגעצונדן די געז, זיך געזעצט אויף סעמס בעטל און, ווייזנדיק מיט דער האַנט אויף אַ פּלאַץ נעבן זיך, האָט זי אַן ערנסטע געזאָגט:

— זעץ דיך!

ספּאָרט, וועלכער איז געשלאָפן אין אַ ווינקל, האָט זיך אויסגעטשוכעט, עטוואָס אויסגעצויגן דעם לאַנגן קערפּער און מיט אַ שמחה אַריין סעמען צווישן די פיס. סעם האָט דעם הונט פון חברשאַפט וועגן געגעבן אַ פּאָר לייכטע קלעפּ איבערן האַלדז און איבערן רוקן. דער הונט איז גאָר מלא שמחה געוואָרן פון בעל־הביתס קלעפּ, זיך אויפגעשטעלט אויף צוויי לאַפּעס און כלומרשט געגומען בייסן סעמס האַנט. סעם האָט אַרויסגעפירט דעם הונט אין פּאָדערהויז, זיך אַוועקגעזעצט און מיט אומגעדולד געוואַרט וואָס ווייטער וועט זיין.

— הער זיך איין, סעם, יעס — האָט פּאָלי אָנגעהויבן און שטאָלץ פאַרריסן דעם קאָפּ — כ'האָב אויף דיר געוואַרט!

— וואָס איז דער מער?

— דו פרעגסט נאָך, הא? אַליין ווייסטו ניט! יעס, מיר מוזן זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסשמועסן, הערסט?

— ווי דען — — געוויס! — האָט סעם געשמייכלט.

— דו לאַכסט דאָך, הא, — האָט פּאָלי גענומען שטאַמלען — נאָר איך זאָג דיר גאַנץ ערנסט, דו זאָלסט דיר אַרויסשלאָגן אַלע נאַרישקייטן פון קאָפּ, הערסט? כ'האָב זיך געמאַכט אַ שפּאַס און דו האָסט זיך איינגערעדט אַ לונג-און-לעבער באַ דער נאָז! מיר זענען קיין פּאָר ניט! און דערצו האָב איך דיך ניט ליב, טאַקע מיט אַן אמת ניט ליב! וואָס קומט מיר דערפאַר? — האָט זי פאַרענדיקט און זיך אַ שטעל אויף געטאָן.

— דערפאַר האָסטו אַלעקן ליב! כ'מיין, זיינע גאָלדענע יעוועלירלעך!

פּאָלי איז צו צום שפּיגל, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט, זיך פאַרריכט די האָר, געכאַפּט אַ קוק אויפן פּנים און מיט אַ פערטל שמייכל האָט זי זיך צוריק געזעצט אויפן בעטל.

— געוויס האָב איך אים ליב און זיינע יעוועלירלעך אודאי! — האָט זי זיך צעשמייכלט, נאָר וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט „סיטי-האָל"? יעס, סעם, אַזוי איז עס! הער זיך איין: די בעסטע זאַך וואָלט פאַר אונז געווען, אום אויסצומיידן אומאָנגענעמלעכקייטן, דו זאָלסט אַוועק פון אונדז! מענטש, אַז דו קענסט מיך צומאָלט ניט! זעסט, ליב האָבן אַ קבצן פאַרשטיי איך נאָך, אָבער חתונה האָבן דאַרף מען נאָר מיט אַ רייכן! אפילו מיין מאַמע האָט ניט חתונה מיט איר געליבטן! — און זי האָט זיך צעלאַכט.

ביי די לעצטע ווערטער האָט שוין סעם ניט געקאָנט איינזיצן, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט פּאָלי אים, האָט ער אויסגעשניטן מיט דער פויסט אַ קרייז און אויסגעשריען:

— ס'איז אַ פאַרדאַמטער ליגן! און הער זיך איין, פּאָלי: ביסט אַזאַ כאָלערע ווי דיין מאַמע! און וואָס מיינסטו, וואָס? ווער „קערט" פאַר דיר? גיי צום טייפל מיטן איטאַליענער צוזאַמען, הערסט?

פּאָלי האָט אים פאַרשטעלט מיט דער האַנט דאָס מויל.

— וואָס שרייסטו אַזוי? מען וועט דאָך מיינען, כ'ווייס וואָס? „אל בעט יאו", די מאַמע קומט אַריין?

זי איז בייגיק צו צו דער טיר מיט די שויבן אין דער מיטן, איינגעפּרעסט איר פּנים צווישן די הענט און דורכגעקוקט. סעם האָט זיך שוין גענומען איינשטילן, פאַרגעסן, אַז פּאָלי

איז אַ שלעכטע, השק געהאַט צו פאַרלויפן פון הינטן און זי כאַפּן אויף די הענט.

זי האָט לייכט געעפנט די טיר, צוגעלייגט אַן אויער, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און ווי אַ דיריגענט פון אַן אָרקעסטער האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיטן קאָפּ, אַז מען מעג אָנהייבן שפּילן און געהייסן האָט עס: מען שלאָפט ווי די מתים.

פאָלי האָט אַ ביסל מער אַרויפגעדרייט די געז, נאָכאַמאָל צו צום שפּיגל און אין גאַנצן אַ שמייכלענדע זיך אַוועקגעזעצט.

— הער, סעם, זאָג מיט אַן אמת, האָסטו מיך טאַקע ליב, שטאַרק ליב? אַזוי, זייער, זייער שטאַרק? — — — האַ, האַ, האַ! און זי האָט זיך צעלאַכט, אַרויסגעבלעקט אַ קליין ראָזע צינגל און עס גענומען וואַרפן ווי אַ יינגל, ווען ער כאַפּט אַריין אַ הייסע קאַרטאָפל אין מויל — וואָר כ׳בין אַ משוגענע?

סעם האָט זי אַ כאַפּ געטאָן צו זיך אויף דער שויס און גענומען איינוויגן ווי אַ קינד.

זי האָט זיך אַ ווײַלע געטוליעט אין סעמס אָרעמס און מיט אַמאָל אים גענומען איבערשרעקן:

— מען גייט, מען גייט! די מאַמע גייט! — און ווי אַ פישל זיך אַ גליטש אַרויסגעטאָן פון זיינע הענט.

זי איז צו צו דער טיר, זיך עטוואָס איינגעהערט און קאָקעטיש גענומען שפּאַנען איבערן צימער, ווי אַ יונגער אָפיציר פאַר זיין ראָטע.

— פאַרמאַך די טיר! — האָט זיך סעם גענומען בעטן.

— ווי הייסט? מען טאָר ניט!

סעם איז אויפגעשפּרונגען, צוגערוקט צו דער טיר אַ ניי־מאַשין, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט, און כמעט אינגאַנצן אַראָפּגעדרייט די געז.

— ניין, דאָס ניט! — האָט פאָלי פּראָטעסטירט — וואָסער פּנים וועל איך האָבן ביי דער מאַמען? — און זי האָט גענומען צוריק אַרויפדרייען די געז.

סעם האָט זיך מיט איר גענומען אַמפּערן און אין שטוב איז מיט אַמאָל געוואָרן פינסטער. ער האָט זי געכאַפּט אויף די הענט, זיך איינגעגעסן אין אירע ליפּן אין די באַקן און ווו ניט?

— לאָז מיך אָפּ — האָט זיך פּאָלי באַ אים גענומען בעטן — ס'איז מיר ניט באַקוועם, אוי, דער צאָפּ! רייסט מיר אָפּ דעם צאָפּ! נו וועל דיר אַליין געבן אַ קוש, גוט?

סעם האָט זי אָפּגעלאָזט.

זי איז גיך אַרויס פון שטוב, אַריינגעבראַכט אַ שוועבעלע, אָנגעצונדן די געז, געעפנט דאָס מויל און, קלאַפּנדיק זיך מיט דער האַנט איבער די ליפּן, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַזעלכע מאָדנע קינדישע קולות, אַז סעמען האָט זיך אַזש געוואָלט איינשלינגען זי.

זי איז צו צו סעמען, אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט. אויסגעשריען: נאַ! אים געטאָן אַ לאַנגן, הייסן קוש און אָפּגעשפּרונגען. זי האָט געטאַנצט פון איין פיסל אויפן צווייטן, גראַציעז געהויבן אירע פּלייצעס, געקלאַפּט מיט די ווייסע ציין ווי מיט שנירן פּערל און געלאַכט.

סעם האָט געפילט ווי דאָס קדחת וואַרפט אים, ווי אַלץ אין אים ציט זיך אָן און ער האָט זי אַ האַסטיקן כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס, און גענומען מיט איר שפּאַנען איבערן צימער. ער האָט חשק געהאַט זיך אַ וואָרף צו טאָן אין בעטל, האָט ער דערזען דעם קליינעם פּליושענעם דיוואַן, וואָס איז געלעגן נעבן בעט אויף דער פּאָדלאָגע, און זיך אויסגעצויגן אויף אים.

# XI

שבת־צו־נאַכט האָט פּאָלאַק, דער סאַלון־קיפּער, מקדש געווען מיסעס ריטש כדת משה וישראל. ווי אויף אַלע ייִדישע [שמחות איז אויך דאָ די חופּה גלאַט ניט אָפּגעגאַנגען. דער נאָר וואָס אויסגעבאַקענער שוואָגער ר׳ בינם האָט געשריען, אַז מען מוז מאַכן אַ שנוי אין דער חופּה, אַז דאָס איז אַ בפירושער דין. רעוורענד לעווין האָט געטענהט, אַז די שנוי איז שוין אין דער כתובה גופא — ווו מען זאָגט ארמלתא אָנשטאָט בתולתא און דערצו פאַרשרייבט מען איר אָנשטאָט מאתים – מנה. אַ וואָרט צו אַ וואָרט און מען האָט זיך שוין גענומען פאַרן יחוס. צום גליק, איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן אַ פאַרטעך מיט אַן אויסגעבערנט לאָך. דער אַלטער משה האָט גלייך דאָס פאַרטעך אויפגעצויגן אויף די פיר דרענגלעך, דעם חתן איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ און דער רעוורענד האָט אין אַ מזלדיקער שעה אָפּגעגעבן חופּה וקדושין.

באַלד נאָך דער חופּה האָט זיך פּאָלאַק דערפילט היימישער, זיך גענומען מאַכן באַקוועמער און אַראָפּגעוואָרפן זיין געפּאַסטע טאַקסידא. דערנאָך האָט ער אויסגעטאָן די ווייסע וועסט און ווער ווייסט, ווו ער וואָלט זיך אָפּגעשטעלט, ווען דער שווער ר׳ משה וואָלט אים עפּעס ניט איינגערוימט אויפן אויער. דער סאַלון־קיפּער האָט זיך האַרציק צעלאַכט און געבליבן זיצן אין זיין ווייס, שטייף העמד, וואָס האָט זיך גענומען בלאָזן און יורן ווי אַ מולטער מיט טייג.

אַ מנין ייִדן עובר־בטלניקעס, וואָס מען טרעפט יעדן פרימאָרגן אין דער שול פון „אנשי־ליץ“, זענען געזעסן אַרום טיש אין זייערע גלאַנציקע, אַלפּאַגענע רעקלעך, עוסק געווען באַכילה און זיך כלומרשט איינגעהערט וואָס רעוורענד לעווין, אַ נעט ייִדל, אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע, מיט אַ זיידענעם שאַל אויפן האַלדז (אַ פּנים אַמאָל אַ חזן געווען) דרשנט. רעוורענד לעווין איז געזעסן ווי עס פּאַסט זיך פאַר זיין שטאַנד, ווי אַ האָלצענער מיט עטוואָס פאַרזשמורעטע אויגן. ער האָט

אַרייַנגערוקט, אַזוי, כּלאחר=יד, יעדן איינעם פון די געסט זיין קאַרט, וווּ ס'איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז דר. רעוורענד לעווין פון דער שול „אַנשי=ליץ" איז אַ מוהל=מומחה און, איין גאָט ווייס פאַר וואָס, אַ פּראָפעסאָר=לינגוויסט. דער סאַלון=קיפּער האָט אפילו אַליין צוגעגעבן, אַז רעדן קאָן טאַקע אונזער פּראָפעסאָר קיין שפּראַך ניט, אויסער דייטש (ער האָט גערעדט אַ דייטשן יידיש), נאָר דערפאַר איז ער אָבער אַ מזיק אין „גרעמער" און אַז גרעמער איז אַ האַרבער ענין ווייס דאָך יעדער.

מיסעס ריטש אין איר ווייס=זיידן חופּה=קלייד, מיט אַ לאַנגער, ברייטער שירץ פון אויבן, האָט באַדינט דעם עולם. אירע שוואַרצע בלישטשענדע אויגן האָבן ניט געהאַט יענע באַהאַלטענע שרעק פון אַ כּלה=מיידל, וואָס קאָן קיינעמס בליק ניט פאַרטראָגן און עס מאַכט זי אַזוי אומבאַהאָלפן און פיל מאָל נאַריש. פאַרקערט, אירע אויגן האָבן שוין צו פאַרשייט געקוקט און ווי זיך גערייצט מיט יעדן איינעם: לעקיש, און אַז דו וועסט קוקן פון היינט ביז מאָרגן וועט דיר עפּעס העלפן?

סעם, וועלכער האָט אויסגעפילט דעם מנין, איז געזעסן אין אַ זייט מיטן אַלטן משהס אַ קאַמעראַד. וועמעס פרישקייט פון די באַקן איז אינגאַנצן אַריין אין דער שפּיץ נאָז. דער ייד איז געווען אַן אַריינגייער אין די רייכסטע יידישע הייזער, געוווּסט יעדנס יחוס אַזש פון דער אַלטער היים, געפירט „פּאַטשט" פון איין מאַדאַם צו דער צווייטער, געווען אַ בקי אין אַלע סודות — פון דער קיך ביז דעם שלאָף=צימער, אַביסל אונטערגעשדכנט און דער עיקר פון דעם אַלעם געשטאָרבן צען מאָל אַ טאָג פון הונגער. ער האָט געהאַלטן אין איין אויסרעכענען פאַר סעמען פּאָלאַקס עשירות, ניט פאַרגונען, וואָס מיסעס ריטש פאַלט אַריין אין אַזאַ שמאַלץ=גרוב, געלויבט פאָלין אין הימל אַריין און געאַרבעט מיט סעמען, ער זאָל אים שיקן צו מיסעס ריטש.

— צווישן אונז גערעדט — האָט דער שדכן אים געשושקעט אויפן אויער און זיך געטאַפּט מיט איין פינגער די פאַרפלאַמטע נאָז — פאַסט דו טאַקע ניט פאַר מיסעס ריטש, ניט דיין גאַל, נאָר גאָר ניט! זאָלן שדכנים וואָלטן געווען אַזוי פּאַרטיקעל, וואָלטן יידן קיין שדוכים ניט געטאָן — האָט זיך דער שדכן צעלאַכט — זאָרגט ניט, סעם, כ'וועל נע=

מען אַרבעטן אין עסק, דער אַלטער משה וועט צוהעלפן און מען וועט אם ירצה השם אויספירן!

סעם האָט געשמייכלט, קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון פּאָלין, וועלכע האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אויסגעפּוצטע און זיך כּלומרשט משמח געווען אויף דער מוטערס חתונה. פּאָלי האָט אפילו צוגע־זאָגט אָוועקצופאָרן מיט די קינדער צו אירס אַ מומע אויף נאַכט, האָט זי אָבער חרטה געקראָגן, זיך איינגעעקשנט און געבליבן. דאָס האַרץ האָט סעמען געזאָגט, אַז פּאָלי איז ניט בחנם אַזוי פריי־לעך — אַז זי האָט געוויס עפּעס אָפּגעטאָן אַ שפּיצל און ער האָט איר נאָכגעקוקט אויף טריט און שריט.

דער אַלטער משה אין אַ פרינץ־אַלבערט פון סאָביעסקיס צייטן, באַנייט מיט ברייטע, אָפּגעשאָסענע פון אַלטקייט טאַשמעס, אין אַ פּאָר קאַמאַשלעך פון איין שטיק, מיט ברייטע נעז, שמאָלע העלזלעך און מיט אַזאַ מאָדנעם, אייזערנעם גלאַנץ, גלייך מען וואָלט זיי אויסגעשמירט מיטן פּאליש, וואָס מען פּוצט אַן אייזער־נעם אויוון — האָט ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט, געלאָפן פון קיך אין שטוב אַריין, זיך געמחיהט מעשה מחותן און, דורכ־לויפנדיק, האָט ער אַ געשריי געטאָן צום שדכן:

— נו, מרדכי, וואָס מאַכסטו, וואָס גייסטו ניט צום טיש?

— כ׳וויים, כ׳וואָלט געמאַכט אַ שנאַפּס, דאָס הייסט פריער אַ שהכל האָט מרדכי דער שדכן אויפן אָרט געענטפערט, געשי־בערט מיט די פּלייצעס, געשמייכלט און זיך געריבן איין האַנט אין דער צווייטער.

דער אַלטער משה האָט געמאַכט פּלאַץ ביים טיש:

— נו, מרדכי?! און דו, סעם? קאָם אַן, ניט באַלאַמוטשעט!

דער פּולמיס מיט פּיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן טיש, האָט שפּאַצירט פון איין האַנט צו דער צווייטער. יעדער איז זיך געזעסן קאַלטבלוטיק, זיך געוואָרפן אַזוי, פון דער זייט, אַ בליק אויף אַ שטיק אָנגעפּילטע פּיש, עס געהיט, און מיט אַמאָל, נאַ, אַ פרעמדער גאָפּל האָט עס אַרויסגעכאַפּט.

דער עולם האָט געקייט.

— נו, דאָקטער — האָט זיך מיסעס ריטש געווענדעט צום רעווערענד — ווי שמעקן אייך מיינע פיש?

— פיין, אויסגעצייכנט, מיסעס ריטש! אָ, יאַ, בעג יאָר פּאַרדאָן! ס׳גיבט מער קיין מיסעס ריטש — האָט דער רעווערענד זיס געשמייכלט — יאָ, מיסעס פּאָלאַק, די פיש זענען פּאָרטרעפ־ליך, ווי זאָגט מען אין יידעש — זיי האָבן טויזנט־טעם!

— הערסט דזשאָ, וואָס דער דאָקטער זאָגט — איז מיסעס ריטש צו צום מאַן און זיך אַ שטעל אַוועק געטאָן ווי אַ פּעסטונג — נו, ווי שמעקן זיי דיר?

— פיין, פיין — האָט דזשאָ געענטפערט, געגלעט דאָס ווייב פאַר דער נאַקעטער האַנט, געזשמורעט מיט די פאַרלאָפענע פון פעטקייט אויגן און שיער ניט אויסגעגאַנגען פון מתיקות.

דער אַלטער משה, וואָס איז געזעסן ווי אויף שפּילקעס, געמאַכט אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס און געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו לאָזן הערן איז אַריין דעם רעווערענד אין דער מיטן:

— וואָס האָב איך דאָ פיל צו טענהן, צו אַ שטיקל היימישן סענדאַק קומט דאָס ניט! וואָס ווייסט איר, וואָס? באַ אונדז, אַז ס׳פלעגט אָנקומען אַ פרייטאָג סענדאַק, האָט מען געוווסט, אַז ס׳וועט זיין אַ געפּאַקטע השכמה: אַז דאָ איז אַלץ קאַפּויר! סענדאַק איז קיין סענדאַק, יידן קיין יידן און אפילו רבנים קיין רבנים ניט!

— אַלץ די זעלבע מעשה — האָט מיסעס ריטש כלומרשט געשמייכלט און זיך געריקט מיט אירע נאַקעטע עלנבויגנס אַלץ נענטער צום מאַן — ווי איר קוקט אָן מיין טאַטן, לעבט ער גיט בשלום מיט „אָנקל סעם“.

די עובר־בטלניקעס מיט די איינגעהויקערטע פּלייצעס, מיט די אויסגעשטרעקטע קעפּ האָבן געהאַלטן אין איין שמייכלען און דאַכט זיך געווען איינשטימיק מיט אַלע.

— מיין שווער האָט דערלייגט די באָבעס־ירושה צו אַמע־ריקע — האָט זיך בינם אָנגערופן — פרעגט אים נאָר וויפיל קו־פּערנע קרייצער ער האָט אַהערגעבראַכט?

דער עולם האָט געלאַכט.

מיסעס ריטש מיט דער שוועסטער האָבן אַריינגעבראַכט דאָס פלייש.

— וואָס איך האָב אַהערגעבראַכט איז קיינעמס „ביזנעס״ ניט — האָט דער אַלטער שטאָלץ געענטפערט — ס׳איז געווען צייטן, ווען מענטשן האָבן זיך געוווּנטשן צו האָבן מיין קליין־געלט, נאָר ניט דאָס בין איך אויסן! יעס, איר אַלע שפּרינגט דאָך קדוש פאַר אַמעריקע, און איך זאָג אייך, אַז ס׳איז אַ פאַרשאָלטענע מדינה! נעמט, למשל, אין דעם היים אַ נגיד, לעבט ער דאָך ווי אַ קיסר! אַ האַלבע שטאָט דרייט זיך אַרום אים, ציט פון אים חיונה, מיט איין וואָרט, ער לאָזט פון זיך הערן! און דאָ? דאָ ווייס ער דאָך פון קיין טאָג און פון קיין נאַכט ניט! יאָגט אָפּ די פּאָר יאָר און ווער ווייס אים, ווער קען אים? אמת, ער וווינט טאַקע אין „רומס״ מיט סטיעם־היט, נאָר ווער האָט דאָס ניט קיין „סטיעם־היט״ אין אַמעריקע? האַ, האַ, אפילו דער מיסטער „דזשעניטאָר״ — — אַז דאָ זענען אַלע „מיסטערס״! אַמעריקאַנער גליקן.

— אָבער האַלט, האַלט — האָט דער רעוורענד אָנגעכאַפּט דעם אַלטן משה פאַרן אַרבל, דערטרונקען אַ גלאָז ביר און אַזוי חוצפּהדיק געשמייכלט, ווי ער וואָלט געזאָגט: קוקט מענטשן און שווייגט, כ׳מאַך גלייך פון אַלטען כעפּרא דארעא. — ר׳ משה, ווו נעמט איר דאָס, אַז ייִדן זענען היער קיין ייִדן ניט?

— נו, נו, — האָט משה פאַרקאַטשעט זיין שטייפן קאַפּע־ליוש — גיט מיר טאַקע אַ ייִד, ער זאָל ניט מחלל שבת זיין? און אַז איר וועט שוין יאָ געפינען אַזאַ ייִד, זאָלט איר וויסן, אַז זיינע קינדער זענען מחלל־שבת! און „טערכענען״ מיט דער נאָדל! כ׳דאַרף אייך דערציילן מעשיות, מיסטער לעווין, איר ווייסט דאָך בעסער פון מיר! אַז די לופט איז דאָ טריף!

— אָבער, ר׳ משה — האָט דער רעוורענד אָנגעהויבן.

— כ׳פאַרזיכער אייך, מיסטער לעווין, — האָט דער אַלטער זיך געהיצט און אים איבערגעהאַקט די רייד — כ׳פאַרזיכער אייך, אַז נאָך אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט איר אין אַמעריקע קיין שולן אויך ניט האָבן! וואָס ברויכט איר מער, איר זעט עפּעס אַ סך פון דער אַמעריקאַנער יונגוואַרג אין שול? און ווען ניט מיר, (ער האָט אָנגעוויזן אויף די עובר־בטלניקעס) די אַלטע טאַבעק־שניפּערס, וואָלט מען שוין היינט געדאַרפט זוכן מיט ליכט אַ ייִד אין שול! אמת,

פאַר אונדז איז די שול ווי געוווּנטשן! אַז דאָ איז אַלץ קאַפּויר, כ'ווייס, אין דער היים איז יעדער נוהג כּבוד אַן עלטערן מענטש, ווי שטייט דאָרט: „הדרת פּני זקן!" און דאָ? דאָ האָט מען פֿיינט אַלטע, אַז מען פֿאַרשפּאָרט גאָר דאָ אַלט צו ווערן! גייסט דורך גאַסן און גאַסן און זעסט ניט קיין אַלטן! און אין שטוב קאָן מען אויך ניט זיין — צופיל די קינדער אין די אויגן, שרייען, אַז דו כראָקעסט, גייט מען אין שול אַריין, דאָרט פֿאַרשטייט איר מיך, טרעפט מען אַ היימישן מענטש, ס'איז דאָ מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט, זיך דורכצושמועסן און גלאַט אַזוי ווי אַ כראַקע צו טאָן — האָט זיך דער אַלטער צעלאַכט. נו, פֿרעגט זיך, ווי לאַנג? מיר וועלן דאָך אייביק ניט לעבן! איז נאָך אַ יאָר צען, פּופּצן! און וואָס וועט זיין דעמאָלט? ס'וועלן צוקומען פֿרישע, זאָגט איר? פּע, גייט שוין, גייט, דער איצטיקער דור אין גאַליציע און אין פּוילן, פֿון רוסלאַנד איז דאָך אָפּגערעדט, די פֿרייגעזאָגענע סאָשעליסטן זעגען טויזנט מאָל ערגער פֿון די היגע געבוירענע, דער היגער איז גלאַט אַ „כאַם"! גיב אים אַ „באָל", מיט „מווינג-פּיקטשורס" — און פֿאַרטיק! אָבער אונזערע, דאָס זענען פּושעי-ישראלים, דאָס רעדט אפילו אויף „נתקה" אויך! — —

— גערעכט, גערעכט, דער שווער איז גערעכט — האָט בינם ערנסט געזאָגט, צוגעשאָקלט מיט זיין ציגן בערדל, זיך לייכט גענומען קלאַפּן מיט זיין שטייפן קאַפּעליוש איבערן קאָפּ, פֿון הינטער וועלכן אַ סאַמעטענער קאַפּל איז אַרויסגעפֿאַלן.

ער האָט אָנגעטאָן דעם קאַפּל און אָפּגעהוסט.

— זאָג מיר טאַקע, ס'מוז דאָך האָבן עפּעס אַ שורש, וואָס יידישע קינדער זענען דאָ אַזוי איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, מיט אַזאַ מסירת-נפש צו דער „באָלל"? פֿון גוים איז דאָך אָפּגערעדט, עם דומה לחמור, אין דער היים איז ער אויך ניט בעסער געווען, אָבער, סטייטש, יידן?

סעם, וואָס איז געזעסן און געשוויגן, האָט מיט אַמאָל אַ שאָס אויסגעטאָן:

— געוויס דאַרף מען שפּילן אין „באָלל". ס'איז אַ גוטער „עקסערסאַיז", מען קריגט „מאָסעלס"! ווי דען, אַזוי ווי

באַ אייך אין יוראָפּ? אַלע האָבן אייגעפּאַלענע ברוסטן מיט מיידעלשע הענט?

— אַזוי, אַזוי, לאָז זיך ניט, סעם! — האָט דער רעווערענד אונטערגעגעבן סעמען היץ.

— מורנו ר׳ סעם האָט אַ פּאַרטיקן תּירוץ! — האָט בינם אויסגעשאָסן מיט אַ ציגן געלעכטער — ער ווייסט ניט אַ פּנים פון „בחקותיהם לא תלכו״, האַ, האַ, האַ!

— גלויב מיר, בינם — האָט דער אַלטער משה געשמייכלט — מען קאָן דיין קשיא אויך פאַרענטפערן! מסתּמא ווייסן זיי, די אַמעריקאַנער קינדער וואָס זיי טוען! אויב זיי זענען ניט קיין נביאים, זענען זיי דאָך בני נביאים! האַ, האַ, האַ, האָסט אָפּגעזאָרגט! און די כּלי־קודש, אונזערע רבנים מיין איך, זענען בעסער? כ׳ווייס, מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק, אַז די ערשטע קהלה פון גאַליציאַנער ייִדן האָבן אויסגעבויט די שול אויף פּיט סטריט, האָבן מיר גענומען טראַכטן וועגן אַ רב. מיר האָבן באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען ר׳ אברהמל, דעם לעמבערגער מגיד, אַ ייִד אַ למדן, געהאַט אַ באַרוף און דערצו אַ חכם, ווי זעט מען דאָס גאָר היינט? ר׳ אברהמל האָט מסתּמא געקריגן אין לעמבערג, כ׳ווייס, אַכט, צען גולדן אַ וואָך שכירות. האָבן מיר אים געשיקט אַ בריוו, אָנגעבאָטן פופצן הונדערט טאָלער אַ יאָר שכירות און פאַרזיכערט, אַז ער וועט מאַכן נאָך פופצן הונדערט דערנעבן. דאַכט זיך גוט, האַ? דריי טויזנט טאָלער אַ יאָר דעמאָלט, פּשש... איז געווען אַ שלל מיט געלד! איר ווייסט דאָך, ס׳טוט זיך ניט אַזוי גיך ווי עס רעדט זיך, ס׳האָט גענומען צייט, בקיצור, וואָס מיינט איר? ר׳ אברהמל האָט אונז שיין באַדאַנקט, געשריבן, אַז ער האָט ניט וועמען איבערצולאָזן זיינע אָרעמע לייט און ער קאָן ניט קומען. נו, פאַרשטייט איר דאָס? וואָלט דאָס אַן אַמעריקאַנער רב געטאָן?

בשעת דער אַלטער משה האָט גערעדט, האָט קיינער ניט באַמערקט ווי חוה איז אַריין. זי איז געבליבן שטיין נעבן דער טיר מיט פאַרבראָכענע הענט און אַזוי ווי אַ ייִדענע, באַ וועלכער עס איז דאָ אַ גוסס אין שטוב און זי קומט איינרייסן אין שול אַריין,

אַזוי האָט חוה זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיסעס ריטש, זי אַרומגע-כאַפּט און גענומען וויינען:

— וואָס האָט איר פון מיר געוואָלט? וואָס האָט איר מיך געקוילעט אָן אַ מעסער? גיט מיר אָפּ מיין מאַן!

אַלע זענען אויפגעשפּרונגען פון די פּלעצער, ניט געוווּסט וואָס דאָ איז געוואָרן, זיך אַרומגעקוקט, ביסלעכווייז גענומען פאַר-שטיין און שעמענדיק זיך פאַר זיך אַליין האָט יעדער איינער באַטראַכט וואָס גיכער אַרויס פון דאַנען.

דערווייל האָט חוה אָנגעכאַפּט פּאָלאַקן אונטער דעם אָרעם און געשריען:

— קום אַהיים! דו מוזט שוין גיין! כ'לאָז דיך מער ניט אָפּ! יידן! געוואַלט! — האָט זי זיך געווענדעט מיט אַ הייזעריקן קוויטש צו אַלע אין שטוב נאָך הילף — יידן, ווי לאָזט איר דאָס צו? ס'איז דאָך אויס וועלט! ווי איז דאָס געהערט געוואָרן?

סעם האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פּאָליס אַרבעט. זי איז טאַקע געשטאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער און הנאה געהאַט פון דער גאַנצער חתונה. סעם האָט מיט אַמאָל אַ ציטער געטאָן — ער האָט דערזען אין צווייטן צימער אַ פּאָר שוואַרצע, שאַרפע אויגן. זאָל דאָס זיין אַלעק? אין צווייטן צימער איז קיי-נער ניט געווען.

פון הויף האָט זיך געהערט ווי ספּאָרט רייסט זיך, בילט אויף עמעצן. סעם איז צו צום פענסטער.

ספּאָרט איז געשפּרונגען מיט אַ בילעריי, ניט צוגעלאָזט צו זיך אַ קליין-געוויקסיקן, ברייטביינעיקן בולדאָג, מיט אַ פאַרעקשנט פלאַטשיק פּנים, וועלכער האָט דווקא געוואָלט אַריין ספּאָרטן צווישן די פיס.

— אַלעקס הונט — האָט סעם צו זיך געזאָגט און גאַליק געשמייכלט — דער „גיגי" האָט חוהן אויך אַהערגעבראַכט.

די הינט האָבן זיך געיאָגט מיט אָפענע פיסקעס, אויסגעשניטן אַ קרייז, וואָס איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער און ווי צוויי „פייטערס" האָבן זיי געהיט איינער דעם צווייטנס באַוועגונגען. מיט אַמאָל איז ספּאָרט פאַרלאָפן פון אַ זייט און אומגעוואָרפן דעם

בולדאָג מיט די קרומע לאַפּעס. די הינט זענען אַריין איינער דעם צווייטן מיט אויסגעטשירעטע ציין, זיך געראַנגלט, באַלד איז ספּאָרט אָפּגעשפּרונגען אַ הינקעדיקער און נאָך מיט מער רוגזה האָבן זיי זיך איינגעגעסן איינער אין דעם צווייטן.

אַלעק איז אַרויס פון קאָריראָר און גענומען שלאָגן ספּאָרטן מיט אַ בעזים־שטעקן. מער האָט סעם ניט געדאַרפט. מיט פאַר־קוועטשטע פויסטן איז ער אַרויס פון שטוב און זיך געוואָרפן אויפן איטאַליענער. באַלד זענען זיי ביידע געלעגן אויף דער ערד, שטיל געסאָפּעט, זיך איינגעגעסן איינער דעם צווייטן מיט די פיס, מיט די הענט, מיט די גאָמבעס, זיך געביסן — זיי זע־נען אויפגעשפּרונגען בלאַסע, צעבאַלטע, עטלעכע מינוט ווי צוויי צעווילדעטע קאָפּ־הענער, אויסגעמיטן איינער דעם צווייטן, זיך פאַרמאָסטן, ניט געטראָפן און מיט אַמאָל האָט אַלעק אויסמיידנדיק סעמס אַ קלאַפּ זיך צוגעזעצט און די פויסט איז אים אַריין גלייך אין אויג. אַלעק איז געפעלן אויף דער וואַנט, באַלד צו זיך גע־קומען, זיך געוואָרפן אויף סעמען און אין דער זעלבער צייט זיך פאַרמאָסטן מיטן פוס סעמען אין בויך אַריין. סעם האָט באַצייטנס געכאַפּט אַלעקס פוס און דער איטאַליענער איז אַ פאַל געטאָן ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים.

אַלעק האָט זיך קוים אויפגעשטעלט. דאָס רעכטע אויג איז אין גאַנצן פאַרלאָפן געוועזן פון קלאַפּ און אַ טונקל בלויע שטיק פלייש, גרויס ווי אַן איי, איז אַרויס אונטערן אויג.

די הינט האָבן זיך געיאָגט ווי פריער. ספּאָרט אַ צעבלוטיק־טער איז געשפּרונגען אויף דריי פיס און בײַ יעדער געלעגנהייט אַ ריס געטאָן מיט די אויסגעשטשירעטע ציין דעם בולדאָג איבערן קאַרק.

אַלעק האָט זיך ווידער געוואָרפן אויף סעמען.

סעם האָט אָן רחמנות גענומען העמערן מיט די פויסטן, גע־שלאָגן אַלעקן, ווו ער האָט נאָר געטראָפן, געטרייבערט זיין פנים, און מיט אַמאָל האָט ער אים אַ פּלאַם געטאָן מיט דער פויסט או־טער דער גאָמבע.

אַלעק האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט בלוט.

גלייך ווי סעם האָט דערזעצן דאָס בלוט האָט ער זיך אַ רוק אָפּ געטאָן, אָנגעהויבן ציטערן און געפילט ווי די הענט הייבן זיך שוין ניט מער ווי פריער.

סעם האָט דערפילט ווי ער וואָלט זיך אַ שניט געטאָן מיט אַ שאַרף מעסער און עס איז אים וואַרעם געוואָרן. ער פאַלט? דער הויף ווערט פול מיט מענטשן, מען לויפט, מען שרייט, ער פילט ספּאָרטס צונג אויף זיין פנים, דאָס לייב בריט, און עפּעס אַ מורא־דיקער באַרג פאַלט אויף אים, צעקוועטשט אים אינגאַנצן.

אַלעק האָט אים געשטאָכן.

---

צוויי יאָר שפּעטער. סעם אַרבעט בײַ מיסעס ריטש, ווי פריער. פּאָלאַק דער סאַלון־קיפּער, האָט זיך שוין לאַנג צעגאָסן, ליגט אַ פּאַראַליזירטער אין אַ זייטיק צימערל און ווען ניט חוה, וועלכע גייט אום אַרום אים, וואָלט ניט געווען ווער עס זאָל אים דערלאַנגען אַ גלאָז־וואַסער. דער אַלטער משה און דזשייק זענען שוין אויפן עולם־האמת. פּאָלי איז אַנטלאָפן מיט אַלעקן, אַליין געקומען צוריק און זינגט איצט אין אַ „מוווינג־פּיקטשור". מיסעס ריטש ווערט דיקער פון טאָג צו טאָג, קריגט זיך מיט סעמען, בעט אים גלייך איבער און קלויבט זיך גלייך נאָכן מאַנס טויט חתונה האָבן מיט אים.

מאָריס אַ געוועזענער וואָדעוויל אַקטיאָר, מיט אַ פּאָר שטייפע אויף אַרויף פאַרדרייטע וואָנסן, ווי בײַ קייזער ווילהעלם, מיט אַ הייזעריקער שטימע פון צופיל בראָנפן טרינקען, האָט געמאַכט רע־פּעטיציעס מיט זיין קליינעם פיליפ, אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף.

מאָריס איז געשטאַנען אין מיטן צימער אין אַ פּאָר הויזן מיט אַ קאָלירט לייבל, געהאַלטן איין האַנט אין אַ הויזן־קעשענע און מיט דער צווייטער האָט ער דיריזשירט, איינגעזונגען מיט פיליפן קופּלעטן. פון מאָל צו מאָל האָט מאָריס אַ זופּ געטאָן פון דער פלאַש בראָנפן, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, גענומען עטלעכע הויכע טענער מיט זיין הייזעריקן באַס און איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ניט ער זינגט, נור עפּעס אַ פעטער רוסישער פּולקאָווניק מיט צוויי לאַנגע באַקנבערד קאָמאַנ־דעוועט מיט אַ פּאָלק זעלנער.

מאָריס האָט פון פאַרדרוס געטאָן עטלעכע צי פון דער פלאַש, זיך געזעצט און אָנגענומען פיליפן פאַר דער גאָמבע:

— זעסט, פיליפ, מיר זינגערס זענען גאָר עפּעס אַנדערש, אַן אַנדער מין סאָרט מענטש — — — מיר זענען אַרטיסטן! און אַרטיסטן, פאַרשטייסטו מיך, מוזן טרינקען! עס זינגט זיך גאָר בע־סער נאָך אַ גלעזל משקה! וואָס גרעסער אַ זינגער איז, אַלץ מער טרינקט ער — האָט דער אַלטער געענדיקט מיט אַ שמייכל, אַ גלאָץ געטאָן מיט זיינע גלעזערנע, שכּורע אויגן און אַ לאַנגן צי געטאָן פון דער פלאַש.

און אַז פיליפ האָט זיך פאַנאַנדערגעזונגען אויף זיין ווייך שטימעלע, איז דער האַלב־אָנגעטרונקענער פאָטער געזעסן, פון נחת געלאָזט טרערן און האָט אונטערגעברומט: „ס'וואַקסט אַ כּלי! ס'וואַקסט!“

— זשוליק! — האָט ער מיט אַמאָל דורכגעזייט דורך די ציין און אַ קניפּ געטאָן דעם יינגל אין געזעס אַריין — שניידסט זיך אַ לייט, בנאמנות! ווּעסט זיין „סאָן אָף ע׳ גאָן״ מער לייט פון דיין טאַטן! וואַרט, ווּעסט נור אונטערוואַקסן, גיב איך דיך גלייך אַריין אין אַזאַ סקול: קאָנסערוואַטאָריום, הייסט עס, און ווּעסט אַרויסקומען אַ פאַרטיקע כּלי, אַ קאַרוזע האַ, האַ! נישט דאַרפן זינגען אין די גאַסן פאַר אָקסן, ווּעסט ווערן אַן אָפּעראַ-זינגער!

דאָ האָט זיך דער אַלטער צעלאַכט און באַלד געבומען ווייגען מיט טרערן ווי ביבערין.

— קום אַהער, פיליפּ — האָט מאָריס געזאָגט, און אים אַריינגעגאָסן אַביסל בראָנפן אין אַ גלאָז — נא, געוויין זיך צום ביטערן טראָפּן.

דער קליינער האָט אויסגעטרונקען און זיך פאַרקרימט ווי נאָך אַ ביטערן פּיל.

— ס׳ברענט? האַ, האַ, האַ! — האָט דער אַלטער זיך צעלאַכט, אַרומגעכאַפּט דעם קליינעם פיליפּ און אים גענומען קושן.

— נאַרעלע, ווּעסט ניט דאַרפן טרינקען קיין בראָנפן — שאַמפּאַניער ווּעסטו גיסן, שאַמפּאַניער! האַ, האַ! און מיטן אַלטן ווּעסטו זיך שעמען? האַ, ממזר דו? שעמען זיך מיטן גאַסן-זינגער!? דו ווייסט, ווער דיין טאַטע איז אַמאָל געווען? ניט קיין גאַסן-זינגער! אַ סטאַר! אַ סטאַר איבער וועמען מענדזשערס פלעגן זיך שלאָגן! די שענסטע מיידן האָב איך געהאַט, בעסטיעס!

דאָ האָט זיך דער אַלטער פאַרהוסט, רויט געוואָרן, ווי אַן אינדיק, און געשטאַמלט:

— אַ מענטש ווּעסטו ווערן באַ מיר, אַ מענטש! די שענסטע מיידן ווּעסטו האָבן דו, בעסטאַרד! ניט דאַרפן זיך אַרומשלעפּן מיט פריילעכע שוועסטער, ווי דיין טאַטע! — פאַניע אַרטיסטשע, גאָספּאָדין אַרטיסט, יור עקסעלענץ — האָט מאָריס אויסגעשריען און דערזיפּט דאָס לעצטע פון דער פלאַש.

פון צווייטן צימער איז אַריין מאָריסעס בעל-הביתטע, אַ הויכע, שוואַרץ-חנעוודיקע ליטוואַטשקע מיט אַ יצר-הרע פלאַסטערל אויף דער באַק. זי האָט פאַרלייגט אירע אַנטבלויזטע הענט

אויף דער פולער ברוסט און אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן.

— וואָס זאָגט איר ניט צו דעם וועטער? ס'האַלט אין איין גיסן

— — — און פּאַר פּרנסה־געבער איז דאָס אַ פּיקניק, רק ער שלאָפט.

מאָריס, זעענדיק זיין בעל־הביתטע, איז גלייך אויפגעשפּרונגען, זיך עלעגאַנט פאַרנייגט און ער האָט איר אונטערגערוקט אַ שטול:

— זיצט מיסעס בלום!

— ווער האָט צייט צו זיצן — האָט מיסעס בלום געענטפערט, פאַרזשמורעט עטוואָס אירע אויגן, וויסנדיק, אַז אַזוי איז זי שענער — וואָס האָב איך אייך געוואָלט בעטן?! יאָ, מאָריס, האָט איר פּילייכט אַ „קוואָטער"? כ'ברויך אַריין צו וואַרפן אין „געז־מיטער".

— יאַ־וואָל, ליידי! יאַ־וואָל! — האָט מאָריס אונטערגעברומט, אַרויסגענומען פון זיין טיפער קעשענע אַ קוואָטער, זיך געשטעלט אין אַ טראַגישער פּאָזע און אויסגעדעקלאַמירט:

— „מיין שיינע „ווענוס", איך שענק דיר מיינע גיטער, גליקלעך מאַך איך דיך, איך שווער דיר ביים „יופּיטער!" און האָט זי אַרומגענומען.

מיסעס בלום האָט זיך פלומרשט געוועהרט און אים געגומען מוסר־זאָגן:

— אַי, מאָריס, מאָריס, ווי שעמט איר זיך ניט, אַן עלטערער ייִד, און ס'ליגט אייך נאָך אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקייטן.

דערווייל איז סילווע, מיסטער בלומס טעכטערל פון ערשטן ווייב, אַ בלאָנדע מיידל פון אַ יאָר עלף, אַריין אין צימער און איז צו פּיליפּן.

— פּיליפּ, וועסט גיין אין „מווינג פּיקטשורס"?

— „שור" וועל איך גיין, וואַרט, ס'וועט באַלד זיין געלט — האָט פּיליפּ געזאָגט, אַ ווינק געטאָן מיט זיינע שוואַרצע אויגעלעך און געוויזן אויפן פּאָרל.

— ווי שעמט איר זיך ניט, ס'איז דאָך אַ חרפּה פאַר די קינדער — האָט מיסעס בלום געזאָגט, זיצנדיק ביי מאָריסן אויפן שויס.

— געוויס, געוויס, ווי דען — האָט מאָריס געשטאַמלט און אַ געשריי געטאָן: — פּיליפּ, אַ רוח אין דיין — — מאַרש מיט סילווען, היבטישע לעבערס!

פיליפ מיט סילוועץ זענען אַרויס פון צימער, צוגעמאַכט די טיר און גענומען איינציקווייז אַריינקוקען דורך דעם שלאָס־לעכל. פיליפ האָט פון גרויס שמחה אַרומגעכאַפּט סילוועצן, איר אַ קוש געטאָן און איז צו צו מיסעס בלומס מאַן, דעם בלינדן זרח, וואָס איז געשלאָפן אויפן בעטל, און אים גענומען וועקן?

דער בלינדער איז אויפגעשפרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער, ברייט צעעפנט זיינע הינערישע אויגן:

— ווער איז דאָס? וואָס איז?

— זרח, גיב אַ „דיים“, וועל איך דיר עפּעס זאָגן!

— און אַ „ניקל“ איז ניט גענוג, דו „סאָקער“?

— ניט ווייניקער ווי אַ „דיים“, דו בלינדער „קאַיק“!

דער בלינדער האָט געקרעכצט, געשאָלטן, אַרויסגענומען פינף סענט, געעפנט דאָס מויל און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ כינעזישער גאָט.

— נו, זאָג שוין, זאָג!

דער פּאַ קושט זיך מיט דיין ווייב! נור געדענק, זאָג ניט, אז איך האָב געזאָגט — האָט פיליפ אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

ער האָט געמאַכט פאַר גרויס שמחה דריי קאָזשאָלקעס און אַרויס מיט סילוועצן.

דער בלינדער איז אויפגעשפרונגען, געכאַפּט דעם שטעקן און, טאַפּנדיק, האָט ער אויפגעפּראַלט מאָריסעס טיר, מורא האָבנדיק אַריינצוגיין. ער האָט געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיטן שטעקן אין דער פּאָדלאָגע, געגלאָצט מיט זיינע פּאָרצעלאַנענע אויגן און געשריען:

— רבקה, אַ בראָך אין דיינע ביינער, ווו ביסטו, ווו, חצופה!?

רבקה האָט זיך אַ ריס געטאָן פון מאָריסעס הענט און אים געוויזן אויף איר בלינדן מאַן:

— ליבער גאָט, שלאַקרירעק זאָל ער ווערן! דער בלינדער הונט!

מאָריס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, געקוקט מיט אַ

שמייכל דאָ אויפֿן בלינדן, דאָ אויף רבקהן און האָט אַ טראַכט געטאָן:

— „מוט פֿאַרלירן פֿאַסט ניט פֿאַרן בראַוון קריגער,
אפֿילו אין דעם קלעם איז נאָך אַלץ דער טיגער — טיגער"!

---

מיטאָג צייט איז מאָריס אַרויס פֿון שטוב אין זיין קאָלירטן לייבל אָן אַרבל, מיט הנאה באַטראַכט די לענג פֿון פּיטקין עוועניו און זיך פֿאַנאַנדערגעפּייפֿט.

פֿון קעלער-שטוב איז אַרויס דער „דזשעניטאָר", אַ פּערציק-יעריקער איירישער מיט אַרויטער נאָז און אַ גלאַט ראַזירט פּנים. נאָך אים — זיין ווייב, אַ הויכע, געזונטע ניגערטע, מיט ליפּן ווי פּלאַכטעס און מיט אַ גרויסן, קיילעכדיקן בויך. אין איין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ בעזים און אין דער צווייטער אַ בלעכן קעסעלע פֿאַר ביר.

באַ איר קלייד האָבן זיך געריבן דריי קליינע ניגערלעך, מיט דיקע ליפּעלעך, מיט קורצע אויפֿגעשטעלטע צעפּלעך און אויסגעזען האָבן זיי, ווי שוואַרצע קודלאַטע שצעניאַקעס.

— האַללאָ, מאָריס, אַ פֿיין וועטער, האָט דער איירישער גע-זאָגט און אויסגעשפּיגן פֿון מויל אַ גאַנצן פּלאַסטער קיי-טאַבאַק.

— יאָ, יאָ, יעס סער — האָט מאָריס געצויגן די ווערטער, פֿאַרדרייט די וואָנסע, אַקלאַפּ געטאָן דזשאַנען אין דער פּלייצע, ווייזנדיק אויפֿן ווייבס בויך און געזאָגט:

— ביסט „ביזי" דזשאַן!

דזשאַן האָט מעשה בעל-הבית באַטראַכט דעם ווייבס בויך און זיך נאַריש צעשמייכלט.

די ניגערטע האָט פֿאַרקאַשערט אירע ליפּן, אַ גלאַנץ טוענדיק מיט אירע ווייסע ציין, אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן, זיך איינגע-בויגן אין דרייען, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט דעם בויך, און זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט ווי אַ קאָבילע.

מאָריס איז לייכט אַראָפּ פֿון טרעפּל, זיך דורכגעשפּאַצירט איבערן טראָטואַר און האָט חשק געהאַט אַריין אין „סאַלון" אויס-טרינקען אַ גלעזל ביר.

אויף אַ טרעפּל איז געזעסן אַ ייִדענע פון אַ יאָר פערציק, אַ קורצע, אַ דיקע ווי אַ יאַטקע-קלאָץ, מיט אַן איבערגעלייגטן גוידער און מיט אַ פּנים פון אַן אַלטן מאָפּס. זי האָט געהאַלטן די פיס צעשפּרייט און מיט הנאה האָט זי געכאַפּט ארץ-ישראל ניסלעך, וואָס זענען געלעגן באַ איר אין שויס, און זיי געוואָרפן אין מויל אַריין.

— מיסטער מאָריס, איר דערקענט מיך שוין גאָרנישט? אַ מענטש גייט דורך, כ'ווייס, הינט, טייפל, שמעק אַריין!

— האַלאָ האַלאָ, מיסעס סאַלאָמאָן, ווי גייטס! — האָט מאָריס געזאָגט און זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין איר קלייד, געכאַפּט עטלעכע ניסלעך און בשעת מעשה איר אַ קיצל געטאָן.

— „שעם יורסעלף" — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט כלומרשט אַ באַליידיקטע, האָט צונויפגענומען די ניסלעך און מיט אַ קרעכץ זיך אויפגעשטעלט.

— אַי, די היץ, די היץ! ניט אויסצוהאַלטן! די „פּייפּערס" שרייבן — מענטשן פאַלן ווי פליגן, קומט אַרויף מאָריס. ביי מיר איז קיל, אַ מחיה!

— יאַ, יאַ, מיסעס סאַלאָמאָן, דאָס איז פיין — האָט מאָריס געשטאַמלט און ניט ווילנדיק זיך נאָכגעשלעפּט.

מיסעס סאַלאָמאָן האָט אים אַריינגעפירט אין איר זאַל, זיך אַנטשולדיקט און איז באַלד אַרויס.

מאָריס האָט באַטראַכט דעם אָפּגעבליאַקעוועטן דיוואַן, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע און פון וועלכן עס האָבן זיך געהויבן גאַנצע זיילן שטויב, ווען מען האָט געטרעטן איבער אים. ער האָט באַטאַפּט די אויסגעבעטע שטולן, די איבער־געצויגענע פּיאַנאָ, האָט זיך באַקוועם אַריינגעזעצט אין אַ וויג-שטול און שטיל געזונגען:

—„לילית האָט פאַרשפּרייט אַ נעץ, און זי ווייס ניט, אַז כ'בין אַ לץ".

מיסעס סאַלאָמאָן איז באַלד אַריין מיט אַ טאַץ אין דער האַנט. אויף דער טאַץ איז געשטאַנען אַ סאָפאָן וואַסער, אַ פלאַש ביר און אַ טעלער מיט אויבסט.

מאָריס האָט געעפנט די פלאַש מיט אַ שאָס, געטרונקען אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל, פאַרביסן מיט אויבסט.

— איר ווייסט, מיסעס סאַלאָמאָן, מען וועט מוזן גיין אָפּ־טער צו אייך!

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! — האָט זי געענטפערט אַ צע־פרידענע.

— כ׳זאָג אייך — האָט מאָריס פאָרטגעזעצט — כ׳בין גאָר פרישער געוואָרן! וואָס אַ גלעזל ביר מאַכט!

— דאָס טענה איך דאָך, מאָריס. איר זייט דאָך עפּעס אַ מאַן, ס׳איז דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן און גאָר נישט — איר פלאָגט אָפּ אייערע פּאָר יאָר! ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אַן אַלמן?

— נו, נו, מיסעס סאַלאָמאָן, זעט טאַקע עפּעס פאַר מיר אַ שידוך?

— וואָס שידוך, ווען שידוך, די קאַץ שיקט מען ניט נאָך די פּוטער — האָט זיך מיסעס סאַלאָמאָן צעלאַכט — אַז איר האָט זיך פאַרדרייט אַ קאָפּ מיט רבקהן, די חצופה, ווער וועט דאָס וועלן האָבן „ביזנעס״ מיט אייך? כ׳ווייס, מען זאָגט עפּעס אַ יידענע, מילא, אָבער דאָס איז דאָך קיין יידענע אויך ניט, אַ בעזדיעטניצע, אַ יאַלאווקע, אָפּגעוווּינט מיטן ערשטן מאַן זעקס יאָר און גאָר ניט — ער האָט זי אָפּגעגט. ווייסט איר פאַר וואָס? — האָט זיך מיסעס סאַלאָמאָן צוגערוקט צו מאָריסן און האָט זיך צעלאַכט — ס׳איז מיר אויף מיין וואָרט אַ חרפה עס צו דערציילן פאַר אַ מאַנסביל — זי האָט דאָך קיין — — כאַ, כאַ, כאַ! ווי איך בין אַ יידישע טאָכטער!

— יאַ, יאַ, דאָס איז אינטערעסאַנט, שפּאַנענד! — האָט מאָ־ריס דעקלאַמירט, קנאַקנדיק די ניסלעך.

— ווען איר פּאָלגט מיך פאַראַיאָרן — האָט מיסעס סאַ־לאָמאָן ווידער אָנגעהויבן, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן — און חתונה געהאַט, וואָלטן מיר געלעבט ווי לייטן גלייך. איר וואָלט באַ מיר קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער ניט געדאַרפט אַריינשטעקן, כ׳בין, ברוך השם, קיין קבצנטע, אין הויז באַ מיר, איז קיין עין הרע, פון

כל טוב, און ס'איז נאָך דאָ אַ פּאָר דאָלאַר אין באַנק אויך, פּאָרט אַ היימישע "ביזנעס„. כ'גיב אַוועק אַ דאָלאַר אויף אַ חודש, קריג איך צוריק אָנדערהאַלבן. ווער מאַכט דאָס היינטיקע צייטן בעסערע געשעפטן?

—אָסור ראקאָפּעלאָ! — האָט זיך מאָריס צעלאַכט.

— איר זייט אַ לץ! — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט און מאָריסן אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּוס — איר באַרעכנט אייך בעסער, מאָריס, און זעט, אַז כ'מיין אייער טובה מער ווי מיינע. נור וואָס טויגן די רייד, ווי לאַנג איר וועט וויגען באַ רבקה טליק, זייט איר אַ פאַרפאַלענער!

— וואָס איז שייך — האָט מאָריס אַ ברום געטאָן, זיך אויסגעשטעלט, אַריינגעלאָזט די הענט אין די הויזן קעשענעס, זיך איבערגעצויגען, גענומען שפּרייזן איבערן דיוואַן און געטראַכט:

— „איך בין דיר מוחל, וואָס דו רעדסט, ווייל דו רעדסט ווי אַ קינד און פערשטייסט ניט דיין געפערלעכע לאַגע אַצינד".

— איר וועט פיליייכט נאָך טרינקען אַ גלעזל ביר? — האָט מיסעס סאַלאָמאָן איבערגעריסן די שטילקייט.

— ווער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אַ גלעזל ביר? — האָט מאָריס געענטפערט שפּאַנענדיק איבערן צימער.

מיסעס סאַלאָמאָן איז אריין אין קיך.

מאָריסן איז מיט אַמאָל איינגעפאַלן, אַז ס'וואָלט געווען אַ פלאַן חתונה צו האָבן מיט דער יידענע. אמת, רבקהן איז טאַקע אַ שאָד, נאָר גאָרניט, ער וועט זי נאָך דער חתונה אויך קריגן און דערווייל וועט ער זיין אַ פאַרזאָרגטער! ווי זאָגט זי אַליין: "ניט דאַרפן איינטינקן אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער„. מען שמועסט, אַז זי האָט אַ שלל מיט געלד.

דערווייל איז מיסעס סאַלאָמאָן אריין מיט אַ פלאַש ביער. מאָריס האָט גענומען די פלאַש, זי בעטראַכט עטלעכע מאָל אָפּגעווישט דאָס העלזל מיטן טישטעך, וואוילעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם דנאָ פון דער פלאַש אָן זיין האַנט און דער קאָרק איז אַרויס מיט אַ שאָס. ער האָט אַריינגעצויגען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, אויסגעדרייט מיט צוויי פינגער די גאַנצע וואָנסען און זיך אויפגעשטעלט.

— הערט, מיסעס סאַלאָמאָן, איר זייט טאַקע גערעכט, כ׳האָב זיך גאָר וואָס באַרעכנט, אַז דער שידוך איז פאַר מיר ווי געווּנטשן, ווי כ׳בין אַ ייִד! נאַ, גיסט זיך איין אַ גלאָז ביר און מיר וועלן טרינקן לחיים! גייט רבקה אויפן פייער! מאָרגן „מוף״ איך אַרויס!

ער האָט אַרומגעכאַפּט די דיקע מיסעס סאַלאָמאָן, זיך צעקושט מיט איר אויף איין באַק, אויף דער צווייטער, דערטרונקען דאָס גלאָז ביר זינגענדיק:

— „לחיים מיין שאַץ, לחיים מיין שעצל, לחיים מיין לאַקרעץ־קלעצל״.

---

סילווע איז איינע אַליין געווען אין שטוב. זי האָט אַרויסגענומען רבקהס קעסטעלע פּודער, זיך איינגעפּודערט, אָנגעטאָן רבקהס קאַפּעליוש מיט דער לאַנגער שוואַרצער שטרויס־פּעדער, זיך אַריינגעשטעלט אין שפּיגל, עטוואָס אויפגעהויבן דאָס קורצע קליידל און גענומען נאָכזינגען, אַפּערוואַרפנדיק אירע פיסלעך און ווינקנדיק מיט די בלויע אויגעלעך, ווי אַ וואָדעוויל־אַקטריסע:

„Hallo cennral! Hallo central!
Give me six-o three“

סילווע איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט איר זינגען און טאַנצן, אַז זי האָט גאָר ניט באַמערקט ווי פיליפ איז אַריין מיט זיינע „ראָלערס״ פון דער גאַס.

פיליפ איז געבליבן שטיין באַ דער טיר מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער, זיך צוגעקוקט ווי סילווע „עקטעט״, און אים איז איינגעפאַלן זי איבערצושרעקן. ער האָט שטיל אַוועקגעשטעלט די „סקייטס״, אויפגעזוכט דעם בלינדן זרחס אַן אַלטן ראָק מיט אַ פאַרשוויצטן האַרטן קאַפּעליוש, זיי אָנגעטאָן. ער האָט פאַרבויגן זיינע אויבערשטע לעפלעך פון די אויגן אַזוי, אַז דאָס רויטע האָט זיך אַרויסגעזעצן, גענומען אַ שטעקן אין האַנט אַריין און איז, טאַפּנדיק, מיט שווערע טריט אַריין אין צימער, נאָכמאַכנדיק זרחס קול:

— רבקה, אַ בראָך אין דיינע ביינער, ווו ביסטו, ווו? רבקה, פאַרשרפהט זאָלסטו ווערן! חצופה! דערווערגן וועל איך דיך!

סילווע האָט זיך איבערגעשראָקן, אַראָפּגעריסן דעם קאַפּעליוש, אים אַ שליידער געטאָן אויפן בעט. זי האָט זיך אָבער באַלד צעלאַכט, דערזעענדיק, אַז דאָס איז פיליפ.

— גיי צום טייוול! האָסט מיך איבערגעשראָקן צום טויט!

פיליפ האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, געשאָלטן, געטופּעט מיט די פיס, געגלאָצט מיט די רויטע אויגן, אָנגעכאַפּט סילווען פאַר די האָר, זי אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע, געשלעפּט און געשריען:

— דערוועגרן וועל איך דיך, דערוועגרן! מיטן שכור, מיט דיין „ליובאָווניק"!

סילווע האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

— וואָס וויינסטו!? ס'איז דאָך געווען אַ שפּאַס. ביסט אַ נאַר! כ'האָב געזען ווי דו „עקטעסט", האָב איך אויך „געעקטעט" — האָט פיליפ געשמייכלט און זיך אויפגעשטעלט.

סילווע האָט זיך אויסגעווישט די אויגן און אַן אָנגעכמורעטע געזאָגט:

— אַז וועסט נאָך איין מאָל לאַכן פון מיין פאַ, וועל איך מיט דיר אייביק זיין ברוגז, וועסט זען! פאַר וואָס לאַך איך ניט פון דיין פאַ? אָ, ער איז דאָך אַזאַ שלעכטער! ווען ניט ער, וואָלט זיך מיין פאַ ניט אַרומגעקריגט מיט רבקהן!

דו ווייסט, פאַרוואָס זיי קריגן זיך אַרום? „אַל בעטשע" דו ווייסט ניט? רבקה וויל מען זאָל זי קושן, און דיין פאַ וויל ניט, דעריבער „גלייכט" זי אים ניט.

— און דיין פאַ קושט רבקהן? — האָט זיך סילווע געפרעגט.

— „שור" קושט ער, פונקט ווי אין „מיינערס וואָדעוויל". דו ווייסט, מיין פאַ איז דאָך געווען אַן „עקטער" און אַז איך וועל אונטערוואַקסן וועל איך אויך זיין אַן „עקטער", אָט אַזוי:

דאָ האָט פיליפ זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע, מיט איין האַנט אַרומגענומען סילווען פאַר דער טאַליע, מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אָנגענומען איר הענטל און איר אַ קוש געטאָן.

— „גראַדי היר" — האָט סילווע אַ קוויטש געטאָן, אויסגע-

שלאָף, זײַן אַרויסגעריסן פֿון פּיליפּן און אַרײַן אין קיך — כ׳וועל דערצײלן מאַר דײַן פּאַ, וועסט זען! גיי, ביסט אַ חזיר! כ׳וועל מיט דיר קיינמאָל ניט ריידן.

זי האָט זיך אָנגעשפּיגן אויף דער האַנט, גענומען רייבן אויף דעם פּלאַץ, וווּ זי האָט אַ קוש געקראָגן, און אַרויס אויף דער גאַס.

---

מאָריס מיט רבקהן זײַנען באַפאַלן דעם בלינדן זרח און אים גענומען שטיקן. זרח האָט געמאַכט קולות, זיך געבעטן, זיי זאָלן אים אָפּלאָזן. עס האָט אים ניט געהאָלפֿן. זיי האָבן אים מיט אַמאָל אויפגעהויבן, אויפגערוקט דאָס פענסטער און אים אַרויס־געשליידערט. זרח איז געפאַלן מיט אויפטרייסלנדע געשרייען, געפאַלן אַלץ שנעלער. און וואָס נענטער ער איז צו צו דער ערד, איז זי זיך צעשוווּמען און ער איז ווייטער געפאַלן.

אַן אָפּגעגאָסענער מיט שווייס, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פֿון שלאָף. ער האָט זיך באַלד באַרויִקט, אַז עס איז ניט מער ווי אַ חלום און זיך איבערגעצויגן. אין שטוב איז קיינער ניט געווען. דעם בלינדן האָט זיך געדאַכט, אַז אין מאָריסעס צימער סקריפּעט דאָס בעט.

— שוין ווידער! — האָט זרח אַ ברום געטאָן און אויפגעשפּרונגען אַן אויפגעקאָכטער פֿון זײַן בעטל.

ער האָט גענומען רופֿן:

— רבקע! רבקה! סילוויע! פּיליפּ! מאָריס! אַ מיתה־משונה אויף אײַך אַלע!

אין שטוב איז געווען שטיל. זרח האָט אויסגעשפּיצט זײַנע אויערן, און אים האָט זיך ווידער געדאַכט, אַז דאָס בעט באַ מאָריסן קרעכצט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָרט איז קיינער ניטאָ, פֿונדעסטוועגן איז ער פֿאָרזיכטיק אַרײַן אין מאָריסעס צימער, און מיט אַ געמאַכטן כּעס גענומען קלאַפּן מיטן שטעקן איבערן בעטל:

— אָט אַזוי! אָט אַזוי! נאַט אײַך! ממיתן וועל איך אײַך!

דעם בלינדן איז דאָס עסק געפֿעלן געוואָרן, ער האָט זיך

צעלאַכט, זיך אוועקגעזעצט אויפן בעטל, ארומגעטאַפּט פון אלע זייטן, ארומגעשמעקט עס, ווי אַ הונט מיט דער נאָז, און מיט א קרעכץ איז ער אַרויס פון חדר.

אים האָט זיך אויסגעדאכט, אז אלע זענען אין שטוב, באַהאלטן זיך אין די ווינקעלעך, אונטער די בעטן, אַז באלד וועלן אַלע מיט אַמאָל ארויסשפּרינגען, אים באַפאַלן, דערווערגן.

אַן אויפגעציטערטער איז ער צו צום פענסטער. ער האָט ברייטער צעעפענט זיינע אויגן און זיך איינגעהערט ווי דער רעגן קלאפּט, שמייסט אין די שויבן, ווי מיט בייטשן. עס האָט אים דורכגעטרייסלט, ער האָט געפילט ווי אַ שרעק נעמט אים ארום און פון היימלעכקייט וועגן האָט ער גערופן: רבקה, רבקה! חצופה! עס איז געווען שטיל. פון א ווינקל האָט זיך געטראָגן א הייזעריקער כככ... פון אַ קעצל.

— גאָר צורופן דאָס קעצל — האָט דער בלינדער צו זיך געזאָגט. — פּוססי, פּוססי, קאַם היר!

דאָס קעצל איז באַלד אַרויס מיט אַ ווורטשן, זיך גענומען רייבן אָן בלינדנס פוס. זרח האָט זיך איינגעבויגן, גענומען די קאַץ אויף די הענט און איינגעטוליעט זיין פּנים אין ווייכן, וואַרעמען פעלכל.

— פּוססי, דיר איז קאַלט? — האָט זרח געטענהט צום קעצל, טוליענדיק שטאַרקער זיין פּנים אין ווייכן פעלכל.

דאָס קעצל איז אפשר ניט צופרידן געווען פון בלינדנס צערטלעכקייט, האָט עס אַ פּריסקע געטאָן און זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן אין טיר.

— „קאַם אין"!

מיסעס סאַלאָמאָן, וואַקלנדיק זיך ווי אַ פעטע גאַנדז, אין אַריין.

— גוט איווינינג, זרח, ווי גייטס? דאָס בין איך, מיסעס סאַלאָמאָן, ווו איז אייער פרוי?

— בנאמנות, אַ גאַסט — האָט זרח געענטפערט אַ צופרידענער — זייט זשע מוחל, מיסעס סאַלאָמאָן, נעמט אַ שטול און זעצט אייך. איר פרעגט זיך, ווו רבקה איז? די שוואַרצע יאָר ווייסן זי! טליקעט זיך אַרום!

איר מעגט עס נאָכאַמאָל זאָגן — האָט מיסעס סאָלאָמאָן געזאָגט, זיך צעוועקגעזעצט און אָפּגעפּראַכט — כ'האָב זי נור וואָס באַגעגנט מיט דעם קונצנמאַכער, דעם שכור, אויף זיי מעג מען יאָ זאָגן: די „מיסעס" מיט דעם „באָרדער"!

— אַזוי? געטראָפן? אַי, אַי, אַי! — האָט דער בלינדער זיך גענומען רייבן אַ האַנט אין אַ האַנט — נו, זאָגט איר, מיסעס סאָלאָמאָן, איר זייט דאָך קיין נאַר ניט, ווי לעבט מען? וואָס קאָן איך מיר, אָרימער קאַליקע, העלפן?

— וואָס הייסט? — האָט מיסעס סאָלאָמאָן געפרעגט, צוריקנדיק איר שטול צו זרחן — איר זייט, דאַכט זיך, אַ מאַן און די וועלט איז ניט הפקר. אמת, ס'איז אַמעריטשקע גנב! אין יוראָפּ וואָלט מען אַזאַ יונג די ביינער צעבראָכן, נאָר גאָרניט! איז ראשית, מאַכט מען „מאָריטן" צו „מופן"! און דערנאָך לאָזט מען זיך ניט בלאָזן אין דער קאַשע אַריין. איר זענט טאַקע אַ בלינדער, אָבער פאָרט אַ מאַנסביל, און רבקה איז ניט מער ווי אַן אשה. איר נעמט זי נאָר פעסט אין די לייצן אַריין, וועט איר זען, ווי זי וועט גיין אין שפאַן!... נאָר ס'ערשטע, מאַכט צו „מופן" אָט דעם קונצנמאַכער, אַז ניט זענט איר אַן איבערגעפירטער! ער וועט מיט זיינע זיסע ריידלעך אַרויסציען דעם לעצטן ביסן פון מויל! אוי, רבונו של עולם, אויסכאָליען זאָל ער מיינע פאָר טאָלער!

— נו, נו, גיט טאַקע אַן עצה, מיסעס סאָלאָמאָן, ווי מאַכט מען דעם פאַרשוין צו „מופן"? כ'האָב מורא — האָט זיך דער בלינדער ביטער צעלאַכט — ער זאָל מיך ניט מאַכן צו „מופן". די חברה וואָלטן מיך שוין לאַנג אַרויסגעפּאַקט נאָך „ברוקלין".

— וואָס האָב איך דאָ אַ סך צו טענהן? — האָט זרח מיט אַ זיפץ געזאָגט. — כ'בין אַ „דעם פול", אַליין זיך שולדיק. גאָט האָט געשטראָפט, מיר צוגענומען די ראיה, האָב איך געדאַרפט נעמען די טויזנט טאָלער, וואָס כ'האָב באַקומען, און זיי אַריינגעבן אין אַ „האָם" — וואָלט איך מיר דאָרט געזעסן רויק און סיילוועך וואָלט די שטאָט צוגענומען. האָט זיך מיר אָבער פאַרגלוסט חתונה צו האָבן און רבקהלע, די חצופה, אַ בראָך אין אירע ביי-

נער, האָט דערשפּירט מיינע פּאָר סענט. ווי זי האָט זיך דאָס צו־געפּוצט צו מיר, די געקאָוועטע ליטוואַטשקע, מיך גערופן „זרחקע" און „טייערינקער", און דער טייפל ווייסט וואָס? ווער פאַרשטייט זייער לשון, ווער, פלעגט זיך פאַרקאַטשען די אַרבל אַזער די עלנבויגנס, מיר זיך הענגען אויפן האַלדז, צוזאָגן דאָס אויבערשטע פון שטויסל, האָב איך גערעכנט: כ'ווייס, פּאָרט בעסער אַן אייגן בעט, ווי צו זיין אין אַ האָם. ווער האָט געוווּסט, אַז זי וועט זיך אַריינגעמען אַ „ליובאָווניק", דעם שכור, און יעצט גיי שריי חי וקים!

— מיסעס סאַלאָמאָן, וואָס זאָל איך לאַנג ברייען, זי לעבט מיט אים אונטער מיינע אויגן, אַז כ'זע ניט! און דו, בלינדער הונט, ווער צעפּלאַצט! ביסט קיין מאַן ניט מער! און ווער ווייסט, מיסעס סאַלאָמאָן, אַזוינע חברה קאָנען מיך אָפּסמען. און מיין סילווע, אַ פינסטער יאָר אויף איר, זי האַלט דאָך אויך מיט זיי. און זיין בנ'אָקל, פיליפ, אַ פאַרשרפעט זאָל ער ווערן! אַ שיינע קאַפּעליע, ווי איר זעט!

— עס גייט עמיצער — האָט מיסעס סאַלאָמאָן געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט — צייט צו גיין! מען מוז צוגרייטן „סאַפּער" פאַר די קינדער.

— וואָס איילט איר זיך, מיסעס סאַלאָמאָן? דאָס איז דאָך רבקה!

— ניין. כ'גיי, „גוט באַי", זרח.

ווען מיסעס סאַלאָמאָן איז צו צו דער טיר, איז רבקה אַריין מיט אַ שירם אין דער האַנט. זי איז געבליבן שטיין. זיי האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט, ווי צוויי הענער.

— עס געפעלט דיר שוין מיין בלינדער מאַן אויך? — האָט רבקה אויסגעשאָסן, אויסגעגלאָצט די אויגן און געכאַפּט די הענט פּאָדבאָקעם — ניט געקאָנט קריגן מאַריסן, איז דער בלינדער זרח אויך גוט! — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ ניגון.

— דערפאַר האָסטו שוין מאַריסן מיטן בלינדן צוזאַמען, האַ?

— האָט מיסעס סאַלאָמאָן אַ רויטע ווי אַן אינדיק געענטפערט.

— וואָס איך האָב, לאָז דיר דיין קאָפּ ניט דאַרן, גור, דו,

יאַטקע-קלאָץ, פלייש מיט אויגן, „גראַדי היר", דען כ'פּלעט דיר דעם מח!

זרח איז אַריין אין קיך, געבליבן שטיין ווי אַ גולם מיט אַ צעעפנט מויל און געשריען:

— וואָס איז? רבקהלע, האָסט שוין צעעפנט דיין צעווערמט פּיסקל?

דערווייל האָט זיך מיסעס סאָלאָמאָן אַרויסגערוקט פון שטוב נים טויט נים לעבעדיק. זי האָט געשפּרייזט איבער די טרעפּ, געשריען און געשאָלטן.

— וואָס איז? וואָס פאַר אַ חתונה האָסטו אויפגעקאָכט? וואָס האָסטו פון איר געוואָלט, וואָס? — האָט זרח מיט כעס געפרעגט.

— באַליידיקט אים די „ליובאָוויצע" — דיין גליק, וואָס כ'האָב אייך ביידע ניט געטראָפן — האָט רבקה זיך צעלאַכט.

— דו מיינסט אַלע האָבן דיין טבע? — האָט זרח געענט-פערט — און ווו ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן, כ'האָב גערעכנט, האָסט געמאַכט פּליטה מיטן שיכור.

— ס'וואָלט קיין עולה ניט געווען — האָט רבקה געענט-פערט, איז צו צום אייז-שענקל, אַרויסגענומען אַ באַנאַנע און גע-געסן.

— ווער האַלט דיך, ליטווישע נ'אמונה? גיב צוריק מיין געלט, און גיי ברעך הענט און פיס מיטן גראָבן שכור צוזאַמען!

— ווער פרעגט דיך עצות, בלינדער הונט! אַז כ'וועל וועלן, וועל איך גיין!

— חצופה! — האָט דער בלינדער דורכגעזייט דורך די ציין, זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלאָצט די פאַרצעלאַנענע אויגן, פאַרקוועטשט די פויסטן און זיך געטרייסלט.

רבקה איז צו נאָענט צום בלינדן און אים אַ כראַקע געטאָן גלייך אין פּנים אַריין. דער בלינדער האָט פון כעס אַ שליידער געטאָן דעם שטעקן, געגומען יאָגן דאָס ווייב, איז געפאַלן, ווי אַ זאַק זאַמד, און זיך צעקלאַפּט. ער האָט גענומען רעווען, ווי אַן אָקס.

רבקה איז צו צום מאַן, אים גענומען קושן, האַלדזן, גע-האָלפן אויפהויבן און געלייגט אויפן בעטל.

— אַז אַלץ איז איבער דיר, זרח, — האָט רבקה אַ שולדיקע געזאָגט, גענומען דעם מאַנס האַנט און זיך געזעצט אויפן בעטל — ביסט מיך אַלץ אין איינעם חושד, אַז כ׳האָב עסקים מיט מאָריסן, כ׳ווייז דיר, אַז מאָרגן „מופט״ ער אַרויס פון אונדז, למאי, „רענט״? מיר קענען אַזוי פיל ניט צאָלן, וואָס גייט עס מיך אָן! באַ אונדז אין שטוב איז דאָך פשוט אַ גיהנם!

— אויף מיין וואָרט, רבקהלע, מאַך אים צו „מופן״, ווערסט זען, איך אַליין וועל באַצאָלן דעם „רענט״. כ׳וועל גיין אין די הייזער, אַ בלינדן וועט יעדער געבן און דו ווערסט דיר לעבן ווי אַ גרעפין, ווי אַ „לעדי״, אַבי מאַך אים צו „מופן״, דעם שכור!

— לייכט צו זאָגן, ווערסט גיין אין די הייזער, מיר פאַרשוואַרצן דאָס פנים. דאָס פעלט מיר נאָך! כ׳ווייס, כ׳האָב גערעכנט, מיר וועלן זיך מאַכן עפּעס אַ שטיקל „ביזנעס״, גאָט וועט העלפן, מיר וועלן ווי עס איז דורכקומען, מיר זענען דאָך ניט מער ווי דריי מענטשן? און דו האָסט מורא אַרויסצוגעבן דאָס בייטעלע פון דער האַנט, געטרויסט ניט דיין אייגן ווייב, און וואָס וועט זיין דער סוף?

— דאָס שריי איך דאָך, — האָט דער בלינדער אַ צופרידענער געזאָגט, — פאַרקאַטשנדיק דעם ווייב די אַרבל פון דער בלוזקע, — וואָס הייסט, מענטשן לאַכן דאָך פון מיר אין די פויסטן, זיי טענהן, אַז דו מיט מאָריסן, כ׳ווייס... מיינסט כ׳גלויב? אסור ניט! נור צו וואָס זאָל איך מאַכן מענטשן רעדן! און צוריק גערעדט, לאָז דיין ניט פאַרדריסן, קיינער הערט דאָך ניט, מיר לעבן עפּעס צוזאַמען, נו? מיינסט טאַקע, כ׳ברויך געלט? אָט, נאַ, דאָ האָסטו דעם גאַנצן בייטל.

רבקה האָט אים אַרומגענומען און געגומען קושן. זרח האָט זי אַרויפגעשלעפּט אויפן בעטל.

---

מאָר׳ס איז אַ היים געקומען שפּעט באַ נאַכט. ער איז גלייך אַריין צו זיך אין צימער, פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און האָט אָנגעצונדען די גאַז.

איבער דער ברייט פון בעט איז געלעגן פיליפּ, אַן אָפּגעדעקטער

און געכראָפּעט. מאָריס האָט אים אויסגעדרייט, אַריינגערוקט אין אַ ווינקעל און זיך גענומען אויסטאָן.

די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און רבקה איז אַריין אין אַ לאַנג ווייס נאַכט־העמד. די האָר פאַרקעמט מיט אַ צאָפּ אַראָפּ, און געבליבן שטיין. מאָריס האָט עפּעס ווי ניט געגלויבט זיינע אויגן, געקוקט אויף רבקהן און געשמייכלט. ער איז צו איר צוגעגאַנגען און האָט זי ארומגענומען. רבקה האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט, זיך געזעצט אויפן בעט און אים געצייגט מיט דער האַנט, ער זאָל זיך זעצן ביים טיש.

מאָריס האָט זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט, וואָס ווייטער וועט זיין.

— הער, מאָריס, — האָט רבקה שטיל געזאָגט, — ווייטער אַזוי צו לעבן איז אוממעגלעך! אויב דו האָסט מיך אין אמתן ליב, קום, לאָמיר אַוועק פון דאַנען נאָך היינט בײַ־נאַכט, און אויב ניט, — „מוף", כ'וויל ניט האָבן צוויי מאַנען!...

מאָריס איז ווי צעמישט געוואָרן, גענומען שטאַמלען:

— יאָ, יאָ, אָבער ווו נעמט מען געלט?

— דער בלינדער האָט מיר אַוועקגעגעבן די גאַנצע צוויי הונדערט דאָלאַר, כ'זאָל דיך מאַכן צו „מופען", — האָט זיך רבקה צעלאַכט.

מאָריס, ניט ערוואַרטענדיק אַזאַ ענטפער, האָט זיך אין גאַנצן פאַרלוירן. ער האָט אַריינגעכאַפּט אין מויל אַריין איין וואָנסע און זי גענומען קייען.

ער האָט געקוקט ווי רבקה ציט זיך אויס אויפן בעט, ווי גרויס זי איז, מיטן פּנים צום סופיט. ציט איין איר לאַנג נאַכט־העמד אַרום דעם לייב, אַזוי אַז אַלע גלידער פרעסן זיך בולטער אַרויס, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, וואַרפט אריבער אויפן ווייסן האַרץ דעם שוואַרצן צאָפּ, נעמט די הענט צוקאָפּנס און שמייכלט צו אים. מאָריס האָט מיט אַ מאָל אָן אַלעם פאַרגעסן, דערפילט, אַז עפּעס וואַקסט אין אים, ער ווערט יונגער, שטאַרקער, האָט ער זיך מיט אימפּעט אַ שטעל־אויף געטאָן און גענומען גיין צו רבקהן. רבקה האָט שמייכלדיק אַ פּערגענומען אַ האַנט, געוואָרן מיט אַ מאָל ערנסט, און אים געגראָזשעט, ער זאָל ניט צוגיין צו איר.

מאָריס איז געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר גלאַנציקע אויגן, זיך

אַרומגעקוקט, ווי איינער, וואָס זוכט הילף, און זיך גענומען קראַצן דעם קאָפּ.

פיליפּ האָט זיך דערווייל איבערגעוואָרפן, צעעפנט די אויגן, און מיט אַ זיפץ ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן.

— און וואָס וועט זיין מיט פיליפן? — האָט מאָריס געפרעגט.

— מען מוז דאָך אים מיטנעמען!

— מען וועט קיינעם נישט מיטנעמען! — האָט רבקה געענטפערט פאַרנאַנדערפלעכטנדיק איר לאַנגן צאָפּ, — אויב דו ווילסט, טו זיך אָן און מיר פאָרן, גיכער!

דאָ האָט רבקה אַ צי אַריין געטאָן אירע פיס אין לאַנגן נאַכט-העמד, אַ צאַפּל געטאָן מיט אירע אַקסלען און מיט אַזאַ גלאַנציקער פייכט-קייט פאַרזשומערט די שוואַרצע אויגן. אַז מאָריסן איז אַ וואַרעם פרעסטל דורכגעלאָפן איבערן לייב.

ער האָט זיך לייכט אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען, צעשפרייט די הענט, אָנגענומען אַ טראַגישע פּאָזע און מיט פּאַטאָס אויסדעקלאַמירט:

— אָ, מיין זיסער אַמאָר! דיין וואָרט גיב — גיב!..

— איך האָב דיך ליב. זאָג, האָסטו מיך אויך ליב?..

---

פאַרטאָג האָט זיך דער בלינדער אויסגעטשוכעט, גענומען וועקן דאָס ווייב: רבקה! רבקהלע! זי געזוכט נעבן זיך מיט די הענט. ער האָט געפילט, ווי עפּעס רייסט זיך אָפּ בא אים אין האַרצן, נישט גע-פינענדיק רבקהן. אַן אויפגערעגטער איז ער אַראָפּ פון בעט און איז צו צו סילוואַן:

— שטיי-אויף, ממזרת, דערשטיקן וועל איך דיך!.. — האָט זרח געשריען, טרייסלענדיק די פאַרשלאָפענע סילווע. — האָדעווע אויס טעכטער' אויסגעריסן דאַרפן זיי ווערן!..

סילווע האָט זיך אַן איבערגעשראָקענע אויפגעכאַפּט, זיך צעוויינט:

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס קנייפּסטו מיך?

— גיי שוין אַריין צו מאָריסן! זע, צי רבקה איז דאָרט דאָ, גי-כער! זי האָט דעם לעצטן סענט פון מיר צוגענומען, דו „באָמערקע“ וואָס ליגסטו? גיי!

סילווע איז אַ נאַקעטע אַראָפּ פון בעטל, און, כליפּנדיק, אַריין אין מאָריסעס צימער. דער בלינדער איז איר נאָכגעגאַנגען.

— רבקה איז דאָ ניטאָ, — האָט סילווע אַ פאַרוויינטע געזאָגט.

— ניטאָ? און מאָריס שלאָפט נאָך?

— מאָריס איז אויך נישטאָ, פיליפ אַליין שלאָפט אָן קישענעס.

— אַ בראָך צו מיר, — האָט דער בלינדער אַ רעווע געטאָן, — ס'האַרץ האָט מיר באַלד געזאָגט, אַז ס'איז נישט גלאַטיק, זיי זענען אַנטלאָפן, מיך איבערגעלאָזט אַ בלינדע קאַליקע, אָן אַ סענט! וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?

פיליפ איז פון די קולות אויפגעקומען, און אַ פאַרוווּנדערטער זיך געפרעגט: וואָס איז דאָ?

— דיין טאַטע, אַז דער ערשטער דונער זאָל אים טרעפן, איז אַנטלאָפן מיט רבקהן, צוגענומען דעם לעצטן סענט און דיך אויך איבערגעלאָזט! וועסט קומען די הונט צעטיילט! — האָט זיך דער בלינדער צעשריען, און זיך אַ וואָרף געטון מיט צעשפרייטע הענט אויפן בעט, אָנגעכאַפט פיליפן פאַרן קאָפּ און אים גענומען שטיקן, אַרויסלאָזנדיק בשעת מעשה אויפטרייסלענדע קולות.

פיליפ האָט געשליידערט מיט די פיסלעך, געביסען דעם בלינדן, געשריען: „בעסטארד, גייט יאָר סייז!" געבעטן סילווען, זי זאָל אים נישט לאָזן שלאָגן.

סילווע האָט זיך אַ פאַרוויינטע אַרומגעוויקלט ווי אַ שלאַנג אַרום דעם פאָטערס פיס, געקנייפּט, וואָס כח גור, געקוויטשעט ווי אַ יונג חזירל.

דער בלינדער האָט מיט אַ מאָל אָפּגעלאָזט פיליפן, דערלאַנגט סילווען אַ שליידער פון זיך און געבליבן שטיין אין מיטן שטוב, אַ בלאַסער, מיט אַ פאָר פאַרגלייזטע אויגן, מיט אַ ברייט צעעפנט מויל. ער האָט פאַרבראָכן די הענט און [illegible] טענהט מיט אַ ניגון, ווי מען באַקלאָגט אַ טויטן:

— וואָס טוט מען? ווי האָ[illegible]ן זיי מיך איבערגעלאָזט? ס'בלייבט מיר נישט איבער מער, ווי צו וואַרפן זיך אין ים אַריין!...

סילווע איז געלעגן אין אַ ווינקל און געכליפּעט.

פיליפ האָט ווי פאַרגעסן אין די קלעפּ, דאָ געקוקט אויף דעם בלינדן, דאָ אויף סילווען, דערזען, אַז ער שלאָפט אָן אַ קישן, אַז דעם טאַטנס וואַליז איז נישטאָ, אַז ער האָט אים איבערגעלאָזט, — האָט עס אים פאַרקוועטשט אונטערן האַרצן און ער האָט זיך שטיל צעוויינט.

פאַרנאַכט.

פיליפ אין אַריין אין שטוב מעשה בעל-הבית, מיט אַ ברייטן „גוט איווינינג".

ביים טיש איז געזעסן דער בלינדער, געשניטן אַ טאָמעיטאָ אין קליינע רייפלעך, געטונקען אין זאַלץ און געגעסן מיט ברויט.

פון קיך איז אַריין סילווע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעלעך, אַרום די זייטן רבקהס אַן אַלטער פאַרטעך, און מיט אַ שמייכל פון אַ יונג ווייבעלע האָט זי פיליפן געפרעגט:

— האָסט עפּעס אַ סך געלט געמאַכט?

פיליפ האָט געשמייכלט, אַריינגעשטעקט די הענט אין די הויזן-קעשענעס, און גענומען שלעפן „פענעס".

— נא, — האָט ער גדלותדיק אַרויסגעזאָגט — דאָ האָסטו אַ טאָלער מיט פופציק סענט.

— דזשי! „אַ האָל לאָט" מיס געלט, — האָט סילווע אויסגעשריען, אַרויף אויף אַ בענקל, געכאַפּט אַ פולע האַנט מיט פענעס און זיך קאָקעטיש געפרעגט באַ פיליפן:

— נו, טרעף: „דראָט — אום"!

— דראָט, — האָט פיליפ געענטפערט.

סילווע האָט געעפנט דאָס הענטל.

— אַבע, נישט געטראָפן, „אום"!

— גרייט בעסער צום טיש, סילווע, וועסט שפּעטער שפּילן!

פיליפ איז דאָך הונגעריק — האָט זרח זיך אַריינגעמישט.

פיליפ האָט הנאה געהאַט פון זרחס רייד, ער האָט זיך געפילט מעשה גרויסער מענטש. באַם טיש האָט זרח אים דערציילט מעשיות, וועלכע ער האָט ניט פאַרשטאַנען, נאָר גאָרניט, ער האָט אויסגעהערט, געפילט, אַז ער איז געוואָרן מיט אַמאָל עלטער.

נאָכן עסן האָט פיליפ געהאָלפן סילווען אָפּוואַשן דאָס געפעס, אַוועקגעגעבן דאָס געלט דעם בלינדן, איינגעזונגען אַ ליד און אַוועק מיט סילווען אין „מווינג פיקטשורס".

עס האָט זיך געוועבט אַן אומענדלעכע פרייערי מיט כוואַליענדען גראָז.

פיליפס שוואַרצע אויגן האָבן אַ פינקל געטאָן, ער האָט זיין

פעסט צוגערוקט צו סילווען, אָנגענומען איר וואָרעם הענטל, איר אַ שט רך געטאָן מיטן עלנבויגן און געהייסן האָט עס: „קוק!" עס האָט זיך עפּעס באַוויזן פון דער ווייטנס — אַ פלעק. דער פלעק איז געשווומען, געשפּאַנט אַלץ נענטער און אָט האָט ער זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ געדיכטן נעפּל, איינגעהילט די פּריירי; דער נעפּל האָט זיך צעשפּאָלטן, פאַנאַנדערגעשווומען אין אַ מחנה נאַקעטע אינ־דיאַנער, מיט קאָלירטע פעדערן אין די רויט־געפאַרבטע האָר, זענען אַרויסגעשפּרונגען אויף צעווילדעטע פערד, געפירט אַ ווייס מיידל מיט צעלאָזטע, גאָלדענע לאָקן און פאַרשוונדן. דער נעפּל האָט זיך פאַרצויגן.

סילווע איז געזעסן מיט טרערן אין די אויגן און אַרויסגעלאָזט אַ וויינענדיקן „דזשי". פיליפּ איז געוועזן רויִקער. ער איז געווען זיכער, אַז באַלד וועלן אַרויס „קאָו־באָיס" מיט „פּיסטאָלס" און וועלן „פּייטן" די אינדיאַנער.

פון דערווייטנס האָבן זיך געזען „קאָו־באָיס" אין העמדער, ברייטע פילצענע קאַפּעלישן, מיט קאָלירטע טיכלעך אַרום האַלדז. זיי האָבן זיך געטראָגן ווי פייל פון בויגן אויף זייערע אויסגע־צויגענע פערד, זיך געריסן פון דעם לייוונט, אַרומגערינגלט די אינדיאַנער, גענומען שיסן. די אינדיאַנער האָבן געלאָזט דאָס מיידל און זענען אַנטלאָפן.

— שיין? — האָט פיליפּ אַ צופרידענער געפרעגט סילווען.

— זייער שיין! — האָט סילווע געענטפערט.

— און דו וואָלסט ניט מורא געהאַט צו פאָרן אין דער „וועסט" זיך „פּייטן" מיט אינדיאַנער? — האָט סילווע געפרעגט.

— „שור" ניט — האָט פיליפּ געענטפערט. וואַרט, מיר וועלן נאָר אונטערוואַקסן, וועלן מיר פאָרן צוזאַמען, וועסט זען ווי איך וועל זיך יאָגן נאָך אינדיאַנער, כ'וועל שיסן מיט אַ רעכטן „פּיסטאָל" ווי אַ פּאָליסמאַן, אָט אַזוי! פּיף־פּאַף!

— און אַז זיי וועלן מיך כאַפּן? — האָט סילווע טרויעריק געפרעגט.

— וועל איך צונויפנעמען אַ חברה „קאָו־באָיס" און דיך ברענגען צוריק.

— און אַז זיי וועלן מיך אויפעסן? זיי עסן דאָך מענטשן!

דאָ איז פּיליפּ געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט, ניט ווי־סענדיק וואָס צו ענטפערן. באַלד האָט ער אַ שפּיי געטאָן, מעשה כוואַט, און געזאָגט:

— זעסט, כ׳גיי שוין עטליכע יאָר אין „מאָווינג פּיקטשורס" און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען, זיי זאָלן עסן אַ ווייסן. תמיד כאַפּט מען זיי.

דאָס האָט סילווע׳ן באַרויִקט און זיי זענען געגאַנגען אַהיים.

אין דער היים איז דער בלינדער ניט געווען — די קינדער האָבן ניט אָנגעצונדן די גאַז און זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט.

— ווייסט — האָט פּיליפּ זיך געווענדעט צו סילווע׳ן — אַז כ׳וועל אונטערוואַקסן, וועל איך אָנזאַמלען געלט, אריין אין אַ סקול און ווערן אן עקטער. דו ווייסט, דער טאַטע פלעגט מיר זאָגן, אַז די שענסטע מיידלעך וועלן צו מיר קומען?..

— און דו וועסט זיי ארייננלאָזן?

— שור! זיי וועלן מיר בעטן, כ׳זאָל פאַר זיי זינגען...

— כ׳וויל ניט! — האָט סילווע אַן אָנגעברוגזטע געזאָגט. אַז זיי וועלן דיך וועלן הערן, לאָזן זיי גיין אין טעאַטער אריין. כ׳וויל דו זאָלסט זינגען נור פאַר מיר!

— טאָ פאַר וואָס ביסטו אַזאַ שלעכטע, ווילסט מיר קיינמאָל קיין קוש ניט טאָן? — האָט פּיליפּ געזאָגט.

— מען טאָר זיך ניט קושן! — האָט סילווע קאָקעטיש גע־ענטפערט.

— טאָ פאַר וואָס האָט דער טאַטע געקושט? — האָט פּיליפּ זיך שטיל געפרעגט. — דו ווייסט, פיל מאָל, ווען כ׳פלעג אויפקו־מען ביינאַכט, האָב איך געזען, ווי דער טאַטע האָט רבקהן געקושט.

— טאַקע — האָט זיך סילווע געפרעגט אַ נייגיריקע.

— כ׳זאָל אזוי לעבן! איין מאָל בין איך אויפגעקומען, האָב איך זיך דערשראָקן, רבקה, אַ נאַקעטע, האָט מיך אַרומגענומען און געקושט. דער טאַטע האָט מיר אַ „פּאָנטש" געטאָן און מיר געהייסן אויסדרייען צו דער וואַנט.

— און וואָס האָט דער טאַטע געטאָן?

— ער האָט זי אַרומגענומען, געקושט, געביסן, כ׳ווייס וואָס?
— דו ווייסט — האָט סילווע געזאָגט — אַזוי ר׳נאָך האָט מען קינדער!
— גיי, ביזט אַ נאַר! פון קושען האָט מען ניט קיין קינדער! סילווע, דו ווייסט דורך וואַן מען האָט אַ קינד?
— „שור" ווייס איך, דורכ׳ן נאָפּעל!
— טאַקע? כ׳האָב גאָר ניט געוווּסט! כ׳האָב גערעכנט, כ׳ווייס — מען שיקט עס אַראָפּ, צי מע...

די קינדער זענען אָפּגעזעסן ביז א שטיק אין דער נאַכט אַריין, זיך אויסגעטענהט, און אז די אויגלעך האָבן זיך גענומען ביי זיי קלעפּן, האָבן זיי זיך אַרומגענומען, איינגעפלאָכטן די הענטלעך און צוזאַמען אנט־שלאָפן געוואָרן אויפן בעטל.

שפּעט ביי נאכט איז דער בלינדער אהיים געקומען, אויפגעזוכט די קינדער, זיי ארומגעטאַפּט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט: „מיינע פּרנסה געבערס".



# אין סאַלון

נאָך האַלבע נאַכט איז ביים „גרויסן-ווילי" אין סאַלון דער עולם זיך צעגאַנגען, דער בעל-הבית, אַ הויכער, אַ שווערער, מיט אַ מינע, וואָס ווערט פון קיין זאַך ניט נתפעל, האָט זיך אַוועקגעזעצט איבער אַ שיסל פיש, געהאַלטן אין איין האַנט אַ מעסער, אין דער צווייטער אַ גאָפל און געגעסן מיט די הענט אַ קאָפּ פון אַ סענדאַק. ער האָט הילכיק געגאָגט דיביינער פונם פיש, יעדע ווײַלע געגנו-מען צו ביסלעך בראָנפן און זיך צוגעקוקט, ווי קעגנאיבער ביי אַ טישל האָבן פיר יונגען געשפּילט אין פּאָקער. אין סאַלון איז געווען שטיל. בלויז אַ בעקער, מיט וואָנסן, ווי ביי קייזער ווילהעלם, איז געזעסן נעבן אַ טישל, מיט די פּלייצעס צו דער וואַנט, איבער אַ ניט-אויסגעטרונקען גלאָז ביר, געהאַלטן די פיס אויף אַ שטול און מאָדנע געקלאַפּט מיט די ליפּן, ווי אַ צודעקל וואָלט זיך געהויבן איבער אַ קאָכעדיק טעפּל. אין סאַלון איז געשטאַנען אַ פּאַרדומפּטע פּאַרע, ווי די געטראַנקען וואָלטן געטריקנט אין די פלעשער, אין די פּעסלעך און אָנגעזאַפּט די לופט מיט אַ קלעפּיקער פייכטקייט.

אַ יונג האָט אַ צי געטאָן די קעפּ איבער די אויגן און אַ וואָרף געטאָן צוויי פּאַפּירלעך אויפן טיש, זאָגנדיק:

— דעם טאָלער מיט נאָך אַ טאָלער!

— אָ'ל סי יו! — האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן.

ווילים ווייב, נאָך גאָר אַ יונגע, מיט אַ פּאָר טיפע, פאַרשייטע אויגן, שוואַרצע, גלאַנציקע האָר, וואָס ליגן צוגעקלעפּט אויפן מיט שטערן און אַרום די שלייפן, ווי מיט נאַסער זייף אָנגעשמירט, האָט געעפנט אַ זייטיקע טיר און אַריינגעשטעלט דעם קאָפּ.

— ווילי, צייט צו פאַרמאַכן! ס'איז שפּעט!

— כ'וועל באַלד צומאַכן — האָט דער מאַן געענטפערט און זיך ווייטער געקייט די פיש.

— ניין, דו זאָלסט שוין פאַרמאַכן — האָט דאָס ווייבל גע־שריפּס מיטן מײַלעכל, כלומרשט אַ טופּע געטאָן מיט אַ פוס און איז צוגעגאַנגען צו איינעם פון די שפּילערס.

— נו, פיליפּ, וואַרט, כ׳וועל זיך אָוועקשטעלן בײַ דיר, וועט זײַן מזלדיק. וואָס קלערסטו? „בלוין!"

— ווער פרעגט אײַך? — האָט פיליפּ זיך געבייזערט, אַוועקגעוואָרפן די קאָרטן און אַ שאַר געטאָן דאָס געלט. — נעם, פרענק!

— איז ניט געפידלט! — האָט דאָס ווייבל זיך צעלאַכט.

— סיידי, קומט צו מיר — האָט פרענק זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט.

— גיי בעסער שלאָפן, גיי! — האָט ווילי אַרויסגעבורטשעט פון דער שיסל.

סיידי האָט זיך אַרויסגעדרייט פון פרענקן, נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, ס׳זאָל הייסן—דער מאַן שפּאַסט, נאָכאַמאָל דערמאַנט ווילין, ער זאָל פאַרמאַכן און איז אַרויס. די יונגען האָבן איר נאָכגע־קוקט, זיך געדרייט אויף די בענקלעך און אין פאַרדומפּטן סאַלון איז נאָך סיידין עפּעס געבליבן, וואָס ס׳האָט זיי נאָך לאַנג גערעגט.

אַ ניט-אויפגערוימטער, האָט פיליפּ טאַלירט די קאָרטן, גערעדט ווי צו זיך:

— ס׳גייט ניט.

— אַבי ס׳גייט דיר אין ליבע — האָט פרענק אַן אויפגע־רוימטער געשפּאַסט.

— יו בעט — האָט ווילי זיך אָנגערופן און אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער מיט ביינער. — פיליפּ, וויפל האָסטו שוין פאַרשפּילט, וויפל?

פיליפּ האָט ניט געענטפערט, אויסגעוואָרפן די קאָרטן און זיך געפרעגט:

— ווער שפּילט?

— איך — האָט פרענק געשמייכלט.

— נו?

— פופציק סענט — האָט פרענק זיך איינגעהאַלטן, ער זאָל ניט אַרויספּלאַצן מיט אַ געלעכטער.

די איבעריקע האָבן אַוועקגעלעגט די קאָרטן. פּיליפּ מיט פרענקן האָבן געשפּילט.

— „כ׳טשיפּ" מיט אַ טאָלער — האָט פּיליפּ אַ ברוגזער געזאָגט.

— דעם טאָלער מיט נאָך צוויי! — האָט פרענק געשמייכלט.

פּיליפּ האָט געטראַכט אַ ווײַלע, זיך געקווענקלט, דאָס פּנים איז בײַ אים געוואָרן בלאַס.

— אָל ראַיט! אַ׳ל סי יוס!

— געלט אויפן טיש! — האָט פרענק געווונקען מיט אַ פינגער.

פּיליפּ האָט גענומען זוכן אין די קעשענעס, אַ פאַרלוירענער זיך אַרומגעקוקט און זיך געווענדעט צום „סאַלון-קיפּער":

— ווילי, גיט מיר צוויי טאָלער!

— ווער האָט געלט, ווער? — האָט ווילי זיך אָנגעהויבן צו קלאָגן. — נאָך היינט קיין סענט ניט געלייזט!

פּיליפּ האָט אַראָפּגענומען פון פינגער אַ גאָלדן רינגעלע און עס אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש.

— וואָס האָסטו?

פרענק האָט באַקוקט דאָס פינגערל, געשמייכלט צו דער חברה און גערעדט צו פּיליפּן:

— וואָס האָסטו?

— אַ „פול-הויז" איז גוט? — האָט פּיליפּ אַרויסגעזאָגט דורך די ציין.

— ניט היינט! — האָט פרענק געשמייכלט און אים געצייגט די קאָרטן.

— פּיליפּ, ס׳גייט דאָך דיר מיט אַן אמת ניט? האָט ווילי אַרויפגעלעגט אויף פּיליפּן אַ האַנט.

— אַז ס׳גייט אין ליבע, גייט ניט אין קאָרטן — האָט פרענק געצויגן די ווערטער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט רייצן מיט פּיליפּן.

— שאַראַפּ! — האָט פּיליפּ אַ שאָט געטאָן דאָס טעשל איבערן טיש, זיך אויפגעשטעלט, צעשטעלט די פיס און זיך איבערגעצויגן.

— וווהין גייסטו? האָסט קיין געלט ניט? קאָם אַן, כ'וועל די־
באָרגן — האָט פרענק זיך געווענדעט צו פיליפן און אַרויסגע־
כאַפּט אַ פולע האַנט מיט געלט. — וויפל ווילסטו?

— כ'שפיל ניט מער! — האָט פיליפ אַ בייזער געענפערט.

— דאַרף מען ניט! — האָט פרענק געשמייכלט, זיך אויפ־
געשטעלט, באַקוקט דאָס פינגערל און אַ צי געטאָן פיליפן פאַר אַן
אָרבל. — העי, ווי פאַרשפּילט מען דאָס אַ פינגערל פון אַ גע־
ליבטער?

— ווי לאָזט מען זיך צונעמען אַ געליבטע? — האָט פיליפ
אים גאַליק געענפערט.

— דו האָסט ביי מיר צוגענומען אַ געליבטע?—האָט פרענק
אַן אויפגערעגטער אויסגעשריגן, ווי מע וואָלט אויף אים אויסגע־
טראַכט אַ בלבול.

— אודאי איך! ווער דען? — האָט פיליפ געשמייכלט.

— האָסטו. — האָט פרענק זיך פאַרלוירן.

— דאָס זאָג איך דאָך!

פרענק האָט זיך געפילט געקרענקט, וואָס די חברה לאַכט פון
אים, געקלערט וואָס צו זאָגן, דער עולם זאָל איבערגיין אויף זיין
זייט, האָט ער געדרייט דאָס פינגערל, געדרייט און עס אונטער־
געטראָגן פיליפן.

— און אַז כ'וועל דאָס שענקען בעסין, וועסטו זיין „דזשע־
לאָס“?

— זי האָט דיך אין דר'ערד מיט דיין מתנה! — האָט פי־
ליפ אויסגעשפיגן.

פרענק האָט ניט געענפערט, ווי ער וואָלט ניט געהערט די
לעצטע ווערטער, קרענקלעך פאַרביסן אַ ליפּ און באַשטעלט פיר
ביר. ווילי האָט אָנגעגאָסן די גלעזער, זיי אָפּגעשוימט און גערעדט
צו דער חברה:

— כ'וועל אייך דערציילן, באָיס, אַ „דזשאָוק“, וועט איר
לאַכן. נעכטן זיצט דאָ אַלעק מיטן אינדיאַנער.

— מיט דזשעקן? — האָבן די יונגען זיך געפרעגט.

— יעס. זיי האָבן געשפּילט אין „סטאָט“. וואָס זאָל איך

אייך זאָגן? אַלעק האָט אים אַזוי אַרומגעטרימט, אַז ער האָט ביי אי אַפילו דעם זייגער צוגענומען. ס׳איז אַ רחמנות געווען אויפן יונג. פאַרן אַוועקגיין זאָגט דער אינדיאַנער: „הער זיך איין, אַלעק, לאָמיר נאָך איין מאָל שפּילן". „אַז דו האָסט קיין געלט ניט", האָט אים אַלעק געענפערט. „וואָס אַרט עס דיך, כ׳וועל איינשטעלן עפּעס בעסערס ווי געלט! ווילסט שפּילן אויף ראָזען?"

— אויף זיין בלאָנד מיידל? — האָבן די יונגען געפרעגט.

— וואָס איר הערט! — האָט ווילי געזאָגט. — און וואָס מיינט איר? דער אינדיאַנער האָט אָפּגעווונען ביז צו אַ סענט!

— דאָנט־יו סעי־איט! — האָט די חברה זיך געחדושט.

פרענק האָט האַסטיק אויסגעטרונקען דאָס ביר, ווילעריש געקלימפערט מיט ביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס און גערעדט צו פיליפּן:

— זעסט, פיליפּ, כ׳שטעל ס׳גאַנצע געלט איין. דו ווילסט?

— וואָס מיינסטו? — האָט פיליפּ אים אָנגעקוקט.

— לאָמיר שפּילן אויף בעסין — האָט פרענק זיך פאַרלוירן. — דו קאָנסט געווינען!

— יו ראַטן בעסקעט, יו! — האָט פיליפּ אויסגעשריגן. — וואָס מיינסטו, כ׳בין אַ „גיני"? ביי ייִדן פאַרקויפט מען ניט קיין ווייבער! און אויב כ׳וועל זי פאַרקויפן, וועט זי אויך ניט גיין צו דיר! אַז זי האָט דיך פיינט!

— דאָס וועט מען שוין שפּעטער זען! לאָז דיר דער קאָפּ ניט ראַרן — האָט פרענק געענפערט און זיך געווענדעט צו די יונגען. — בעסי קען מיך פריער פאַר אים. איר גלויבט ניט? אָט הערט: פיליפּ, סאַי׳וואָר, אַז בעסי האָט אויף דער רעכטער ברוסט אַ לעבערל?

פיליפּ האָט אויסגעהאַקט פרענקן אַ פּאַטש. פרענק האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, געוואָלט זען פון וואַנען דער פּאַטש איז געקומען, האָט ער געכאַפּט אַ צווייטן און געזען פונקען פאַר די אויגן. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איינער אויפן צווייטן מיט די הענט, מיט די פיס, מיט די ציינער, געלעגן אויף דער גליטשיקער פּאָדלאָגע, זיך געקנוילט און געסאָפּעט. די יונגען האָבן זיי פונאַנדערגעריסן. פרענק, אַן אָפּגעגאָסענער מיט בלוט, האָט זיך געווישט מיט דער האַנט דאָס בלאַסע פּנים, ווי

ס'וואָלט געוואָרן אויסגעריבן, באַטראַכט דאָס בלוט אויף דער האַנט, קרענקלעך געשמייכלט און געגראַזשעט פּיליפּן:

— וואַרט, כ'וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

דער בעקער, וואָס איז אויפגעקומען פון די געשרייען און צוגע־זען דאָס געשלעג, האָט זיך אָנגערופן:

— און מיט דיר האָט מען זיך שוין אָפּגערעכנט!

פרענק האָט גענומען אַרויסגיין, זיך ביי דער טיר אָפּגעשטעלט און גערעדט צו פּיליפּן:

— שלאָג, בעסטאַרד! און אַז דו וועסט שלאָגן פון היינט ביז מאָרגן, וועט דיר עפּעס העלפן? אָבער ווער איז געשלאָגן מיט דיין גע־ליבטער? איך! פרענק איז פריער געשלאָפן מיט דיין געליבטער, ווי דו! — האָט ער זיך מיט די פויסטן געקלאַפּט אין האַרץ אַריין. — שמעקט דיר ניט, האַ? כ'וועל דערציילן דער גאַנצער וועלט, אַז איך, פרענק, בין געשלאָפן...

פּיליפּ האָט זיך אַ ריס געטאָן צו פרענקן, די יונגען האָבן אים צוריקגעהאַלטן, האָט ער אַ שליידער געטאָן אַ פלאַש. פרענק האָט זיך אַ בויג געטאָן, זי אויסגעמיטן.

— דו הינטישער זון, דו! — האָט ווילי זיך אָנגענומען פאַר פּיליפּן. — דו וועסט דאָס באַשמוצן אַן אָרנטלעך מיידל? אַרויס פון דאַנען! זאָלסט מער מיין שוועל ניט אַריבערטרעטן!

— גיב בעסער אָפּ די פּאָר טאָלער — האָט פרענק געזאָגט.

— פאַר גנבישע זאַכן צאָלט מען ניט! — האָט ווילי געענפערט.

— אָבער גנבישע זאַכן נעמסטו, האַ? — האָט פרענק געשטשירעט מיט די ציין.

פּיליפּ האָט זיך ווידער אַ ריס געטאָן מיט אַ פלאַש אין דער האַנט. פרענק איז אַרויס פון סאַלון, די יונגען נאָך אים. פּיליפּ איז גע־בליבן שטיין ביי דער טיר, זיך אויסגעדרייט, גענומען שפּרייזן אַ צע־טראָגענער איבערן סאַלון און געהערט, ווי ווילי רעדט צו זיך:

— אַז ווער דאַרף דאָס אַלץ ליידן?...

— הער זיך איין, ווילי — האָט פּיליפּ זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז?

— דו גלויבסט, וואָס פרענק האָט געזאָגט?

— שפּילסט זיך מיט ווייבער! — האָט ווילי גיך געשפּיגן אין אַלע זייטן, ווי אַ פליגעלע וואָלט אים אַריין אין מויל. — זאָל זיי קאָן מען אַלץ גלויבן! די בעסטע דאַרף מען האַלטן אין שפּאַן!

— הייסט עס, גלויבסטו פרענקן? — האָט פיליפּ געעפנט אַ פּאָר אויגן.

— ביסט אַ „דעם־פול“ — האָט ווילי זיך אָנגערופן — ווער זאָגט דיר, אַז כ'גלויב? נאָר גאָרניט! אַ תקיעה־כף וואָלט איך ניט געוואָלט געבן, ס'איז אַ בלינדע זאַך! גיי טרעף ווו די וויאָסלע האָט געשניטן ס'וואַסער!

פיליפּ האָט ניט געענפערט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול ביי אַ ליידיק טישל, אַפּירגעוואָרפן די פיס, שטאַר געקוקט אין דער פאַרדומפּעטער פּאַרע, וואָס איז געשטאַנען אין סאַלון, און מיט אַ קרעכץ אַרויסגעלאָזט די פלאַש, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. די פלאַש האָט טעמפּ אָפּגעקלונגען אָן דער גליטשיקער פּאָדלאָגע, געבליבן גאַנץ און זיך צוגעקייקלט צו דער וואַנט.

# מאַדאַם מאַרקיז

אַ הויכע, אַ בלאָנדע, מיט צוויי דיקע פֿלאַקסענע צעפּ, נאכלעסיק פֿאַרלעגט אויפֿן קאַרק, וואָס, דאַכט זיך, וועלן יעדע ווײַלע צעפֿאַלן איבער אירע פּלייצעס, אַ פּאָר גרויסע, קורצזיכטיקע און אין דער זעלבער צייט אַזעלכע טיפֿע, בלויע אויגן, לויזע קליידער, וואָס פֿאַלן ווייך פֿון די אַקסלען און אין יעדן ריר פֿון איר קערפּער ליגט אַן אָנגענעמע, רייצנדע פֿוילקייט — דאָס איז מאַדאַם מאַרקיז.

זי ליגט אויף אַ ווייכער אָטאָמאַנע, לייענט כלומרשט אַ בוך און מיט אירע פֿאַרזשמורעטע אויגן קוקט זי זיך צו, ווי איר שוויגער, אַ הויכע, גרויע איטאַליענערין, שפּילט זיך מיט איר פֿינפֿיעריקן זון.

מיט אַמאָל צעלאַכט זיך די אַלטע, ווייזט דער שנור אויפֿן אייניקל, זאָגט עפּעס און קושט אים אין קעפּל, אין די אויגן. די שנור שאָקלט מיטן קאָפּ, ווייסט ניט וואָס די אַלטע מיינט, לאָזט ליגן דאָס בוך און פֿאַרטראַכט זיך.

זי קאָן זיך ניט אויסשמועסן מיט דער שוויגער, וועלכע איז ניט לאַנג אין לאַנד, געקומען אויף דער עלטער פֿון פֿלאָרענץ צו אירע קינדער. זיי רעדן זיך דורך אויף די פֿינגער, אויף שטום-לשון און ווייסן קיינמאָל ניט, וואָס איינער וויל פֿון צווייטן. די שנור וווּנדערט זיך, ווי איר אוירווינג זיצט מיט אַן אָפֿן מויל און הערט זיך איין, ווי די באָבע דערציילט אים עפּעס אויף איטאַליעניש. די אַלטע רעדט מיט די הענט, מיטן פּנים, מיט אַלע גלידער און דאָס יינגל הערט זיך איין, ווי ער וואָלט יעדער וואָרט פֿאַרשטאַנען. און ווער ווייסט? טאָמער רעדן זיי זיך דורך אויף קינדער-לשון?

די שנור דרייט זיך אויס, לאָזט אַרויס פֿון קאָפּ אַ ביינערנעם קאַם, הויבט אים אויף און זעצט אים אַריין אין אירע צעפּאַטלטע האָר, ווי מע זעצט אַריין אַ ווידלע אין אַ בונט היי. זי נורעט זיך איין אין די ווייכע קישנס און פֿילט, אַז ס'איז איר אומעטיק.

זינט די שוויגער איז געקומען צו איר אין הויז אַרײַן, האָט מאַדאַם מאַרקיז דערפֿילט, אַז אַלץ איז איר דאָ פֿרעמד, ווי די אַלטע וואָלט געוועזן איר געוויסן, און זי האָט גענומען בענקען צוריק אַהיים.

זי איז געבוירן געוואָרן, געוואַקסן און זיך אויסגעהאָדעוועט אין אַ הויף בײַם שוואַרצן ים. פֿון קינדווײַז אָן האָט זי אַלעמען אויסגעמיטן. תּמיד געווען פֿאַרטאָן מיט זיך אַליין. אַז זי איז עלטער געוואָרן און די מעקלערס, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום איר פֿאָטער, האָבן איר גענומען רעדן שידוכים, האָט זי ניט געוואָלט הערן דערפֿון. זי האָט תּמיד געחלומט, אַז „פּעטשאָרין", אַן אָפּגעברענטער פֿון דער זון און ווינט, מיט צעשויבערטע, שוואַרצע לאָקן, וועט אין אַ שטורימדיקער נאַכט אָנקומען מיט זײַן שיפֿל אונטער איר פֿענסטער. אַ שלאָפֿנדע וועט ער זי אַרויסגנבֿענען און אַוועקפֿירן ערגעץ נאָך קרים צי נאָך קאַווקאַז, ווו צווישן הויכע בערג, ווײַט פֿון אַ מענטשלעכן ישוב, וועלן זיי וווינען.

די מעקלערס און די אָרימעלײַט, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום איר פֿאָטער, זענען צו איר אָפֿט געקומען מיט בריוו פֿון זייערע קינדער, וואָס זענען געווען אין אַמעריקע. זי האָט פֿאַר זיי געלייענט די בריוו, געפֿילט, אַז דאָרט, אויף יענער זײַט ים, מוז ס'לעבן זײַן ברייטער און זי האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן אַהין. נאָך פֿיל קריגערייען מיט אירע עלטערן, איז זי, מערי שטיין, אַ זעכצן־יעריק מיידל, אָנגעקומען נאָך ניו־יאָרק. זי איז אַוועק אַרבעטן אין אַ „שאַפּ". מערי איז פֿון ערשטן טאָג אָן געוואָרן אַנטוישט און ווען זי וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט זי צוריק אַהיים געפֿאָרן.

דערווײַל האָט זי זיך באַקענט, כּמעט אויף שטום־לשון, מיט פֿיליפּ מאַרקיז, אַן אָפּגעברענטן איטאַליענער מיט שוואַרצע האָר, וואָס פֿון שוואַרצקייט האָט מען זיך אין די האָר געקאָנט שפּיגלען. דער איטאַליענער מיט די שוואַרצע, פֿאַרחלומטע אויגן, מיט די פֿלינקע באַוועגונגען, איז איר געפֿעלן. צומייניסטן אָבער איז איר געפֿעלן דער נאָמען — מאַרקיז! ווי שיין דאָס קלינגט! נאָך יעדן שווערן טאָג אַרבעט, ווו מערי האָט אין אַן ענגן, שטויביקן שאַפּ, אין דרייען אַ געבויגענע, געניית אַ גאַנצן טאָג קנעפּ, איז ער, מאַרקיז, אַן אויסגעפּוצטער, אַן אָנגעפּאַרפֿומירטער צו איר געקומען. יעדן אָוונט האָט ער זי גענומען אין אַן אַנדער פּלאַץ, זי אַמוזירט, ביז דאָס מיידל האָט אים ליב גע-

קראָגן, געזעצן אין אים דעם אַמאָליקן העלד „פּעטשאָרינען" און האָט מיט אים חתונה געהאַט.

מאַרקיז האָט געהאַט עטלעכע באַרבער־שעפּער, געווען פֿאַרמעגלעך, האָט ער איר אויסגעמעבלירט אַ היים, ווי זי אַליין האָט נאָר געוואָלט. יעדן טאָג האָט זי זיך ערגעץ אַנדערש געווײַלט, געהאַט אַ קרײַז פֿאַרערער — צומײַנסטן אַמעריקאַנער און אַמעריקאַניזירטע איטאַליענער. זי האָט נים צײַט געהאַט צו טראַכטן וועגן זיך, כמעט פֿאַרגעסן, אַז זי איז אַ ייִדישע, אַז זי האָט עלטערן אין רוסלאַנד. אַז אירווינג איז געבוירן געוואָרן, האָט זי עפּעס יאָ אַ טראַכט געטאָן, אַז מע דאַרף דאָס ייִנגל „ייִדישן", זיך געשעמט פֿאַרן מאַן, גערעכנט, אַז פֿיליפּ ווייסט ניט, אַז זי איז אַ ייִדישע און באַשלאָסן איִם צו רופֿן אברהם, נאָך איר זיידן. רופֿן אים „אייב" — איז צופֿיל ייִדיש. גוים האָבן ניט אַזעלכע נעמען, האָט זי געמאַכט אַ פּשרה און אים אַ נאָמען געגעבן אירווינג. נאָך דעם קימפּעט האָט זי פֿאַרגעסן אָן אַלץ, פּשוט ניט צײַט געהאַט צו טראַכטן דערפֿון. זי האָט זיך געוווּנדערט, פֿאַרוואָס מענטשן האָבן אַ שלעכטע מיינונג איבער איטאַליענער — אַז זיי באַהאַנדלען שלעכט זייערע ווײַבער. פֿאַרקערט, זינט זי וווינט מיט פֿיליפּן, האָט זי נאָך ניט געהערט פֿון אים קיין הויך וואָרט. נאָר זינט די אַלטע איז געקומען צו פֿאָרן פֿון איטאַליע, איז בײַ איר אין מוח געוואָרן אַן איבערקערעניש. עס האָט איר פֿאַרדראָסן, וואָס די אַלטע רעדט מיט אירווינגן איטאַליעניש און שוין עטלעכע מאָל, זינט יאָרן, ווי זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן אויף ייִדיש. זי ווייסט ניט פֿאַרוואָס, נאָר אַז זי בלײַבט איבער מיט דער אַלטער אין שטוב, ציטערט זי, האָט דאָס געפֿיל, אַז די אַלטע איז אַ מכשפֿה, קאָן זיך יעדער רגע וואַרפֿן אויף איר מיט אירע ביינערנע קנאָכן. דעמאָלט פֿילט זי, אַז זי איז זינדיק. אירע טאַטע־מאַמע האָבן פֿאַר דער לעצטער צײַט אָנגעהויבן איר צו חלום קומען. זיי וויינען, בעטן זיך בײַ איר, זי זאָל „ייִדישן" דאָס קינד, זי זאָל זיך צעגטן מיטן מאַן. יעדער מאָל כאַפּט זי זיך אויף אַן אויסגעמאַטערטע, קוקט זיך אַרום, געפֿינט דעם מאַן נעבן זיך, רוקט זי זיך אָפּ, באַהאַלט זיך אין אַן עק בעט, ווי זי וואָלט זיך געשראָקן פֿאַר אים. תּמיד, ווען אירע עלטערן קומען איר צו חלום, געפֿינט זי אויף אירע הענט און פֿיס בלויע צייכנס, ווי קניפּן פֿון טויטע. זי פֿילט, אַז אַלע האָבן זיך צונויפֿגע־

רעדט קעגן איר, ליגן ערגעץ באַהאַלטן אין די ווינקלען, אונטער די בעטן, און בײַ דער ערשטער געלעגנהייט וועלן זיי זיך וואַרפֿן אויף איר, זי באַשטראָפֿן. זי האָט אָנגעהויבן צו באַמערקן זאַכן, וואָס זי האָט נאָך ביז איצט ניט געזען. אַז זי איז געקומען מיט פֿיליפּן צו גאַסט, האָט זי מער ניט געקאָנט הערן זײַנע מעשיות. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַלץ, וואָס ער רעדט, איז גראָב, אַז ער איז אינגאַנצן אַ גראָבער־יונג, אַז היינט־מאָרגן וועט ער זי אָנהויבן שלעכט צו באַהאַנדלען, ווערן אײַפֿערזיכטיק, ווי אַלע איטאַליענער, און איר צעשנײַדן דעם פּנים מיט אַ ראַזיר־מעסער. גאַנצע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען און געטראַכט ווי אַזוי צו „ייִדישן“ דאָס קינד. צוערשט האָט זי געוואָלט עס דערציילן פֿיליפּן. דערנאָך האָט זי באַשלאָסן, אַז זומער, ווען זי וועט אַוועקפֿאָרן אין די בערג אויף פֿרישע לופֿט, וועט זי עס לאָזן טאָן אָן דעם מאַנס וויסן. זי האָט געהערט, אַז פֿיל איטאַליענער זענען זיך מגייר, ווען זיי האָבן חתונה מיט ייִדישע מיידלעך, איז בײַ איר אין מוח אויף אַ רגע ליכטיק געוואָרן — ווער ווייסט? טאָמער, ווען זי בעט שטאַרק פֿיליפּן, פֿאַלט אים צו די פֿיס, וויינט, זי פּועלט דאָך בײַ אים אַלץ, וואָלט ער עס אויך געטאָן? דעמאָלט וואָלט זי פֿאַרבעטן צו זיך אירע טאַטע־מאַמע... וואָס פֿאַר אַ מאוסער מענטש זי איז! האָט שוין איבער דרײַ יאָר קיין בריוו זיי ניט געשריבן. די מאַמע מוז שוין זײַן אַלט, אַלט פֿון צרות, האַלט, מסתּמא, אין איין וויינען... און דער טאַטע? זי האָט דערפֿילט, ווי עס ווערט איר וואַרעם בײַם האַרצן, אין האַלדז שטעלט זיך עפּעס אַוועק און די אויגן ווערן פֿײַכט.

אויף אַ ווײַכן דיוואַן איז געזעסן די אַלטע באָבע, געהאַלטן אירווינגן אויף דער שויס און אים עפּעס געזונגען.

מערי האָט זיך געטרייסלט, חשק געהאַט צו כאַפּן איר ייִנגל, זאָגן דער אַלטער, זי זאָל מער דאָ ניט אַרײַנקומען, זאָל זיצן אין קיך, און זי האָט בײַ זיך אין געדאַנק נאָכגעמאַכט דער אַלטער, ווי זי זינגט

— קאַפּושעטא, שטי־לעטאָ, מאַנ־צעטאָ, — אַלטע מכשפה!

זי האָט זיך אויפֿגעזעצט און אַ געשריי געטאָן:

— אירווינג, קום נאָר אַהער

אירווינג האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון דער באָבען, זיך אַ וואָרף געטאָן דער מוטער אין די אָרעמס:

— מאַ — — מאַ — — —

די מוטער האָט אים געקושט, געהאַלדזט און ס׳ערשטע מאָל אין יאָרן האָט זי גערעדט צו אים ייִדיש:

— מיין זונדל, מיין אברהמל, וועסט פאָרן צום זיידן? האָסט אַזאַ שיינעם זיידן מיט אַלאַנגער, גרויער באָרד, מיין אברהמל!

אוירווינג האָט זיך ווי דערשראָקן, אָפּגעשטופּט די מוטער מיט די הענט, ניט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט און מיט מורא גע־קוקט אויף איר.

— וואָס רעדסטו, מאַ? כ׳פאַרשטיי ניט...

— האָסט ליב די מאַ? האָט די מוטער געפרעגט.

אוירווינג האָט אַרומגעכאַפּט די מוטער מיט די הענט, מיט די פיס, איר אויסגעקושט דאָס פּנים און די מוטער, אַ האַלב פאַר־ווייגטע, האָט זיך געקאַטשעט מיט אים אויף דער אָטאָמאַנע, אים דערציילט האַלב אין ענגליש, האַלב אין ייִדיש וועגן זיך, וועגן אירע עלטערן און געפילט, בשעת מעשה, ווי עס ווערט איר לייכטער



# [illegible]ע געשיכטע

אַרום האַלבער נאַכט איז אין זאַל [illegible]. פאָרלעך זענען אַוועקגעגאַנגען, אַנדערע זענען געשטאַנען אָנגעטאָנענע — די קאַפּעלושן אויף אַ זײַט, די פּאַלטענעס אַרויפגעוואָרפן אויף די אַקסלען, אין די לאַצן — די צעקנייטשטע בלומען. יונגע לייט האָבן געפּלירטעוועט מיט דאַמען, וועלכע זענען ניט אײַנגעשטאַנען אויף איין אָרט, זיך געשאַרט און געבויגן פון איין פוס אויפן צווייטן, גערייצט מיט די דעקאָלטעס און אויפגערוימטע געוואַרט אַרײַנצוכאַפּן נאָך אַ טאַנץ.

פון די קאָלירטע קליידער, פּאַרפומען, פּודערס, פון די פינקלדיקע אויגן, צעפּאַטלטע פריזורן און פון דעם יוניאָן־אָרקעסטער, איז אין זאַל געשטאַנען אַ טויבקייט, זיך געטראָגן איבער די קעפּ, ווי אַ שטויביקער נעפּל, און געקרעלט אין האַלדז.

די מוזיקאַנטן, שלעפּעריקע, האָבן אויפגעהערט שפּילן, זיך פון מאָל צו מאָל דערמאַנט, אַז דאָס פּובליקום וואַרט, האָבן זיי מידע צוגעלעגט די פידלען צו די גאָמבעס און אַ „טו־סטעפּ" האָט זיך צום הונדערטן מאָל געשאָטן איבערן זאַל.

דער איבערגעבליבענער עולם האָט זיך אַרומגעקוקט, אין די אויגן האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ פלעמל, ווי ביי אַ פייערל, ווען עס האַלט ביים אויסגיין, טייל האָבן געכאַפּט זייערע דאַמען, געשווומען איבער דער גליטשיקער פּאָדלאָגע, אַנדערע האָבן זיך געהויבן שטייענדיקערהייד.

פון גאַרדעראָב־צימער איז יעדער ווײַלע אָנגעקומען אַן אַנדער יונגערמאַן, באַלאָדן מיט אַ ווייבערשן מאַנטל און קאַפּעלוש, געבליבן שטיין, געזוכט אין שטויביקן נעפּל זיין דאַמע, זיך ווילעריש אַ לאָז געטאָן מיט אַ גליטש איבערן זאַל און איר אונטערגעטראָגן מיט אַ בויג די זאַכן.

...ייט, ביי אַ טישל איז געזעסן סטעלא, נאָך אַ יונגע ...לערין, און געטרונקען מיט שרייבער און סטודענטן רויטן ווייַן. די שרייבער האָבן זיך גערוקט נענטער צו דער אַקטריסע און די סטודענטן האָבן זי אַרומגערינגלט, זיך געדרייט אַרום איר, ווי פֿליגעלעך אַרום א פלאַם. די שרייבער האָבן געקושט אירע הענט, געהויבן די גלעזער פאַר איר געזונט און זי, אַ צעשטראַל־טע, אַ צעפלאַמטע פון ווייַן, פון קאָמפּלימענטן, האָט געענפערט ווען מיט אַן אויג, ווען מיט דער דעקאָלטע און ווען מיט דער זיידענער הענטשקע איבערן פנים.

שאַפּט, אַ יונגער, רייכער סטודענט, איז געשטאַנען די גאַנצע צייט, אַן אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון דער אַקטריסע, זיך געפילט באַליידיקט פאַר זיינע חברים, ווי זיי פירן זיך אויף, און אין דער זעלבער צייט זיי מקנא געווען. דער ווייַן האָט אים אַ ביסל צעשרויפט, איז ער געשטאַנען מיט צעפלאַמטע אויגן, ציטערדיקע נאָז־פליגל, געקוקט אויף איר הויכן, ווייסן האַלדז, אויף אירע גלאַטיקע, כמעט דורכזיכטיקע, הענט, אויף די בלאָנדע, צעפּאַטלטע האָר, וואָס זענען געפאַלן איבער די אויערן, און געפילט אַן אָנ־גענעמע וואַרימקייט.

סטעלאַ האָט זיך אויפגעשטעלט.

— איר גייט שוין? — האָבן עטלעכע שטימען מיט אַמאָל געפרעגט.

— כ׳גיי, ס׳איז שפּעט.

זי איז דורך דעם זאַל מיט אַ שמייכל, זיך לייכט און פויל געבויגן פון איין זייט אויף דער צווייטער, געשטעלט געמאָסטענע טריט, ווי אַ טויב, און אַז זי האָט באַמערקט, ווי אַ פאָר אויגן קוקן אויף איר, איז איר טראָט אינסטינקטיוו געוואָרן ווייכער, די באַ־וועגונגען שנעלער, בויגיקער און פון אַ טויב איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַץ.

די שרייבער מיט די סטודענטן זענען נאָכגעגאַנגען, געהיט איר יעדע באַוועגונג, ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף אַ באַפעל.

זי האָט זיך אויסגעדרייט, געגעבן שאַפּטן אַ בלעכענעם נומער, ער זאָל אַרויסנעמען אירע זאַכן און זיס אַ שמייכל געטאָן:

— איר ווינט דאָך מיט מיר אין שכנות, קומט!

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי שוין געשטאַנען אָנגעטאָנענע, מיט אַ מאַך מיט דער הענטשקע זיך געזעגנט מיט די באַקאַנטע, גענומען שאַפּטן אונטערן אָרעם און אַרויס.

די נאַכט איז געווען אַ פראָסטיקע. שטומע זענען זיי געגאַנגען איבער די ליידיקע גאַסן, די קעפּ פאַרריסן, און יעדער, ווער עס איז זיי אַנטקעגן געקומען, האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיי נאָכגעקוקט און גע־טראַכט, אַז דאָס איז אַ פאַרליבט פּאָרל.

שאַפּט איז געווען גליקלעך. ער האָט סטעלאַן וועניק געקענט, געפילט, אַז זי באַמערקט אים ניט, און דאָ, מיט אַמאָל, האָט זי אים אויסגעקליבן פון גאַנצן „באָנטש“, ער זאָל זי אָפּפירן. ער האָט גע־קלערט ווי צו פאַרפירן אַ שמועס: אָנצוהייבן פון וועטער איז באַנאַל, מע דאַרף זיין אָריגינעל, און פונדעסטוועגן האָט ער אָנגעהויבן פון וועטער און איז רויט געוואָרן. זי האָט עפּעס געענפערט און שטומע האָבן זיי ווייטער געשפּאַנט, פילנדיק איינער דעם צווייטן נעבן זיך.

— אָט דאָ וווין איך! — האָט סטעלאַ אַרויסגענומען די האַנט פון שאַפּטס אָרעם, געטאַנצט פון איין פוס אויפן צווייטן, זיך געקלאַפּט מיט דער האַנט איבערן מויל — קאַלט!

זיי האָבן זיך געדריקט די הענט, שוין געוואָלט זיך צעגיין, האָט זי אַ שמייכל געטאָן:

— איר וועט אפשר אַרויפגיין?

— כ׳ווייס... אויב ס׳איז ניט שפּעט?

— נאָ, מיינע שלאָפן שוין, קומט אַרויף, מע וועט מאַכן אַ גלעזל טיי, גוט?

זי האָט אויפגעשלאָסן די טיר.

— פאַלט ניט, ס׳איז פינסטער, איבריגנס, גיט מיר אַ האַנט, אָט אַזוי!

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט שאַפּט זיך געלאָזט פירן, געפילט איר וואַרימע האַנט און געווען צעמישט פון פרייד. אויפן צווייטן שטאָק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט:

— און אפשר טאַקע צו שפּעט, ווי זאָגט איר?

שאַפּט האָט זיך פאַרלוירן, געפילט, ווי ער ווערט רויט און עפּעס געשטאַמלט.

— צום טייוול! — האָט סטעלאַ זיך צעלאַכט — וואָס מיר עטיקעט, קומט, מיר וועלן טרינקען אַ הייס גלעזל טיי, אַז ס'איז מיר אַזוי קאַלט!

זי האָט צעעפנט דאָס מויל און גענומען קלאַפּן מיט די ווייסע ציין, ווי מיט שנירן פּערל.

— און האָניק האָט איר ליב? איך וועל אייך געבן ברויט מיט האָניק, גוט?

אויפן פינפטן שטאָק זענען זיי שטיין געבליבן. זי האָט לאַנג גע־שלאָסן די טיר, אים שטיל אַריינגעפירט, געלאָזט שטיין אין דער פינ־סטער און אַליין איז זי פאַרשוווּנדן. איידער שאַפּט האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, איז סטעלא צוריק אַריין און אָנגעצונדן דעם גאַז. זי האָט זיך שוין געהאַט איבערגעטאָן — געטראָגן אַ „קימאָנאָ" פון רויטן סאַ־מעט. זי האָט אים דערלאַנגט אַן אַלבום און שטיל געזאָגט:

— באַקוקט דערווייל די בילדער און איך וועל מאַכן טיי.

שאַפּט האָט געמישט דעם אַלבום, גאָרניט געזען, געפילט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, געציטערט און זיך אַרומגעקוקט.

דאָס צימער האָט אויסגעזען, ווי מע וואָלט זיך געהאַלטן פון דאָרט ביים אַרויסקלייבן. אויף די ווענט און אויף די שטולן זענען גע־האנגען קליידער, אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ צעעפנטער „טראָנק" און די לופט איז פול געווען מיטן ריח פון פודער און אָדעקאָלאָן.

סטעלאַ איז אַריין מיט צוויי גלעזער טיי, מיט צוויי פּליטשן ברויט, באַשמירט מיט האָניק. זי האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ לעדערנער אָטאָמאַנע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, באהאַלטן די פיס הינטער זיך, געקייעט דאָס ברויט און אַ פרעג געטאָן שאַפּטן:

— נו, ווי שמעקט אייך דער האָניק?

און איידער שאַפּט האָט צייט געהאַט צו ענפערן אויף איין פראַגע, האָט סטעלא אים געפרעגט צען נייע. געוויזן מיט דער האַנט נעבן זיך:

— זעצט אייך!

שאַפּט האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— רוקט אייך צו נעענטער! ווי ער שעמט זיך, אסור אַ מיידל, כּאַ, כאַ! נעענטער, אָט אַזוי...

זי האָט אַ הויב געטאָן די ווייסע, דורכזיכטיקע האַנט מיט די

לענגלעכע פֿינגער, אַ בליץ געטאָן מיט טראָפּנס פֿייער און מיט די פּוכלע, ווי קישעלעך, שפּיצן פֿינגער, האָט זי שאַפֿטן קוים אָנגערירט פֿאַר אַ האַנט:

— אַצינד, מיין באָי, דערצייל מיר וועגן זיך, דערצייל וועגן דיינע ליבעס... דו גוסטירסט אודאי אין אַ ברונעטקע, ביסט דאָך אַ בלאָנדער, דערצייל, כ׳וויל אַלץ וויסן...

סטעלא האָט אים געגלעט איבער דער האַנט, איבערן פּנים, איבער די האָר, געבלענדט מיט די ברילאַנטן, — האָט שאַפֿט געפֿילט, ווי עפּעס פּלאַצט אין אים, ברייט, ווי די פֿלעמלעך פֿון אירע פֿינגער וואָלטן אים אַרומגענומען.

— און מיך האָסטו ליב, כ׳בין דאָך אַ בלאָנדע? — האָט זיך סטעלא געפּיעשטשעט — וואָס קוקסטו אויף דער וואַנט? שעמסט זיך, מיין חסידל?

זי האָט זיך מיט־אַמאָל אויפגעזעצט, אַריינגעלאָזט די פֿינגער אין זיינע קוטשמעס, זיך אָפּגערוקט ווי ווייט די הענט האָבן איר דערלויבט, אים דורכגעגבערט מיט די אויגן:

— האָסט מיך ליב?

ווי פֿון אונטער דער ערד אַרויס איז אויסגעוואַקסן אַן עלטערער ייִד אין אַ טלית קטן, מיט אַ יאַרמולקע אויפֿן גאָלן קאָפּ, גלייכגילטיק געקוקט אויפֿן פּאָרל, ווי אויף אַ שטיקל מעבל, און זיך צעגעניצט.

סטעלא האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון שאַפֿטס הענט און זיך צעבייזערט אויפֿן טאַטן:

— טאַטע, וואָס גייסטו ניט שלאָפֿן?

דער אַלטער האָט ניט געענטפֿערט, ווי מע וואָלט אים ניט געמיינט, זיך געוואַשן די הענט, הויך געזאָגט „אשר יצר״, אָפּגעזיפֿצט און פֿאַרשוווּנדן.

אַ בויגיקע איז סטעלא צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי עטוואָס געעפֿנט און זיך איינגעהערט. זי האָט מער אַרויפֿגעדרייט דעם גאַז, געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל און אַ צעשטראַלטע האָט זי מיט אַמאָל אַרומגעכאַפּט שאַפֿטס קאָפּ מיטביידע הענט, אויסגעשריגן: „נאַ!״, אים געטאָן אַ קוש און אָפּגעשפּרונגען.

שאַפֿט האָט געפֿילט ווי דאָס קדחת וואַרפֿט אים, איז ער אויפֿגע־

שפּרונגען, אַראָפּגעדרייט דעם גאַז און זיך גענומען יאָגן נאָך סטעלאַן.

— וואָס טוט איר? דרייט צוריק אַרויף! — האָט סטעלא אים געגראָזשעט מיט אַ פינגער.

זיי האָבן זיך גענומען האַמפּערן און אין שטוב איז געוואָרן פינסטער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז סטעלא געזעסן מיט צעלאָזטע האָר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און זיך געווישט די אויגן.

שאַפּט איז געשטאַנען פאַר איר אויף די קניען. זיך געפילט שול-דיק. ער האָט איר געקושט די הענט, די פיס, זי געהאַלטן אין איין איבערבעטן.

— נו, וויין ניט, סטעלא, כ'בעט דיך!

סטעלא האָט ניט געענטפערט, אים אָנגעקוקט אַ רגע מיט די פאַר-ווײַנטע אויגן און זיך שטיל צעהעשעט. שאַפּט האָט ניט געקאָנט הערן ווי זי וויינט, פאַרביסן די ליפּן, זיך געקנאַקט די פינגער און זיך גע-בעטן בײַ איר:

— טאָ וואָס ווילסטו, זאָג? אַז כ'בין אויף אַלעם גרייט, אַבי וויין ניט! וואָס שווייגסטו?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר, אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן זײַן ברוסט, איר געווישט די טרערן:

— נו, באַרויִק דיך!

— האָסט מיך ליב? — האָט סטעלא אים געוויספּערט אויפן אויער — שטאַרק ליב?

— אודאי האָב איך דיך ליב!

— דו ווייסט, מיט מיר איז נאָך קיינער אַזוי נאָענט ניט געווען! דו ביסט דער ערשטער... ווײַל כ'האָב דיר געגלייבט... ביסט אַזאַ שטילער, מיט אַזאַ ליידנד פּנים... און כאָטש פרויען גלייבן ניט אַזעל-כע... האָסטו מיך ליב, זאָג? זעסט, איך האָב דיר געגלייבט... כ'האָב פון ערשטן קוק געזען, אַז דו ביסט אַנדערש, ווי דײַנע קאָלעגן... מײַן שעמעוודיקער בחור, עס וועט אַזוי גוט זײַן! וואָס ביסטו אומעטיק? בײַ מיר וועסטו תּמיד זײַן פריילעך! דײַנע עלטערן וועלן זײַן קעגן? וועל איך ווערן אויס שרײַבערין...

שפּעט בײנאַכט איז שאַפּט אַרויס אויף דער גאַס. ער האָט זיך אײנגעקאָרטשעט, אַראָפּגערוקט דעם קאַפּעלוש איבער די אויגן און פעסט געשפּאַנט. אַ טרוקענער שנײ האָט געשטאָכן אין פּנים. די קעלט האָט אים דורכגענומען, אויסגעלופטערט, ער האָט גענומען גײן פאַמעלע־כער און זיך צעשמײכלט. דער גאַנצער עסק איז אים אויסגעקומען צו פּעס װי אַ טעאַטער־שטיק.



# משה ליגנער

אַ זייגער צוועלף ביינאַכט איז דער רומעניִשער ווײַנקעלער געווען געפּאַקט. אַרום די טישלעך זענען געזעסן רומעניִשע ייִדן מיט ווײַבער, יונגע לײַט מיט מיידלעך, געקנאַקט געבּאַקענע מאַנדלען, גערויכערט און הנאה געהאַט פֿון אַ „היימיש“ גלעזל ווײַן. דער בעל-הבית, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט עטלעכע האָר, ווי צוגעקלעפּטע, אויף זײַן נאַקעטן קאָפּ, איז גראַציעז געזעסן בײַ אַ שפּילקאַסטן, געשאַרט מיט אַ הילצערנעם האַמער און מיט די פֿינגער איבער מעטאַלענע סטרונעס און אויסגעשפּילט האַלבּאומעטיקע רומעניִשע פֿאָלקס-ניגונים. דאָס פּובליקום האָט שטיל מיטגעזונגען, צוגעקלאַפּט מיט די פֿיס צום טאַקט. פֿון מאָל צו מאָל איז אַרויס אַ פּאָרל פֿון הינטער אַ טישל. דער עולם האָט געמאַכט פּלאַץ און דאָס פּאָרל האָט זיך פֿויל געשאַרט, ווי ס'וואָלט געשטאַנען אויף איין אָרט, און געדרייט מיט יעדן קער, מיט יעדן בויג. אַ גאַסן-זינגער איז געגאַנגען פֿון טיש צו טיש. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ טישל פֿעטע ווײַבער מיט אויסגעבלויזטע גויִדערס. די ווײַבער זענען געזעסן מיט עטוואָס צעשפּרייטע פֿיס, געהאַלטן אין די שויסן מאַנדלען, זיי געוואָרפֿן אין די מײַלער אַרײַן, געקנאַקט און אויסגעשפּיגן די שאָלעכץ אויף דער פּאָדלאָגע. זיי האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר די זײַטן פֿונם זינגערס פּיקאַנטע קופּלעטן, געווונקען צו אַן עלטערן, פֿליכעוואַטן מאַן מיט שמאַלציקע פֿאַרלאָפֿענע אויגן, וואָס איז געזעסן מיט זיי, און האָבן פֿאַרשייט מיטגעזונגען:

— אוי, אַ באָמ-בע, אוי, אַ באָמ-בע!...

בײַם „רעדזשיסטער“ איז געזעסן די בעל-הביתטע, אַ פֿעטע ייִדענע מיט אַ פּאָר קעצעשע אויגן, איבער אַ שיסל גראַשיצע, פֿויל געקײַט און געדרעמלט.

פֿון די פֿעטע ווײַבער, פֿון שפּילקאַסטן, פֿון די עלעקטרישע לאָמפּן און פֿון די געפּרעגלטע פֿליישן, האָט זיך געטראָגן איבערן קע-

לער אַ געשריי, וואָס האָט פֿאַרטױבט, געררייצט, געמאַכט טרוקן אין האַלדז — האָט מען באַשטעלט עכטן, היימישן ווײַן.

---

משה „ליגבער" איז געזעסן אין אַ ווינקל. ער האָט געטראָגן דעם שטײַפֿן הוט וווילצריש אויפֿן רעכטן אויער, דעם גלאַנציקן אויסגעריבענעם פּרינץ-אַלבערט — פֿאַרקנעפּלט, די געשטרײַפּטע הויזן — אויסגעפּרעסט. צווישן די פֿינגער האָט ער געהאַלטן אַ שטעקל, עס געדרייט און צוגעפּיפּט. ער האָט זיך יעדע ווײַלע אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער פֿאַרפּלאַמטער נאָז, וואָס איז געווען בלוילעך ביים שפּיץ, ווי דער פּלאַם פֿון אַלקאָהאָל.

משה איז געווען אַ תּושב אין רומענישן ווײַנקעלער. דאָ האָט ער פֿאַרבראַכט גאַנצע טעג, אויסגעקוקט אַ „העכטל", וואָס זאָל שטעלן ווײַן, אָדער רופֿן אָפּעסן. און די העכטלעך האָט ער דערטאַפּט צווישן נײַע געסט, גרינע יידן און שרײַבער. אַז ער האָט דערטאַפּט אַ שרײַבער, האָט ער גאָר אָפּגעלעבט. ער האָט געוווּסט, אַז פֿון אַזאַ שמועס וועט אין קעשענע קיין מזומן ניט בלײַבן, עס וועט אפֿילו קיין גלעזל ווײַן אויך ניט זײַן, דערפֿאַר האָט אים הנאה געטאָן, וואָס מע פֿאַרשטייט אים, וואָס ער רעדט זיך אָפּ ס'האַרץ פֿאַר אַ קאָלעגע. ער האָט דערציילט ניט-געשטויגענע, ניט-געפֿלויגענע מעשיות, זיך געמאַכט אַלטפֿרענקיש, תּמעוואַטע, אָפּט געוויינט. ער איז גיך אַרײַן אין דער ראָלע, זיך פֿאַרגעסן, אַליין געגומען גלויבן אין דעם אַלעם, וואָס ער האָט דערציילט און אַז דער שרײַבער איז געבליבן זיצן אַ פֿאַרגאַפֿטער, האָט ער אַ גליקלעכער אַרויסגעלעגט אויף אים אַ האַנט, מיט די פֿינגער פֿון דער צווייטער זיך געקלאַפּט אין האַרץ און געלאַכט:

— און איר טראַכט דאָך, מסתּמא, ווי אָנצוהייבן אַ נײַע ערציילונג מיט אָט דעם משהן אַלס הויפּט-העלד, כאַ, כאַ, כאַ!

אַז ער האָט דערטאַפּט אַ גרינעם, האָט ער אים ראשית אָנגעהאַקט אַ קאָפּ, ווי לײַכט עס איז אין אַמעריקע רײַך צו ווערן. ער האָט אים באַוויזן מיט אותות ומופֿתים, ווי אַלע זײַנע לאַנדסלײַט — היימישע שוסטערס, בעלי-עגלות — זענען דאָ עשירים. און אַז ער האָט דערפֿילט, ווי דאָס יידל פֿאַרגעסט זיך און חלומט שוין, מסתּמא, וועגן „ווייס איך וואָס" — האָט ער אים גענומען דערציילן, אַזוי, אַז דעם יידל האָט פֿאַרפֿעלט

אָטעט, ווי ער, משה, איז אַמאָל אַן עושר געווען, וואָס פֿאַר אַ גאָלדענע צייטן האָבן זיך אים נאָכגעהאַנגען. און ווי זיין שותּף, אַ ליטוואַק, ימח שמו, פֿון טיף רוסלאַנד, האָט אים באַגנבעט, צוגענומען ביי אים דאָס ווייב, פֿאַרפֿירט זיין איין=און=איינציקע טאָכטער און גערעדט אַזוי לאַנג מיט אַ פֿאַרשטיקט קול און מיט רויטע פֿאַרלאָפֿענע אויגן, ביז דאָס יידל האָט רחמנות געקראָגן אויף אים. דעמאָלט איז משהן לייכט אָנגעקומען אַרויסצוקריגן אַ פּאָר סענט.

משה האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, געזוכט ווו ער זאָל זיך צושאַרן. כּמעט אַלע טישלעך זענען געווען באַזעצט און ביי אַ געפּאַקט טישל וועט מען אים זעלטן אויסהערן און עס וועט, מסתּמא, תּמיד זיין איינער, וואָס ער קען אים. דערצו איז דער יונגער געלאָפֿן, ווי אַ שד, פֿון איין טישל צום צווייטן, זיך געריסן דעם גאָרגל און משה האָט געפֿילט, אַז די צייט איז פֿאַר אים ניט גינסטיק.

נעבן דער טיר, ביי אַ קליין טישל, איז געזעסן בעני, אַ זעקספּוסיקער יונג, און זיך געגאָסן פֿון אַ קריגל אין אַ גלאָז אַריין וויין. משה האָט זיך געקווענקלט צי זאָל ער צוגיין. ער האָט שוין פֿון עטלעכע טעג, צייט בעני האָט זיך באַוויזן אין ווייַנקעלער, געוואָרפֿן אַן אויג אויף אים. ער האָט זיך אָבער געשראָקן, געוווסט, אַז בעני האָט „לינקע ביזנעס‟ און אָפּצושלאָגן ביי אַ מענטשן די לונגען איז ביי אים פּונקט אַזוי לייכט, ווי אויסצוטרינקען אַ קריגל וויין. דערצו איז ער תּמיד געזעסן מיט חברים, און וואָס מער משה האָט זיך געשראָקן פֿאַר אים, אַלץ שטאַרקער האָט עס אים געצויגן ער זאָל צוגיין, געווען זיכער, אַז אויב ס'וועט זיך אים איינגעבן, וועט ער פֿון דעם יונג אַרויסשלעפּן אַ שיינע מטבע, ווייל וואָס פֿאַר אַ באַטרעף האָט ביי אַזאַ חברה=מאַן געלט?

משה האָט זיך אויפֿגעשטעלט, גלייך געמאַכט דעם פּרינץ=אַלבערט, זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער פֿאַרפֿלאַמטער נאָז און זיך אַוועקגעזעצט נעבן בענין. דער יונג האָט געמאַכט פֿלאַץ. משה האָט כּלומרשט גענומען רופֿן דעם „ווייטער‟, געוואָרן גלייך אומרויִק, זיך געשאָלטן, געשווויִרן, אַז זיין פֿוס וועט דאָ מער ניט איבערטרעטן, אַז עס איז אַ חזיריש פֿלאַץ — שוין באַלד אַ שעה צייט, ווי ער האָט באַשטעלט אַ קריגל וויין און מע דערלאַנגט ניט.

בעני האָט אים צוגערוקט אַ ליידיקע גלאָז, געוויזן מיט דער האַנט אויפֿן קריגל:

— נעמט דערווייל אַ גלאָז ווייַן!

— דאַנקע שען, סער — האָט זיך משה פֿאַרנויגט, זיך אָנגעגאָסן אַ גלאָז ווייַן, אויסגעטרונקען און באַקומען קוראַזש — אין יוראָפּ וואָלט אַזאַ זאַך ניט פּאַסירט! ווען דער לומפּ דערלאַנגט מיר ניט דעם ווייַן פֿלעט איך אים דעם קאָפּ! אַז דאָ איז ער אַ יחסן, באַלאַנגט צו אַ יוניאָן און טו אים עפּעס!

משה האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס, אונטערגעטראָגן בענין:

— ביטע!

זיי האָבן פֿאַררויכערט, געזעסן אַ ווײַלע און ביי משהן האָט דער מוח געאַרבעט נאָכן גלעזל ווייַן, געפּלאַנט ווי נאָך אַרייַנצוכאַפּן דעם יונג, ער זאָל ווערן אַ געפּלעוועטער.

— אודאי אַ לאַנדסמאַן? אַז כ׳דערקען אָן אייער קמץ, אַ יאַ־סער, האַ?

— איר זייַנט אויך אַ יאַסער? — האָט בעני געשמייכלט.

— נאָך וואָס פֿאַר אַ יאַסער, כ׳קום פֿון סאַמע „מקום”! — האָט משה כמעט ווי אויסגעשריגן און באַלד אָפּגעזיפֿצט — געמוזט אָבער אַנטלויפֿן! וואָס ווייסט איר, וואָס? אין אַלע גרענעץ־שטעטלעך אויף די באַנהויפֿן איז געווען מיין בילד און ווי איר קוקט מיך אָן, האָט די רע־גירונג צוגעזאָגט אַ סומע געלט יעדן, ווער עס וועט מיך ברענגען אַ לעבעדיקן!

בעני, וואָס האָט ביז אַהער כמעט ווי זיך ניט אייַנגעהערט וואָס מע רעדט צו אים, האָט מיט אַמאָל אָנגעשפּאַרט ביידע הענט אָן טיש, אָנגעקוקט משהן מיט אַ פּאָר דורכדרינגענדע אויגן, אַז עס איז אים אַזש קאַלט געוואָרן, און אַ פֿאַרינטערעסירטער געפֿרעגט:

— וואָס הייסט די רעגירונג האָט צוגעזאָגט אַ סומע געלט?

משה האָט געפֿילט, אַז ער האָט שוין אייַנגעפֿעדימט, און געווען זיכער, אַז דער העכט וועט זיך שוין אַזוי לייכט ניט אַרויספּלאָנטערן פֿון זייַנע הענט.

— דאָס איז, מיסטער, אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע — האָט משה געצויגן די ווערטער — — געוויס איז איצט ניט די צייט, ביי אַ געלע־

גנהייט, מיר וועלן זיך טרעפן נאָך אַמאָל, וועל איך אייך דערציילן! אַז וואָס ווייסט איר, אפילו דאָ, אין אַמעריקע, בין איך די ערשטע צייט ניט געווען זיכער! רומעניש שפּיאָנען זענען מיר נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט און כ׳האָב מורא געהאַט, מע זאָל מיך ניט איבערגעבן דעם רומענישן קאָנסול אין די הענט אַריין! ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך אַ ביסל דורכגעמאַכט אויף מיין לעבן!

דער „ווייטער" איז צוגעקומען.

— נאָך אַ קריגל וויין — האָט בעני געזאָגט און זיך געווענדט צו משהן — נעמט עפּעס!

משה האָט געמיטלעך אָנגענומען דעם „וויטער" פאַר אַ האַנט, אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, און אים כמעט אַריינגעשריגן אין אויער:

— מאַך מיר אַ „סטייק" מיט „פרענטש פּאָטייטעס", נאָר אַ פרישן, הערסט, רודאָלף!

אין קעלער איז געוואָרן אַלץ לעבעדיקער. דער וויין האָט דעם עולם צעגומען, געמאַכט פון אַלט — יונג און פון יונג — אַלט. האָבן עלטערע מענער אַרומגענומען יונגע מיידלעך, פאַרוואָרפן די גאָלע קעפ און הייזעריק באַגלייט דעם שפּילקאַסטן. אין אַ ווייל אַרום איז משה געזעסן איבער אַ „סטייק", הנאה געהאַט, וואָס נאָך יעדן שניט מיטן מעסער, טריפט בלוט, פאַרטרונקען מיט וויין און דערפילט ווי די שרייפלעך אין קאָפּ וואַקלען זיך, די צונג ווערט לויזער. ער האָט זיך נענטער צוגערוקט צו בענין און פאַמעטיש אים איינגערוימט אין אויער:

— און היינט, מיינט איר, איז בעסער? ס׳קאָן זיין, אַז אפילו איצט, כ׳רעד מיט אייך, היטן מיך אַ פּאָר אויגן! אַז מע קוקט מיר נאָך אויף טריט און שריט!

אינסטינקטיוו האָט זיך בעני אַרומגעקוקט. ער האָט אַ ציטער געטאָן, אין אַ ווינקל איז געזעסן אַ מאַן אין אַ געקעסטלטער קעפּ איבער אַ גלאָז וויין און פון אים קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט. בעני איז געווען זיכער, אַז עס איז אַ דעדעקטיוו. ער האָט מער ניט געקוקט אַהינצו, זיך געטרייסלט, געפילט, ווי די אויגן ברענען אים אין קאַרק, שטעכן און געוואַרט, אַז יעדע מינוט זאָל דער פרעמדער זיך אויפהויבן, אַרויפלייגן אויף אים אַ האַנט און אים אָרע-

סטירן. בּעני האָט זיך ניט איינגעהערט, וואָס משה האָט גערעדט, בּלויז גע־קלערט ווי זיך אָפּצוטראָגן פון קעלער און מיט אַמאָל איז אים איינגע־פאַלן, אַז ווער ווייסט, טאָמער איז דער פרעמדער, מיט וועלכן ער רעדט אויך אַ דעדעקטיוו?

— כ׳פרעג אייך — האָט משה אָנגענומען בּעניַן פאַר אַ האַנט — קאָן זיין עפּעס שרעקלעכערס, ווי ס׳גאַנצע לעבן טראַכטן, אַז עמעצער קוקט דיר נאָך? וואָס ציטערט איר אַזוי? ס׳איז אייך קאַלט?

— וואָס פאַלט אייך איין? — האָט בּעני געשטאַמלט און בּעת מעשה געטראַכט — ער מיינט, מסתמא, ער האָט פאַר זיך אַ יאָלד! נע־ווער מיין!

— אַז ווי דו שטעלסט נאָר אַ פּוס, — האָט משה אים פעסטער אָנגענומען — ווי דו טוסט נאָר אַ גענעץ — ווייסט מען! ווי דו טאָגסט, דאָרט נעכטיקסטו ניט! איר פאַרשטייט? אַזוי ליידט אַ מענטש, גייט אויס פון טאָג צו טאָג און קיינעם אַרט ניט!

— זע נאָר, ווי ער מאַכט זיך תמוואַטע, דער „סאָן אָף אַ גאָן״, וויל פאַררעדן די ציין! אויב ער טשעפּעט זיך ניט אָפּ פון מיר, בּרעך איך אים הענט און פיס! — האָט בּעני זיך געטראַכט און געזאָגט — פאַר וואָס זאָל איך ניט פאַרשטיין?

— אָט זיצן הונדערטער מענטשן — איז משה זיך פאַרגאַנגען — טרינקען וויין, אַמוזירן זיך מיט דאַמען, און דערהיים וואַרטן געוויסן אויף זיי וואַרעמע בּעטן און קיינער פון זיי טראַכט ניט, אַז איך אין דעם אויסגעטראַנזשירטן פרינץ־אַלבּערט, וועל מוזן שלאָפן ערגעץ אין אַ פּאַרק מיט...

בּעני האָט געזען, ווי דער מאַן אין דעם געקעסטלטן קאַפּ האָט זיך אויפגעשטעלט, געמומען גיין צו זיין טישל, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון משהס האַנט, אים שיער ניט אַראָפּגעוואָרפן פון בּענקל, פאַרגעסן די רעשט, וואָס דער „ווייטער״ האָט איבּערגעלאָזט אויפן טישל, און דער זעקספוסיקער יונג איז אַרויס פון קעלער ווי אַ רוח.

---

# אַ הויז אויף גאָרעק סטריט

זיי וווינען אויף גאָרעק סטריט אין צוויי קליינע צימערלעך. די האַלבפינסטערע צימערלעך זענען אָנגעפּאַקט מיט שמאַטעס. אָנגעשטופּטע זעק מיט צעראַטעס פאַר שניידערס ליגן ביז אונטער דער סטעליע. שוטאַש, שפּיצן, קאָלירטע סטענגעס וואַלגערן זיך קנוילנווייז, צעוויקלטע בענדער הענגען אויף שטריקלעך, וואָס ציען זיך איבער די צימערלעך, און ביים ערשטן אַריינקומען מיינט מען, אַז דער פאַרוואָקסענער ר׳ מענדל, מיט די שוואַרצע פּאות, ווי געלאָקטע צעפּ, וואָס שפּרייזט צווישן די פילפאַרביקע בענדער און מוחט זיך, איז אַ כּשופמאַכער.

אויף די שמאַטעס זיצט לאה, ר׳ מענדלס ווייב, אַ קליינע, אַן אויסגעדאַרטע, גרויל ווי אַ טויב, מיט אַן אָפּגעשאָסן שטערנטיכל איבער די אויגן און לייענט אויפן קול מיט אַ תחינה־ניגון אַ דיקן יידישן ראָמאַן.

צו איר רעכטער האַנט זיצט איר איינציקע טאָכטער — אַ בלייך מיידל, בויגיק, ווי אַ פלאַנץ, וואָס פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אין אַ פייכטן, פינסטערן קעלער, שפּראָצט אַרויס פון צעפוילטע גרינס. זי סאָרטירט פון אַ זאַק אַרויס פערלמוטערנע קנעפּ און אַ פאַרחלומטע הערט זי זיך איין, ווי די מוטער לייענט. צו דער מוטערס לינקער האַנט זיצט איר איינציקער זון — אַ צוועלף־יאָריקער קאַליקע מיט אויסגעבויגענע פיס, ווי פיילנבויגנס, שמייכלט אידיאָטיש און ציט אויף העקעלעך "ווייבלעך" אויף טאָוולען.

און עס דאַכט זיך, אַלע דריי זענען אויסגעוואַקסן פון די שמאַטעס, קומען קיינמאָל נישט אַרויס פון די פינסטערע צימערלעך, און עס איז שווער צו גלויבן, אַז זיי וווינען אין שכנות מיט דער ריזיקער וויליאַמסבורג־בריק.

ר׳ מענדל נעמט אַראָפּ פון אַ קליינעם גאַז־אויוון אַ טעפּל מיט

קרופניק, גיסט אָן אין אַ שיסל און עסט מיט ברויט. די לאַנגע באָרד מיט די וואָנסן פּלאָנטערן זיך אין דער שיסל, לאָזן ניט עסן און ער שלינגט גיך, צעקייט ניט, ווי ער וואָלט פון עסן קיין הנאה ניט געוואָלט האָבן. באַלד נעמט ער בענטשן. ער הילט איין דאָס פּנים אין דער באָרד, און אַ פאַרשטיקטער, וויינענדיקער ניגון טראָגט זיך איבער דער שטוב.

לאה הערט אויף לייענען, הערט זיך איין, ווי דער מאַן בענטשט, און אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך איר, אַז זינט זי האָט געבוירן דעם קאַליקע, האָט מענדל איינגאַנצן זיך דערווייטערט פון איר. ער האַנדלט ווייניק, זיצט גאַנצע טעג און לערנט, ווערט פרומער פון טאָג צו טאָג און זיי לעבן אין גרויס דחקות. ביי אַן אַנדער מאַמע וואָלט אַזאַ מיידל געוועזן מיט לייטן גלייך, אַ דערוואַקסענע טאָכטער, ביז מע דערלעבט עס, און דאָ גאָרניט! זי איז שוין מיד רעדנדיק...

אַ פאַרבענקטע קוקט לאה, ווי דער מאַן שפּרייזט שוין ווידער פון איין ווינקל אין צווייטן, און אַ פאַרביטערטע פרעגט זי אים צום הונדערטסטן מאָל:

— מענדל, וואָס וועט זיין דער תּכלית?

— וואָס מיינסטו? — שטעלט זיך מענדל מיט אַמאָל אָפּ, טוט אַ וואָרף מיטן קאָפּ און מיט דער האַנט, ווי אַ פליג, וועלכע ער האָט עטלעכע מאָל אַוועקגעטריבן, וואָלט אים ווידער אַ ביס געטאָן.

— כ'מיין, לאָמיר זיך ניט נאַרן, פייגעלע איז שוין ניט קיין קינד... געוואָרן אַכצן יאָר און דיך הויבט ניט אָן צו אַרן... ביסט דאַכט זיך אַ טאַטע... כ'וויס, אַנדערע מיידלעך גייען אויף בעלער, גייען אין אַ טאַנץ-זאַל, באַקענען זיך מיט יונגע-לייט... אַז דו לאָזט זי ניט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, דאַרפסטו זען עפּעס אַ תּכלית...

פייגעלע ווערט פאַרפלאַמט פון דער מוטערס רייד, ציפּט זיך פאַרן פאַרטוך און צעוויינט זיך ניט שיער:

— וואָס ווילסטו? אַז כ'וויל ניט קיין חתן!

דער קאַליקע שטעקט דער שוועסטער אַ פינגער אין פּנים אַריין, צעעפנט אַ מויל און שטשירעט מיט די ציין — כי, כי, כי...

ר' מענדל, אַ הויכער, אַן איינגעבויגענער, מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד ביז איבערן גאַרטל, מיט אַ פּאָר פייערדיקע אויגן, וואָס קוקן קיי-

נעם ניט אָן, ענטפערט ניט. ער נעמט אַ זאַק מיט „טרימינגס״ אויף די פּלייצעס, שטייט אַ ווײַלע מיט אַ צעעפנט מויל, ווי ער וואָלט זיך געקליבן עפּעס זאָגן, טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, קושט די מזוזה און גייט אַרויס.

---

ר׳ מענדל איז אויפגערוימט. ער האָט פאַרקויפט אין די ערשטע צוויי „שעפּער״ דעם גאַנצן זאַק מיט סחורה. ער גייט אין מיטן גאַס מיטן זעקל אונטערן אָרעם און פײַפט, אַז ס׳וועט היינט זיין אַ מזלדיקער טאָג.

אַ נידעריקער, ברייטבייניקער ייִד, מיט דער באָרד אַריינגע־מאַכט אין וועסטל אַריין, מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס שטעלט אים אָפּ אין מיטן גיין:

— האַלאָ, ר׳ מענדל, וואָס מאַכט איר?

— האַלאָ, ר׳ משה, כ׳האָב אייך טאַקע שוין לאַנג ניט גע־זען! כ׳האָב געהערט, איר וווינט ניט מער אין די מקומות, הא?

— זינט מײַנע איז מיר געשטאָרבן, וווין איך אין בראָנזוויל.

— און ווי איז מיט פּרנסה?

— מיט פּרנסה, איז, געלויבט צו גאָט, הלואי אויף אַלע ייִדן געזאָגט, נאָר — טוט ר׳ משה זיך אַ וויש איבער דער באָרד, וואָס שטעקט אין בוזים און זיפצט אָפּ — שווער, ר׳ מענדל, אָן אַ ווייב, ניטאָ ווער עס זאָל זיין מיט די קינדער, ס׳עלטסטע, פאַר־שטייט איר מיך, איז צוועלף יאָר, אמת, אַ קלוג מיידל, אָבער נאָך אַליין אַ קינד, דאַרף האָבן, מע זאָל אַרום איר אַרומגיין. ווען ס׳מאַכט זיך מיר אַזוי אַ לייטישער שידוך, ר׳ מענדל, נאָך געלט שטיי איך ניט, וואָלט איך חתונה געהאַט.

— איר האָט, דאַכט זיך, פיר קינדער, זאָלן געזונט זיין, האַ?

— כ׳האָב, קיין עין הרע, פיר דערוואַקסענע קינדער, ס׳ייִנגס־טע איז דריי יאָר אַלט. מע קאָן זיי שיקן אַ גאַנג, אויסוואַשן אַ גע־שיר... נאָר גאָר ניט, כ׳וועל אייך זאָגן, ר׳ מענדל, אַז אַמעריקע איז דאָך אַן אָנגעלאָפּענע וועלט און כ׳ווייס שוין מיט ווער כ׳טו אַ שידוך? קלער איך, איידער צו טאַפּן אין דער פינסטער, ווען ס׳מאַכט זיך מיר אַזוי אַ היימיש מיידל... כ׳ווייס...

— ס'וועט זיך מסתמא מאַכן — באַרויִקט אים ר' מענדל — פּאַרוואָס קומט איר אַמאָל ניט אַרויף, אַז איר זענט „דאַון-טאַון"?

כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, כ'האָב די לעצטע טעג זיך טאַקע געקליבן צו אייך. אַז עס קומט אַלץ ניט אויס, איר וווינט נאָך אין דער זעלבער דירה?

— יאַ, אויף גאָרעק סטריט, ווען איר קומען?

— כ'וועל קומען!

— גוד-באַי!

— גוד-באַי!

ר' מענדל גייט אין מיטן גאַס פאַרטיפט אין רעיונות און קלערט, אַז לאה איז גערעכט — מע דאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן פייגעלען. אים פאַלט איין, אַז מיט משהן וואָלט געווען אַ גוטער שידוך, אַ „טרימינגס-פּעדלער" האָט גוטע קונים און, דער עיקר, אַן ערלעכער ייִד ניט קיין עם-הארץ.

---

אויף די שמאַטעס זיצט לאה מיט דער טאָכטער. פייגעלע האַלט אויף צעשפּרייטע הענט אָנגעוויקלטע טאַשמעס און די מוטער וויקלט אויס קנוילן. אין אַ זייט זיצט דער קאַליקע, כאַפּט פליגן, האַלט זיי ביים אויער פאַר די פליגעלעך און הערט זיך איין, ווי זיי צאַפּלען זיך און זשומען. אין צווייטן חדר ביי אַ נאַפּט-לאָמפּ זיצט ר' מענדל און לערנט שטיל מיט אַ טרויעריקן ניגון. דאָס שטילע געזאַנג טראָגט זיך איבער די חדרימלעך, בלייבט אין די אויערן, ווי אַ זשומעריי, און ס'איז שווער צו זאָגן, צי דאָס קומט פון די געפּייניקטע פליגן, צי פון ר' מענדלס אומעטיקן געזאַנג.

ר' משה קומט אַריין אין שבתדיקן ראָק, געמאַכט פון גלאַנציקער אַלפּאַגע.

— גוט ב'אָוונט!

— גוט ב'אָוונט! — ענטפערן לאה מיט מענדלען.

לאה לאָזט ליגן דעם קנויל מיט טאַשמעס און שטעלט זיך אויף. פייגעלע בלייבט זיצן אַ רויִקע, האַלט אויף די צעשפּרייטע הענט די אויפגעוויקלטע טאַשמעס, קוקט אָן ר' משהן און רעדט קיין וואָרט ניט. זי ווייסט, אַז דאָס איז איר חתן — קומט הייבט אָפּ-

שטעלן די חתונה. זי וויל זאָגן, אַז זי האָט אים פײַנט, אַז זי וויל ניט קיין אַלטן ייִדן מיט אַ „וויסקי", אַ טאַטן פון קינדער פּאַר אַ מאַן, אַז... זי נעמט זיך טרייסלען, פּילט אַן עקל צו משהס לאַנגער באָרד, קריגט פײַנט טאַטע־מאַמע און לאָזט אַראָפּ די אויגן.

— זיצט, ר' משה! — רוקט לאה אים צו אַ שטול.

— זיצט — העלפט ר' מענדל אונטער, שפּרייזט אַן אויסגערוימטער איבער דער שטוב, רייבט אַ האַנט אָן אַ האַנט און ווענדט זיך צו פייגעלען, ווייסט אַז זי איז נאָך אַ קינד, דערצו נאָך אַן אַמעריקאַנער מיידל, קאָן, מסתמא, ניט גוט קיין ייִדיש — שווייגט זי. ער בעט פייגעלע זאָל אים מכבד זיין מיט אַ גלעזל טיי, קוקט איר אין די אויגן און איז גליקלעך.

פייגעלע פילט, אַז זי איז די אומגליקלעכסטע. אַז ווי וועט זי זיך ווייזן מיט אַזאַ מאַן פאַר אירע חברטאָרינס? זי זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל און פאַרגעסט זיך.

זי טרעפט זיך אָפט מיט סידנין אויף די טרעפּ. ער ווערט העכער און שענער פון טאָג צו טאָג. זי האָט באַמערקט, אַז ער ראַזירט זיך שוין אויך. זינט זי איז אַרויס פון „סקול", האָט זי אויפגעהערט צו רעדן מיט אים און אַז זיי טרעפן זיך אויף די טרעפּ, ווערן ביידע רויט און באַגריסן זיך. זי האָט אים אַזוי ליב, זי וועט אים היינט זאָגן, אַז אירע עלטערן ווילן זי חתונה מאַכן פאַר אַן אַלטן מאַן אַ „וויסקי"... ער וועט זי פון אונטער דער חופה אַוועקנעמען...

די מוטער נעמט אַרום די טאָכטער, קושט איר אין קאָפּ אַריין און פרעגט:

— טאָכטערשי, איצט איז נאָך דאָ צייט, אויב דער שידוך געפעלט דיר ניט, זאָג, כ'וויל דיך ניט נויטן!

— געוויס, געוויס — כאַפּט אונטער ר' משה — צעעפנט בשעת מעשה אַ פּאָר אויגן, ציטערט אינגאַנצן, ס'זאָל דעם מיידל אַמאָל אַ נאַרישקייט ניט אַריין אין קאָפּ.

פייגעלע ענטפערט ניט, צעוויינט זיך.

— אַ יונג מיידל שעמט זיך — האָב אויך געוויינט, מוטער!

זיי זיצן ביז שפעט אין אָוונט, שמועסן וועגן היימישע זאַכן און ביים אַוועקגיין שטעלט מען אָפּ די חתונה. ר׳ משה גייט אַ היים אַ גליקלעכער. דער קאַליקע כאַפּט נאָך אַלץ פליגן, מאַטערט זיי און די פליגן צאַפּלען זיך, זשומען. דער פאָטער פאַרטיפט זיך צוריק אין אַ ספר, צעזינגט זיך שטילער און טרויעריקער ווי פריער. די מוטער, אַ קליינע, אַגרויע, שאַרט זיך צו דער טאָכטער, ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק קעגן איר, נעמט זי אַרום און אַ שטומע ווישט זי זיך די אויגן אָן פייגעלעס ווייכן האַלז.

דאָס שטילע געזאַנג טראָגט זיך איבער די חדרימלעך, בלייבט אין די אויערן ווי אַ זשומערײַ און ס׳איז שווער צו זאָגן, צי עס קומט פון די געפייניקטע פליגן, צי פון ר׳ מענדלס צעווייטאָקטן געזאַנג.



# לילי

## 1

אייב מעק, אַ מיטלוווקסיקער, ברייטביינִיקער יונג פֿון אַ יאָר דרייסיק, מיט עפּעס חיהשעס אין אַלע זיינע גלידער, איז געשטאַנען שבת אין דער פֿרי אין קיך אין די בלויזע גאַטקעס און לייבל און זיך געוואַרעמט ביי דער „סטים-פּייפּ“. ער האָט נאַכלעסיק געהאַלטן אין דער רעכטער זייט פֿון מויל אַ הילצערנע פּיפּקע, געשפּיגן אויף דער פּאָדלאָגע און געקוקט, ווי זיין ווייב מאַכט אָנבייסן.

זיין ווייב, אַ געשיקטע יידענע, מיט געלבלעכע פֿלעקן איבערן פּנים, ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועטע, האָט צעשטעלט אַ טיש מיט עסנוואַרג ווי פֿאַר אַ מנין מענטשן. זי האָט אַרויסגענומען פֿון אייזשענקל אַ הערינג, אים אָפּגעצויגן און געפֿרעגט דעם מאַן:

— ווען איז לילי געקומען, שפּעט?

— כ׳ווייס ניט.

— שלעפֿט זיך אויף אַרום גאַנצע נעכט און קיין סענט פֿאַר די אויגן זעט מען דערוויל ניט! דיינע געשעפֿטן, אייבעלע! כ׳האָב עס געדאַרפֿט?

— פּונקט אַזוי דיינע, אוי מיינע! זי צאָלט ניט? טרייבט מען זי אַרויס!

— חכם מיינער, דאָס וויל זי דאָך! טרייב זי אַרויס, גיט זי דיר קיין סענט ניט, די גאַנצע הונדערט טאָלער פֿאַרפֿאַלן! גלויב מיר, ווען איך ממזר לעבט, וואָלט זי ביי מיר ניט געגאַנגען מיט אַזאַ פֿאַרריסענעם קאָפּ! אַז די מויד האָט גאָר ניט קיין יידיש מזל, אַזאַ נבלה!

— פֿאַרוואָס גייט זי ניט צוריק אין קאַבאַרעט? — האָט אייב

געצויגן די גאַטקעס — ווי זי דערציילט, האָט זי דאָך דאָרט גע-
מאַכט שטיקער געלט!

— כ׳האָב איר שוין עטלעכע מאָל געגעבן אָנצוהערן, ענט-
פערט זי מיט אַ האַלב מויל, נאָר ווי מיר שיינט, — האָט חוה גע-
מאַכט אַ טראַט צום מאַן — שטעקט אין דעם דעם דאָקטאָרס קאָפּ!
קענסט דאָך אים מיט זיינע זיסע רייד, אַבי ס׳קאָסט אים קיין
געלט ניט, וועט ער דיר צוזאָגן כ׳ווייס ניט-וואָס און דאָס קאַלב
מיינט, מסתמא, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן! ניטאָ ווער ס׳זאָל
לאַכן! ווייסט, זי גייט דאָך צו אים יעדן טאָג!

— אַזוי? דאָס הער איך ערשט איצט! — האָט אייב האַס-
טיק עטלעכע מאָל אַ ציי געטאָן די פּייפּ און אויסגעשפּיגן — וועל
איך איר טאַקע באַלד דאָ אָפּשפּילן אַ חתונה, וואַרט!

— דו מיש זיך נאָר ניט, הערסט? כ׳ווייס, ביסט אַ גרויסער
בריה קאַליע צו מאַכן! קריגן זיך קאָן איך אויך, פאַרלאָז זיך
אויף מיר!

ביים טיש איז געזעסן ווילי, אַ געל ייִנגל פון אַ יאָר אַכט,
מיט אַ קלוג, ווירעוודיק פּנימל און אויסגעמיטן צו קוקן אויף די
בייע „טאַטע-מאַמע", וואָס האָבן אים נעכטן אַרויסגענומען פון
יתומים-הויז. ער האָט געגעסן מיט די פעדערשטע ציינדלעך, ווי אַ
וועווערקע, אַ שטיקל דאַר קעז און זיך געשפּילט מיט לאָלען, וואָס
איז געלעגן אונטערן טיש.

אייב האָט געקוקט אויף די צעשטעלטע מאכלים און זיין
אומגעלומפּערט קוואַדראַט-פּנים, מיט די בולטע גרויסע אויגן,
וואָס האָבן דערמאַנט אי אַ קאַלב, אי אַ ביק, האָט זיך נאַריש צע-
שפּילט. ער האָט אַוועקגעלייגט די פּייפּ, געמאַכט אַ שנאַפּס, פאַר-
ביסן מיט אַ שטיקל מינסטער-קעז און אַ צופרידענער זיך געווענדעט
צום ווייב:

— חוהשי, צעהאַק די מילץ מיט אַ ציבעלקע, ס׳איז געשמאַ-
קער!

— אָל-רייט, וועסטו, אפשר, עסן אַ ביסל איינגעפּרעגלטע גע-
הירן?

— האָסטו דען?

— אַז כ׳פרעג — מסתמא האָב איך!

— טאָ פרעגל זיי גוט איין, — האָט אייב זיך געבעטן מיט אַ פול מויל צונג — טו אַריין אין שמאַלץ אַ פּאָר שטיקלעך רעטעך אויך!

— דו האָסט, מיין מאַן, אַ געשמדטן האַלז!

— חוהשי קרוין, זעץ דיך אויך אַוועק עפּעס עסן — האָט אייב געקייט מיט ביידע באַקן און אַרומגענומען דאָס ווייב — נעם עפּעס פריער אין מויל אַריין, חוהשי. ס׳מאַכט ניט, כ׳וועל וואַרטן, אַז ניט וועל איך אסור עסן!

— זיי ניט משוגע, אייב — האָט חוה אַ צופרידענע, וואָס דער מאַן צערטלט זי, געצויגן די ווערטער און זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט — זעץ דיך און עס, ווער ניט מיט אַמאָל צו גוט!

אייב איז געווען גוט אויפגעלייגט, ער האָט אַרויפגעצויגן די גאַטקעס, געגלעט ווילין איבערן קעפּל, איבער דער פּלייצע און אים כלומרשט אַ קניפּ געטאָן אין געזעס אַריין:

— עס, עס, שלאָף ניט, באַ מיר, ווילי, מוזטו ווערן אַ יונ־גאַטש מיט באַקן! — און ער האָט זיך געווענדעט צום ווייב — חוהשי, זע, גיב עפּעס ווילין אין מויל אַריין.

— אונטערן פאַרטוך האָב איך גאָר ניט באַהאַלטן! לאָז ער עסן — שטייט דאָך אויפן טיש.

— אַז עלטערן וואַרפן אַוועק אַן אייגן קינד, מעג זיי די ערשטע כאָלערע טרעפן! — האָט אייב אַ געשריי געטאָן און גע־גלעט ווילין איבערן קעפּל — געדענקסט גאָר ניט דיינע עלטערן, האַ?

ווילי האָט זיינע עלטערן נישט געקענט. די ערשטע צייט, אַז ער איז איבערגעגאַנגען פון איינע „טאַטע־מאַמע״ צו צווייטע און מען האָט אים גענומען אויספרעגן וועגן זיינע עלטערן, (און גע־פרעגט האָבן אַלע) האָט ער געשוויגן, זיך געפילט שולדיק, ווי ער וואָלט עפּעס צוגעגנבעט און פיל מאָל זיך צעוויינט. שפּעטער, ער אַליין האָט ניט געוווּסט ווי ר׳נאָך, איז באַ אים אין מוחל געבאָרן געוואָרן אַ מעשה וועגן זיינע עלטערן. די מעשה האָט ער געהערט אין יתומים־הויז פון אַ יינגל, וואָס יענער האָט עס דערציילט וועגן

זיך. און די מעשה האָט זיך בײַ ווילין אין קאָפּ אַזוי אײַנגע־קריצט, אַז ער האָט זי געגומען איבערדערציילן אויף זײַנע על־טערן, און יעדעס מאָל מיט מער אײַנצלהייטן, ביז ער האָט אַליין געגומען גלויבן, אַז זײַן טאַטע האָט געשחטן די מאַמע, אים אויך געוואָלט שחטן, האָט ער זיך באַהאַלטן אין וואַש־טאָפּ. פון דעמאָלט אָן איז דער פאָטער אַוועק און איז מער ניט צוריקגעקומען. איצט, אַז אײַב האָט אים געפרעגט צי ער געדענקט זײַנע עלטערן, האָט ווילי די זעלבע מעשה איבערדערציילט און הנאה געהאַט, וואָס די נײַע „טאַטע־מאַמע" האָבן אַלץ געלאָזט שטיין און הערן זיך אײַן מיט צעעפנטע מײַלער.

— מעג אים דאָרט ניט אַ בראַנד אין די אויגן אַרײַן! — האָט אײַב אַ געשריי געטאָן ווען ווילי האָט געענדיקט — זעסט, ווען אַ מויד דערשטיקט אַ יאַטל, פאַרשטיי איך נאָך, נאָר אַ טאַטע זאָל גיין שחטן אַן אייגן ייִנגל — — — אַ כאָליערע!

ער האָט דערזאָגט מיט דער האַנט, אויסשנײַדנדיק אַ קרײַז, אויסגעשפּיגן און אָנגעגאָסן אין אַ גלעזל אַביסל בראָנפן:

— נאַ, ווילי, ס'איז זיסער בראָנפן, טרינק!

לילי, אַ הויכע, געזונטע מויד מיט אַ ליכטיק, אָפן פּנים, מיט צעשאָטענע קאַשטן האָר, דורכגענומען מיט אַ שוואַרץ סאַמעטל, איז אַרײַנגעקומען פון צווייטן צימער טאַנצנדיק:

— ח־וה, אוי, אוי, אוי — אוי, ח־וה!

— ביסט שפּעט אַהיימגעקומען, לילי? — האָט חוה זי גע־פרעגט.

— פרעגט אײַבן, ער ווייס — האָט לילי זיך צעלאַכט און איר ליכטיק פּנים איז אַזש דורכזיכטיק געוואָרן.

חוה האָט גענומען די הענט פּאָדבאָקעם, זיך אַ שטעל געטאָן דעם מאַן אין פּנים אַרײַן און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אײַבעלע, דו הייבסט שוין אָן די אַלטע מעשיות, האַ?

— וואָסערע מעשיות? — האָט אײַב געשטאַמלט — קוק נאָר ווי ס'גייט איר אין לעבן! זי מוז דאָס אַלץ וויסן! אַ דעטעקטיוו איבער מײַן קאָפּ!

— אָל־רייט, אײַבעלע! אָל־רייט! — האָט חוה געברומט און

גיך גענומען וואַשן גלעזער, אַז זיי האָבן צוזש געפּייפט אונטער אירע פינגער.

לילי האָט זיך הילכיק צעלאַכט, פאַרריסן דעם קאָפּ און אינגאַנצן האָט זי אויסגעזען ווי אַ יונגע, שיינע קאָבילע.

אייב האָט אָנגעקוואָלן פון דער מויד, אַרויפגעצויגן די גאַטקעס און זי אַרומגעכאַפּט.

— מיסעס מעק — האָט לילי זיך געפּיעשטשעט — אייער מאַן טשעפּעט זיך! מיסעס מע·עק — — —

— וואָס מעקצעסטו, וואָס? — האָט חוה אַ שטשירע געטאָן מיט די ציין — קריך ניט צו אים, וועט ער דיך ניט טשעפּען.

לילי האָט זיך אַ דריי געטאָן, זיך לייכט אַרויסגעגליטשט פון אייבס הענט, זיך ווילעריש אַ שטעל אַוועק געטאָן אין אירע געלע שיך מיט די הויכע אָפּצאַסן, שעלמיש אָנגעקוקט אייבן און זיך צעזינגען:

— ח־וה, אוי, אוי, אוי, ח־ו־וה!

אייב האָט זיך געדרייט אין דרייען, געפילט ווי די פּאָדלאָגע שווימט אַפיר פון אונטער זיינע פיס, חשק געהאַט נאָכצולויפן דער מויד אין צווייטן צימער אַריין — איז פאַר אים אויסגעוואַקסן דאָס ווייב:

— די געהירן ווערן דאָך קאַלט, גיי עסן!

אייב האָט געווונטשן דעם ווייב אַ מיתה־משונה. ער האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט אַן אויג פון אויבן ביז אַראָפּ, זיך געוווּנדערט ווי ר׳נאָך ער האָט ד אָ ס אַמאָל ליב געהאַט און צום הונדערטן מאָל געטראַכט, אַז די פּלעקן אויף חוהס פּנים זעען אויס ווי לאַטעס. ער האָט זיך געזעצט עסן. די געהירן האָבן אים שוין מער ניט געשמעקט. פון פאַרדרוס האָט ער געזוכט מיט די אויגן עפּעס אַ נאַש צו טאָן. ער האָט אויפגעהויבן יעדע זאַך, עס באַשמעקט, פון ענערגיע זיך איינגעגאָסן אַ שנאַפּס, אָפּגעבראָכן אַ שטיקל זעמל, איינגעטונקען אין פּוטער און געקייט.

— זע נאָר, ווי ער באַשמעקט יעדע זאַך, פּונקט ווי לאָלע — האָט חוה שוין ווייכער גערעדט, אפּנים זיך געוואָלט איבערבעטן — וואָס מיינסטו, כ׳קויף אַלט עסן?

אייב האָט ניט געענטפערט. צי דערפאַר וואָס לילי איז אַריין אין צווייטן צימער, צי דערפאַר וואָס ס׳ווייב האָט אים פאַרגליכן צום הינטל, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן זיינע פיס, נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, האָט אייב מיט אַמאָל אַזאַ בריק געטאָן לאָלען, אַז דאָס הינטל האָט מיט אַ קוויטש זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. לאָלע איז געשטאַנען אויף דריי פיס, געקוקט אַ ווײַלע אויף די אָפּגעשלאָגענע לאַפּקע, וואָס האָט זיך געטרייסלט און זיך פאַרגאַנגען אין אַן אויסטערליש בילעריי, ווי אַ דאָרף־הונט ווען ער דערזעט אַ פייער.

— מערדער, וואָס האָט דיר דאָס הינטל געטאָן? — האָט חוה אַן אָנגעצונדענע פון כעס אַלץ געלאָזט שטיין אויפן אויוון, געכאַפּט לאָלען אויף דער האַנט, באַקוקט דאָס פיסל און עס אונטערגעטראָגן דעם מאַן — זע, וואָס האָסט געטאָן?

— געטורייע מאַמע, — האָט אייב דורכגעזייט דורך די גאָלדענע ציין — דאָס איינציק קינד איר דערהרגעט, אַ דערהרגעט זאָלסטו ווערן מיטן הונט צוזאַמען!

ער איז אויפגעשפּרונגען, עטלעכע מאָל דורך איבער דער קיך און איז צוגעגאַנגען צום ווייב:

— טרייב שוין אַרויס דעם הונט, זאָג איך דיר! איך וויל ניט קיין הונט אין מיין שטוב, הערסט?

— שוין, ס׳איז אים שוין עפּעס אַריין אין קאָפּ, דעם משוגענעם! — האָט חוה כלומרשט געשמייכלט, זיך ניט געוואָלט איינרייסן מיט אים.

— אַז דו הערסט מיך פּונקט ווי דעם קאָטער! שריי איך ניט פון ערשטן טאָג אָן, אַז כ׳וויל ניט דעם כלב אין שטוב? אַז ווו כ׳גיי שמעקט מיט הונט! טו איך עפּעס אָן, קען איך עס ניט דעררייניקן, אומעטום דעם הונטס האָר! אַזאַ פאַרשיווער הונט, אַזאַ! כ׳בעט דיך מיט גוטן, חוה — האָט אייב געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין דער צעפּנטער האַנט — טרייב אַרויס דעם הונט, אַז כ׳וויל אים ניט האָבן אין מיין שטוב!

— דאָס וואָס דו ווילסט ניט, איז ווייניק! — האָט חוה

קאַלטבלוטיק געענטפערט און אירע קליינע אויגן האָבן זיך אַ צונד געטאָן מיט אַ צעפלאַסן פייערל.

— וואָס מיינסטו, ס׳איז ווייניק? — האָט אייב זיך גענומען קלאַפּן מיט אַ פויסט אין האַרץ אַריין — איך בין דער בעל־הבית! אי עם דהע באָס היער! און אויב דו וועסט אים ניט אַרויסטרייבן, איז מיין נאָמען ניט אייב, אויב כ׳שליידער ניט דעם הונט אַרויס דורכן פענסטער, אַז ס׳וועט פון אים קיין שריד ופליט ניט בלייבן!

חוה האָט ניט געענטפערט, זי איז געשטאַנען מיטן הונט אויף דער האַנט און געשמייכלט. אייב האָט געפילט ווי די נכפה עסט אים, ניט געקאָנט קוקן ווי חוה שמייכלט, ווי זי וואָלט זיך גע־רייצט מיט אים און פאַר כעס אַריין אין צווייטן צימער. ער האָט אומגעוואָרפן אויפן וועג אַ שטול, צוריק אַריין אין קיך, געצויגן די גאַטקעס און געשריען:

— אַ קדיש האָדעוועט זי מיר! אַז זי האָט ליבער דעם הונט, ווי דעם מאַן! שלאָפט מיטן — — — קענסט ניט האָבן קיין קינ־דער, האָסטו ניט געדאַרפט חתונה האָבן, יאַלעווקע דו!

— און דו קענסט? — האָט חוה אַרויסגעבליזלט דורך די פאַרקוועטשטע ליפן און די אויגן האָבן באַ איר געבלישטשעט.

— וועסט שוין זען צי כ׳קען? כ׳האָב דיך אין דר׳ערד מיטן הונט און מיט דער „קינדאַרניע" דיינער צוזאַמען! גענוג געשמעקט פרעמדע קינדער — — — כ׳שלאָף איבער זיי קיין נעכט ניט! אַז כ׳האָב קיין אייגנס ניט, דאַרף איך קיין וועלט ניט איינרייסן! וואָס, איבערלאָזן דעם הונט אַ ירושה? ווי לאַנג לעבן זאָלסטו! נאָך היינט גיי איך אַוועק!

— גיי! ווער האַלט דיך?

— דו! — ט׳האָט אייב אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט איבערן טיש, אַז אַלע טעלער זענען אונטערגעשפרונגען.

אין צווייטן צימער האָט זיך אַ קינד צעוויינט, אַנטשוויגן געוואָרן, ווידער אָנגעהויבן, זיך פאַרגאַנגען העכער און העכער און באַלד האָט זיך דאָס קינד צעשריען מיט אַן אָפן מויל, אַז ס׳האָט אַזש געגרילצט אין די אויערן.

לילי איז אַריין אין קיך.

— שעמען מעגט איר זיך! פון אַלע פענסטער קוקט מען אויף אייער בייז ווונדער! מענטשן זאָלן זיך שטענדיק האַלטן אין איין אַרומקריגן! מען קאָן דאָך פון קאָפּ קומען פון אייערע געוואַלטן! גייט בעסער, חוה, און וויגט איין ס׳קינד!

— אייבעלע איז קראַנק עס איינצושטילן?—האָט חוה צונויפגעשנירלט די דינע ליפּן און געגלעט דעם הונט.

אייב איז געלאָפן אין די גאַטקעס איבער דער קיך, ווי ס׳וואָלט אין שטוב אַ פייער געווען. ער האָט געזוכט מיט די אויגן אַ מענטשן, פאַר וועמען דאָס האַרץ אָפּצורעדן און ווען לילי וואָלט ניט געשטאַנען אין דער טיר, וואָלט ער זיך געוויס אָפּגעקלאָגט פאַרן זיבן-יעריקן ווילין. ער האָט אָנגעכאַפּט לילין פאַר אַ האַנט:

— אַז כ׳קאָן ניט מער! היינט, לילי, מוז עס נעמען אַ סוף! זי האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט! כ׳האָב געשריען — חוה, כ׳וויל ניט קיין „קינדאַרניע״!" כ׳וויל ניט באַראַבעווען אָרעמע דינסטמיידלעך, צונעמען באַ זיי ביז דעם לעצטן סענט! אַ בראָך איז שוין צו דער מויד, וואָס האָט אַ ממזר, דאַרף איך נאָך קומען און אויסנאָגן באַ איר דאָס לעצטע ביסל מאַרך? אַ „סאָקער״ בין איך ניט! מיין טאַטע, מיין זיידע, מיין עלטער-זיידע —— האָט אייב זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט — האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן און קיין „קינדאַרניעס״ ניט געהאַט, וויל איך אויך קיין שינדער ניט זיין!

בשעת אייב האָט גערעדט, האָט ראָזע זיך אַריינגעשאַרט, ווי אַ וואַקלדיקע גאַנז אין קיך אַריין. זי איז נאָך כּמעט געווען אַ קינד. אַ קליינע, אַ בלאַסע, מיט שוואַרצע, צעשראָקענע אויגן, מיט שוואַרצע, געקרויזטע האָר, ווי באַ אַ שעפּס. האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, גענומען איין הענטל אין צווייטן אַריין, זיי געהאַלטן פון פאָרנט, ווי זי וואָלט געוואָלט אָפּצוימען איר בויך פון די אַרומיקע, און אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן שטום און צעשראָקן געקוקט פון איינעם אויפן צווייטן. ראָזע האָט געוווסט, אַז איר לעבן ליגט באַ זיי אין די הענט און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט זיך איינגאַנצן געטרייסלט, די אונטערשטע אָנגעלאָפּענע ליפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי באַ אַ

קינד וועט עס גייט וויינען, און ס׳האָט זיך געדאַכט, זי וועט זיך באַלד וואַרפן יעדן איינעם צו די פיס און בעטן, ווי מען בעט אַ גזלן, מען זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר.

דאָס קינד האָט געשריען. אייב האָט מער ניט געקאָנט צוהערן ווי דאָס קינד וויינט, זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר די אויערן, געזוכט עפּעס מיט די אויגן און מיט אַמאָל אַ געשריי געטאָן אויף ווילין, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל ניט טויט, ניט לעבעדיק:

— וואָס זיצסטו, וואָס, בעסטאַרד? הערסט ניט ווי דאָס קינד וויינט?

ער האָט אָנגעכאַפּט ווילין פאַרן קאָלנער און אים אַ שיק געטאָן אין צווייטן צימער, אַז דאָס ייִנגל האָט שיער ניט האַלז און נאַקן צעבראָכן.

אַ שכנטע מיט אַ שטאָק נידעריקער האָט געעפנט דעם „דאָמוויי־טער" און אַרויפגעשריען:

— אַ חוצפּה און אַ העזה דאָס איז, באַלד אין דער פרי צו מאַכן אַזעלכע קולות, ניט לאָזן מענטשן שלאָפן? קוים איינגעשלע־פערט דאָס קינד, האָבן זיי עס מיר אויפגעוועקט! מיינט ניט, אַז איר זענט איין - און - איינציק אין דעם הויז! שעמען מעגט איר זיך, מענטשן זאָלן זיך תּמיד אַרומהרגענען, פּונקט ווי גענגסטערס!

אַלע זענען אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן און זיך איבערגע־קוקט, אַ צערייצטער האָט אייב אַן עפן געטאָן דאָס טירל פון „דאָמווייטער":

— מען לאָזט דיך ניט שלאָפן, דו צעקראָכענע, דו פלאָנדרע? ס׳קינד דיר אויפגעוועקט? פלאָדיעט מען ניט ווי די חזירים! ווער הייסט אייך האָבן קינדער? שנאָרערס, שטאַרבן פון הונגער און מע איז „ביזי"! — — — מ׳האַלט אין איין שלאָפן! — — — —

— זי וועט מיר דאָס דיקטירן וואָס כ׳זאָל טאָן בײַ מיר אין „רומס"? — האָט חוה געשריען, צוגעגאַנגען מיטן הונט צום „דאָמווייטער" און אויך געוואָלט אַריינשטעקן דעם קאָפּ אין אָפּע־נעם טירל.

אייב קוקנדיק אויפן ווייב האָט געטראַכט, אַז אַלע צרות קו־

מען איבער איר, אַז ער האָט זיך ניט געדאַרפט קריגן מיט דער שכנטע און ער איז אויף דאָס ניי אין כּעס געוואָרן. ער האָט זיך געכאַפּט שלאָגן דעם הונט. חוה האָט אים פאַרשטעלט, געוועדט, האָט זי אַרייַנגעכאַפּט לאָלעס קלעפּ, געקוויטשעט ווי מען וואָלט פון איר די הויט געשונדן, לילי איז אַרייַן אין דער מיט, ניט געלאָזט שלאָגן און אין שטוב איז געוואָרן אַזאַ געשריי, ווי מע וואָלט געקוילעט חזרים.

ראָזע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט עטוואָס צעשפּרייטע פיס, זיך געהאַלטן פאַרן בויך און איבער איר קינדיש פּנים און צעוירענע נאָז האָבן גערונען טרערן.

אייב האָט זיך גענומען אויף גיך אָנטאָן, געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט, געסטראַשעט, אַז ער וועט שוין מער ניט אַהיימקומען און איז אַרויס פון שטוב.

## 2

אַז אייב איז אַרויס האָט חוה אַראָפּגעלאָזט דעם הונט אויף דער פּאָדלאָגע, פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט און זיך צע־וויינט.

דער הונט האָט ניט אָפּגעטרעטן פֿון איר. ער איז אַרויף מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס אויף איר שויס און געלעקט די בעל־הביתטע מיט דער צונג. חוה האָט אים אָנגעכאַפּט פֿאַר די אויערן, געשלאָגן ווי זי האָט נאָר געטראָפֿן, דעם גאַנצן כּעס אויסגעלאָזט. דער הונט האָט צוגענומען די קלעפּ, ווי ער וואָלט פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳קומט אים, קוים געסקאַווטשעט, געבליבן זיצן אונטער דער בעל־הבית־טעס בענקל און זיך אײַנגאַנצן געטרייסלט.

ראָזען האָט באַנג געטאָן צו וואָס זי איז אַריין אין קיך. אַ דערשראָקענע, אַ בלאַסע האָט זי געקוקט אויף חוהן, און אַלץ אין איר האָט זיך געבעטן, אַז זי איז דאָ גאָרניט שולדיק, אַז ווען זי וואָלט געקאָנט, וואָלט זי זיך באַהאַלטן אין דער וואַנט, אַז פֿאַר איר דאַרף זיך חוה ניט שעמען. אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן ווייך און קינדיש געקוקט אויף חוהן, זי געוואָלט טרייסטן. זי האָט אויסגעשטעלט אַ פּוס, ווי צום גיין, זיך דערשראָקן, אַראָפּגענו־מען פֿון טיש אַ זעמל מיט אַ שטיקל הערינג, זיך געזעצט אין אַ ווינקל און געקייט. זי האָט געבעטן גאָט, אַז דאָס קינד, וואָס זי גייט געבוירן, זאָל זיין אַ טויטס און אויב עס וועט לעבן זאָל עס כאָטש זיין אַ ייִנגל — אַ ייִנגל פֿאַרפּירט מען ניט.

ניט איין דינסט־מיידל האָט זיך געשראָקן פֿאַר חוהן, זי גע־רופֿן מלאך־המות. און ניט בחנם! פֿונדעסטוועגן, אַז אַ יונג האָט אי־בערגעלאָזט אַ דינסט־מיידל אין די הויכע מאָנאַטן, איז פֿאָרט די איינציקע טרייסט געווען, אַז ס׳איז דאָ אַ חוה אויף דער וועלט. און חוה האָט קיינעם ניט געשטראָפֿט, ניט געזידלט — איז מען

געקומען צו איר מיט יעדער צרה, זיך געקלאָגט פאַר איר, ווי פאַר אַ מאַמען. און אַז אַ מיידל „אין אַנדערע אומשטענדן" איז שווער געווען צו קריגן אַ שטעלע — האָט חוה געשאַפן. פאַר העלפן ברענגען אַן אומגעזעצלעך קינד אויף דער וועלט, האָט חוה גענומען אין מזומן וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט און צען דאָלאַר אַ חודש פאַר האָדעווען. זעלטן אָבער איז חוהן אויסגעקומען צו האָדעווען אַ קינד — דאָס רוב מאַמעס פלעגן באַלד נאָך דער קינדבעט פאַר-שווונדן.

לילי האָט געקוקט ווי חוה האָט זיך איינגעקאָרטשעט, קלענער געוואָרן, געצוקט מיט די אַקסלען, געהעשעט ווי אַ קינד, ווען אַ מאַ-מע לאָזט עס אַליין איבער אין שטוב, און זי האָט רחמנות געקריגן אויף איר.

תמיד ווען לילי האָט געהערט אַ פרוי וויינען, איז איר אויפן זינען געקומען דער קאַבאַרעט, ווו זי האָט מיידלווייז באַדינט געסט, אָפט געקריגן געשלאָגן און געמוזט ווילן יעדן איינעם, ווער עס האָט נאָר געגעבן צו לייזן.

אַ ניינצן יעריק יינגל האָט זיך פאַרליבט אין איר און זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. נאָך עטלעכע חדשים צוזאַמענלעבן, האָט דאָס מאַנעלע זי אָנגעהויבן שלאָגן, חושד זיין, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַנדערע און זי איבערגעלאָזט אַ טראָגנדיקע אָן אַ סענט געלט.

אַן אויסגעהונגערטע, אַן אָפּגעריסענע איז זי אָנגעקומען צו חוהן. חוהס הויז-דאָקטאָר, אַן אַלטער, גרויער בחור, וואָס האָט גע-ווּסט אירע אַלע סודות, האָט אָפּגענומען ביי לילין אַ טויט קינד.

דורך די צייט, וואָס לילי איז געלעגן צו-בעט, איז דער דאָקטאָר יעדן טאָג געקומען געוואָר ווערן וואָס זי מאַכט. ער איז יעדעס מאָל געבליבן זיצן ביי איר, איר דערציילט מעשיות, ווי אַן אַלטער, גוטער זיידע, און אַז לילי האָט זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט, אַז זי רעכנט, באַלד ווי זי וועט געזונט ווערן, צוריק אָנצוקומען אין אַ קאַבאַרעט, האָט דער דאָקטאָר זי אָנגעהויבן אָפּצורעדן, זיך דעמאָלט פאַנאַנדערגעשמועסט מיט איר אַזוי האַרציק, אַז לילי האָט זיך צעוויינט.

שפעטער, אַז זי איז שוין געזונט געוואָרן, האָט דער דאָקטאָר זי געהייסן צו זיך קומען דריי מאָל אַ וואָך, געזאָגט, אז איר'ע אוי- גן-לעפּלעך זענען אַנטצונדן. יעדעס מאָל האָט זי געמוזט מיט אים עסן אָוונט-ברויט, זיך אָפּט געוויצלט צי זי וואָלט חתונה געהאַט מיט אַזאַ אַלטן ווי ער און זיך באַנומען מיט איר אַזוי איידל, ווי קיין מאַנסביל האָט זיך נאָך ניט באַנומען.

לילי האָט געפילט, אַז דער אַלטער איז צו איר ניט גלייכ- גילטיק, האָט זי גענומען צו הילף אַלע ווייבערישע קונצן, אַבי אים אַריינצוכאַפּן. און כאָטש ער האָט געקאָנט זיין איר זיידע, האָט זי ניט איינמאָל געחלומט, אַז זי וואָלט געווען די גליקלעכסטע, ווען ער האָט מיט איר חתונה.

יעדעס מאָל אָבער, ווען ס'איז געוואָרן לאַנגווייליק, איז דער האַס צום פריערדיקן לעבן ביי איר אינגאַנצן פאַרשוואונדן. זי האָט צוריק אָנגעהויבן בענקען נאָכן קאַבאַרעט, ווו ס'איז ניטאָ קיין צייט צו לאַנגווייליקן זיך, מען האַלט אין איין פאַרברענגען. — — —

דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. די מורא אָנצוווערן דעם דאָקטאָר האָט זי צוריקגעהאַלטן. און אום צו טאַמעווען אין זיך דאָס הייסע בלוט, האָט זי געוואָרפן אַן אויג אויף אייבן, אים אַזוי לאַנג געררייצט, ביז זי איז זיכער געווען, אַז דער יונג שטאַרבט פאַר איר. זי האָט קיין שלעכטס ניט געמיינט, זי האָט נאָר געוואָלט אויספּרובירן איר אייגענע מאַכט און ווייזן אייבן ער זאָל ניט זיין אַזוי זיכער ביי זיך. זאָל ער ניט מיינען, אַז ס'איז גענוג ער זאָל וואַרפן אַן אויג אויף אַ מיידל און זי איז שוין זיינע! ניין, עס וועט אים מיט דער גרינגער גאַל אָנקומען און קריגן וועט ער פון איר אַ פייג! איצט קוקנדיק אויף דער צעבראָכענער חוה האָט זי זיך געפילט שולדיק, און דאָס גאַנצע שפּיל מיט אייבן האָט איר באַנג געטאָן.

— אַז כ'וואָלט אים געהערט, ווי דעם הונט — האָט לילי פּרובירט איינעמען חוהן — איר גיט אים צופיל נאָך! אַ מאַן גייט אַרום שלינג און שלאַנג — קריכט ער אויף די גלייכע ווענט! ס'געפעלט אים ניט די פּרנסה? אָל-רייט! לאָז ער ווערן דער פאַר- דינער!

— וואָס ווייסטו, לילי־קרוין — האָט חוה אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט רויטע בייטעלעך אונטער די אויגן פון וויינען — וואָס ווייסטו, וואָס איך שטיי אויס פון דעם יונג? כ׳וועל גיין ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן — און איר פּנים האָט זיך אויף דאָס ניי באַגאָסן מיט טרערן — כ׳קאָן ניט מער — — — מיין לעפל געקעכץ וועל איך ביי פרעמדע אויך פאַרדינען און אָן חרפּות... דו ווייסט דאָך ביי אונז, כ׳דאַרף דאָך דיר ניט דערציילן, ווי כ׳ווער פאַרשוואַרצט, שלאָף ניט קיין נעכט. און צוליב וועמען? אַלץ צוליב אים! די פּרנסה געפעלט אים ניט? מיר זאָלן אַזוי באַגליקט ווערן, ווי ער האָט מיך געטריבן צו דער פּרנסה! וואָס כ׳וואָלט ניט געטאָן, וואָלט איך דאָך פאַרדינט מיין שטיקל ברויט. וואָס, כ׳בין אַן אויסבערענגערן, ווי אַנדערע ווייבער? כ׳פאַרלאַנג דימענטן? ער לעבט דאָך ביי מיר ווי אַ קיסר, עסט און טרינקט אין דער צייט, טוט אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער ניט אַריין און עסט ס׳בעסטע! פאַר אייבן איז דאָך קיין זאַך ניט צופיל! און דאָס גיט דיר צומאָל קיין גוט וואָרט ניט! אַ הונט, אַז ער איז געטריי דעם בעל־הבית גלעט מען אים אויך! גלויב מיר, לילישי — האָט חוה אָפּגעזיפצט — אַז מען פאָלגט ניט טאַטע־מאַמע, איז וואָס פאַרע צרה ס׳קומט אויף דיר, איז אַלץ ווייניק! מיינע עלטערן האָבן פון ערשטן טאָג אָן ניט געוואָלט דעם שידוך! און מיין ניט, אַז כ׳בין געווען אַבי ווער? מיין טאַטע האָט געהאַט אַ באַרוף איבער גאַנץ וואַרשע! אַ פעלדשער איז ער געווען. ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי! ער האָט מער געקענט פון אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר! איבער דרייסיק יאָר האָבן מיר געוווינט אויף סטאַווקע, געהאַט אַ „רעזערווי", ווו פון אַרום זענען יינגען זיך געקומען שערן, איז, ווי דו זעסט, אַ זאָרג פאַר אַ שידוך ניט געווען!... און מיין ניט, אַז כ׳האָב אויסגעזען ווי היינט! אַז כ׳פלעג אַרויסגיין אויף סטאַווקע, האָבן די יינגען די כּפּרה געקריגן פאַר מיר, געהאַלטן אין איין ציען די קאַפּעליושן און איך ווי קיינמאָל גאָרניט, ווי ניט מיך מיינט מען! ווער האָט זיך אומגעקוקט אויף זיי! כ׳האָב דעמאָלט געפירט אַ ליבע מיט אַ סטודענט, רודאָלף האָט ער געהייסן...

— אַ שיינער נאָמען! — האָט לילי איבערגעריסן חוהן.

ראָזע האָט אַרויסגערוקט אין מיטן קיך אַ קליין קעסטל, זיך געזעצט און איינגעהערט זיך.

— איז דאָס געווען אַ בילד שיינער יונג! — האָט חוה אַ באַ-גייסטערטע געצויגן די ווערטער און ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז זי האָט נאָר געוויינט — כ'פאַרזיכער דיך, לילי, אַז פון ערש-טן קוק וואָלסטו די כפרה געקריגן פאַר אים!

— אַ ברונעט? — האָט לילי אַ נייגיריקע געפרעגט.

— אַן עכטער ברונעט מיט קליינע וואָנסעלעך, ווי אַ ציגיינער האָט ער אויסגעזען. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר בלויע געפּאַסטע הויזן און געגאַנגען איז ער, ווי אַ היימישער אָפיציר, גלייך ווי אַ ווירע!

— איך גוסטיר אויך אין ברונעטן — האָט ראָזע שטיל געזאָגט און איז רויט געוואָרן ביז אין האַלז אַריין.

— זע נאָר, זע — האָט לילי זיך צעלאַכט און געוויזן אויף ראָזען — זע נאָר ווי זי רויטלט זיך!

ראָזע איז נאָך רויטער געוואָרן און זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט פאַרן האַלז.

— איר זייט נאָך גאָר אַ „בייבי" ראָזע — האָט לילי זיך פלומרשט געבייזערט — כ'האַלט אין איין טענהן, איר זאָלט זיך אַליין מיט דער האַנט ניט כאַפּן! ס'קינד קאָן חס וחלילה קריגן אַ רויטן פלאַם אויפן העלדזל!

— אַז מען קוקט ניט בשעת-מעשה אויף פייער, שאַדט ניט — האָט חוה ראָזען באַרויִקט.

ראָזע האָט אַראָפּגעלאָזט אירע גרויסע אויגן, ווי זי וואָלט געווען שולדיק אין עפּעס. זי האָט ניט איינמאָל געהערט ווי קינ-דער זענען געבוירן געוואָרן מיט מייזלעך אויף די פּנימער און כאָטש זי האָט אין דעם ניט געגלייבט, פונדעסטוועגן האָט זי מיט אַמאָל דערפילט אַ ברי און דער גאַנצער בויך האָט ביי איר אָנגע-הויבן פלאַמען. זי איז געווען זיכער, אַז דאָס קינד קריגט איצט אַ פלאַם איבערן העלדזל, גרויס ווי אַ לונג - און - לעבערל, ווי, אַן אמת לונג-און-לעבערל און זי האָט אַזש פון שרעק פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט אַליין געקענט אַ מיידל מיט אַזאַ פלאַם.

— וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגן? — האָט לילי זיך

געוואוּנדעט צו חוהן און געריבן דעם שטערן — יעס, האָט ער אייך ליב געהאַט, דער סטודענט מיין איך?

— אַלץ הייסט ליב! — האָט חוה געשאָקלט אַ ווײַלע מיטן קאָפּ, געשמייכלט, אום צוצוגעבן די ווערטער מער באַדייטונג — אין מיטן גאַס פּלעגט ער מיר די הענט קושן!

לילי האָט זיך פון גרויס התפעלות אַזש צעזונגען:

— ח-וה, אוי, אוי, אוי, ח-וה!

— משוגענע, וואָס האָסטו זיך צעזונגען—האָט חוה געשמייכלט—

— לאָז ענדיקן!

— ענדיקט, ענדיקט, חוהשי קרוין! — האָט לילי זיך צעלאַכט און זי אַרומגעכאַפּט — איך ווייסט, ווען אין מיר פאַרליבט זיך אַ סטודענט וואָלט איך אסור געוווּסט ווי מען רעדט צו אים!

— מען דאַרף ניט רעדן — זיי רעדן שוין! — האָט חוה געצויגן די ווערטער — אַ געלערנטער מענטש איז גאָר עפּעס אַנדערש! זיי קושן דאָך די טריט פון אַ דאַמע!

— ח-וה, אוי, אוי, אוי!...—האָט לילי אַ זינג געטאָן און אַרומגעכאַפּט חוהן — דערציילט ווייטער, דערציילט!

— טאָ לאָז משוגענע! — האָט חוה אַ צופרידענע זיך אויסגעדרייט, אָפּגעווישט דאָס פּנים פון לילים קושן און מיט מער באַגייסטערונג גענומען דערציילן — יעדן אָוונט זענען מיר געגאַנגען אין זאַקסישן גאָרטן, געגאַנגען געאָרעמט און גערעדט פּאָלניש!

ראָזע האָט צוגערוקט דאָס קעסטל צו דער ה״יסער „סטיעם-פּײפּ״, זיך איינגעטוליעט אין אַ שאַל, געהערט ווי חוה דערציילט און אירע פאַרזשמורעטע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער דעם געקרויזטן קאָפּ האָר אַזוי ווייך און מילד ווי ביי אַ שעפּס. עס האָט איר אָנגעהויבן וואַרעם צו ווערן, האָט זי איינגאַנצן פאַרמאַכט די אויגן, מער אַראָפּגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ, קוים אונטערגעהויבן דאָס לעפל פון רעכטן אויג, ווו אַ שפּעלטל, דין, ווי אַ שניט פון אַ חלף, האָט געמאַכט דאָס בלאַסע קינדישע פּנים אי ווײַנען, אי לאַכן. ראָזע האָט אַרייַנגעמאַכט די הענט צווישן די פיס און זיך נאָך אַלץ איינגעהערט. אַ מידע האָט זי ביסלעכ-ווייז גענומען דרעמלען און געפילט ווי עס פּלאָנטערט זיך ביי איר אין מח:

„— — — און אַז רודאָלף האָט גערעדט איז פּונקט, ווי דו וואָלסט אַרויסגעלייענט פֿון אַ ביכל! אַז ביסט גאָר אַ מבין, וואָס פֿאַר אַן איידעלער, באַשמעקטער יונג דאָס איז געווען?“

— אַ באַשמעקטער יונג? וואָס? אַן איידעלער—האָט זיך ביי ראָזען געוויגט אין קאָפּ — בעני איז אויך אַן איידעלער... ער וואַרט אויף מיר.

שטייענדיקערהייט כאַפּט ראָזע אַריין דאָס אָווגט-ברויט און וואַרט די בעלי-בתּים זאָלן זי אַ רוף טאָן אַראָפּצונעמען פֿון טיש. זי ווערט אומגעדולדיק, קנייפּט זיך, טראַכט, אַז די מאַדאַם איז ניט קראַנק אַליין אַראָפּצונעמען און האָט חשק אַלץ איבערצולאָזן און זיך אַרויסצוגבנען דורך דער קיך. זי ווייס, בעני וואַרט אויף איר, קומט שטענדיק מיט אַ שעה פֿריער.

— ראָ-זאַ!

אַ גליקלעכע כאַפּט ראָזע אַראָפּ דאָס געפּעס, צעוואַשט עס און באַהאַלט דעם שליסל אין קאָרסעט. און כאָטש די מאַדאַם ערלויבט איר אַוועקצוגיין, האָט זי אַ טבע שטיל צו עפֿענען די טיר, קיינער זאָל ניט הערן און זיך אַרויסצוגנבנען אין פּאַרק אַריין. בעני גייט איר אַנטקעגן:

— וואַרטסט שוין לאַנג?

— נאָ, כ׳בין נאָר וואָס געקומען.

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

— דו ווייסט דאָך, אַז איך גיי יעדן שבת אין די בענק!

זי ווייס, זי איז גליקלעך. זיי זאַמלען אויף איין באַנק-ביכל. באַלד האָבן זיי פֿינף הונדערט דאָלאַר און ווען חתונה האָבן. וואָס?... חווה דערציילט נאָך?

„— — — ווענסט לאַכן, רודאָלף האָט דאָך דווקא געוואָלט מיינע עלטערן זאָלן זיין קעגן דעם שידוך! ער פֿלעגט טענהן, אַז איך זע אויס ווי אַ פּרינצעסן און ער וועט ביינאַכט מיך אַרויסגנבענען און אַוועק מיט מיר ערגעץ ווייט, אין זיין פֿאָטערס גיטער...“

— אַזוי, ווייט וועט ער אַוועק — — — אין זיין פֿאָטערס גיטער — — — דאָרט וואַקסן גראָזן... הויכע... כ׳האָב אַזוי ליב...

בעני זוכט אויס אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל ערגעץ צווישן קוסטן און זיי ציען זיך אויס אויפֿן גראָז. זי שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן זיין ברוסט, קנעפּלט פֿאַנאַנדער מיט די ליפּן זיין באַטיסטן העמד, קושט און פֿלאַפּלט.

— טאָ ווען?
— אַז דו ווילסט ניט!
— איך וויל ניט?
— ווילסט יאָ? — צעלאַכט זיך בעני ווי פון אַ פאַס אַרויס
— גיי, כ'האָב דיך פיינט!

זי פאַרשפּילעט אויף גיך זיין העמד און שטופּט אים כּלומרשט פון זיך. בעני שטיקט זיך פון געלעכטער, כאַפּט ראָזען אין זיינע אָרעמס, קאַטשעט זיך מיט איר איבערן גראָז און ביידע וואַרטן ס'זאָל עפּעס געשען. אַ פּאָליסמאַן טרייבט זיי אַראָפּ. זיי כאַפּן זיך אויף ווי אָפּגעשמיסענע, צעלייגן זיך אויף אַ צווייטן פּלאַץ און איידער וואָס, ווען, טרייבט מען זיי שוין ווידער, מען טרייבט זיי אין וואַסער אַריין. זיי שפּרינגען אַריין צו אייבן אין שיפל. דאָס שיפל צעוויגט זיך, ווערט גרעסער, גרעסער...

ראָזע האָט צעעפנט די אויגן, געפילט ווי פון דער „סטעם־פּייפּ" האָט אַ הייסער טראָפּן אַראָפּגעקאַפּעט אויף איר פּלייצע. זי האָט געקוקט אויף חוהן מיט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן, ווי איינער, וואָס קומט אויף פון דער פּאַליגע, געוואָלט ווייזן, אַז זי האָט קיין איין וואָרט ניט דורכגעלאָזט. זי האָט געוויספּערט מיט די ליפּן און אַ דערשלאָגענע האָט אַלץ אין איר געטענהט — אַז כ'הער, אויף מיין וואָרט ווי כ'הער!

„— — — ער איז זייער רייך געווען און אַז איך האָב זיך איינמאָל צעוויינט, ווי קומט אַזאַ פּראָסטע מיידל צו אים, האָסטו געדאַרפט זען ווי ער האָט זיך באַליידיקט, געזאָגט, אַז איך בין טויזנט מאָל שענער פאַר..."

— שענער — — — דו ביסט דאָך באַ מיר די שענסטע

— — דו ווייסט גאָר וואָס, ראָזעלע? אַז ס'האָט זיך שוין יאָ געמאַכט מיר „סטאָפּן" ביידע, טאָ לאָמיר אַרויספאָרן אויף אַ וואָך נאָך קוני־איילאַנד! ווען וועט זיך נאָך מאַכן אַזאַ געלעגנהייט?

— אָל־רייט!

זיי דינגען אַ צימער ביים ים, לאָזן אַראָפּ די שטאָרן פון פענסטער און גליקלעכע, צעשטראַלטע קאַטשען זיי זיך אויפן בעטל, אויף דער פּאָדלאָגע, דער ים קאָכט, שטורעמט, פאַרפּלייצט דאָס

זי — — — פינסטער אַזוי אַמאָל מיט ס׳ווערט און שטיבל בלייבט איינע אַליין, פילט ווי זי ווערט פאַרברענט פון היץ און דערזעט איבער זיך חוהן מיט אַ ברויט-מעסער אין דער האַנט. חוה האַלט אַ קינד, איר קינד מיט אַ פּלאָם, ווי אַ לונג-און-לעבער, איבערן פּנים. דאָס קינד כאַפּט זי אַרום מיט די הענטלעך — — — פעסטער — — — דריגעט מיט די פיסלעך— — — ברענט אויך— — —

ראָזע האָט צעעפנט די אויגן, זיך אָפּגערוקט צוזאַמען מיטן קעסטל — די „סטיעם-פייפ" האָט געבריט. דאָס וואַסער האָט זיך געהויבן אין דער „פייפ", געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער און הייסע טראָפּנס האָבן געהאַלטן אין איין קאַפּען.

צייט בעני האָט זי אַוועקגעוואָרפן, האָט זי ניט געקאָנט הערן זיין נאָמען. איצט האָט ראָזע געפילט, אַז ווען בעני קומט צו איר, וואָלט זי אים ניט נאָר אַלץ מוחל געווען, נאָר אויך די פיס געקושט.

חוה האָט נאָך אַלץ אין איינעם דערציילט:

„— — — — אַז כ׳בין — — — ער איז מיר געפאַלן צו די פיס, געקושט די פינגער, אויסגעקושט די טרערן פון די אויגן, ווי מיר האָבן אַ גאָט אין הימל!"

— אויף מיין וואָרט, ס׳זאָל פעלן אַ האָר — האָט לילי אַ צעשטראַלטע אָנגעכאַפּט חוהן פאַר די הענט — איך לייען יעצט דעם „פאַרכשופטן פּרינץ", וואָס איר האָט מיר געגעבן, שטייט דאָרטן פונקט דאָס זעלבע!

חוה האָט זיך פאַרלוירן. זי איז זיכער געווען, אַז לילי גלויבט איר ניט, אַז דאָס האָט זי אַזוי געלאַכט פון איר, פון חוהן, ניט פון דער מעשה, און באַ איר אין קאָפּ האָט זיך שוין געפלאָנטערט נאָך אַן אומגלויבלעכערע מעשה, מיט וועלכער זי האָט געוואָלט איבערצייגן לילין, אַז זי זאָגט אמת.

ראָזע האָט זיך אויפגעשטעלט, געגומען גיין אין צווייטן צי-מער, האָט זי דערפילט מיט אַמאָל אַ ריס אין קרייץ און געמיינט, אַז זי פּלאַצט פאַנאַנדער.

— וואָס איז דער מער? — איז חוה אַ צופרידענע, וואָס ס׳האָט זיך איר געמאַכט אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצודרייען פון לילין, צוגעשפרונגען צו ראָזען — האָסט ווייען?

ראָזע האָט ניט געענטפערט. זי האָט אָנגעכאַפּט חוהן פאַר אַ האַנט, זי אָנגעהויבן קנייפּן, געשטאַנען אַזוי אַ צוזאַמענגעדרייטע מיט פאַרביסענע ליפּן ביז דער ווייטאָק האָט נאָכגעלאָזט.

— ס'האָט מיר אַ כאַפּ געטאָן — האָט ראָזע געוויזן אויפן קרייץ — אַז ס'איז נאָך אַן ערגערער ווייטאָק ווי רייסן אַ צאָן!

חוה מיט לילין האָבן געשמייכלט. חוה האָט זי געטרייסט אַז, פאַרקערט, אַזעלכע ווייען באַווייזן אַ גרינג האָבן. מעגלעך, אַז דאָס זענען פּאָרווייען, וואָס מע האָט בײַ אַן ערשטלינג, יעדנפאַלס דאַרף זי זיך היטן און זי האָט ראָזען אַרײַנגעפירט אין צווייטן צימער.

אין צימער זענען געשטאַנען עטלעכע בעטלעך פאַרשטעלט מיט קאָלירטע שפּאַנישע ווענטלעך. פון איין בעטל האָט אַרויסגעקוקט אַ צעשויבערטער, שוואַרצער קאָפּ האָר, זיך אַרומגעקוקט בײַ חוהס אַרײַנקומען און זיך צוריק באַהאַלטן אונטער דער קאָלדרע. פון די בעטלעך, פון די צעוואָרפענע גאַרדעראָבעס, וואָס האָבן געהאָנגען איבער יעדן בעטל, האָט מען לייכט געקאָנט דערקענען די בעלי־בתים פון די בעטלעך. אין צימער האָט געשמעקט מיט שווייצער־קעז, פודער און ווינדלען.

חוה האָט ראָזען אָנגעטאָן אַ קמיע, אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע און זי פאַרזיכערט, אַז מאָרגן אין דער צייט, וועט, אם ירצה־השם, זיין נאָך אַלעם.

חוה האָט זיך אויף גיך גענומען איבערטאָן. זי איז געווען זיכער, אַז דער איינציקער וועג צוריקצוקריגן אייבן, איז אויפצוגעבן דאָס הויז און אַרויסצוטרייבן לילין. דעמאָלט וועט אייב זיך בעטן בײַ איר, זי קושן, טענהן, אַז ער איז זי ניט ווערט. זי איז דאָך אַ מלאך, אַ צדקות, זי האָט דאָך אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער און וואָס ניט? פונדעסטוועגן האָט זי בשום אופן ניט געקאָנט פועלן בײַ זיך אויפצוגעבן דאָס הויז כאָטש אויף אַ טאָג. זי איז אויך זיכער געווען, אַז אייב האַלט נאָר אין איין סטראַשען, קומט אַליין צוריק, פונדעסטוועגן האָט זי יעדעס מאָל געשראָקן, אַז ער קאָן מיט אַן אמת אַוועק און תמיד געגאַנגען אים אויפזוכן.

זי האָט אָנגעפודערט די פלעקן אויף איר פנים, אָנגעטאָן לאָלען אַ לעדערנעם האַלז־באַנד און אים געהאַלטן אויף אַ שטאָלן קייטל. זי

האָט עטלעכע מאָל אַריינגעקוקט אין קיך, געוואָלט זיך אַרויסגנבֿענען, לילי זאָל זי ניט באַמערקן, האָט פּונקט דעמאָלט לילי אויסגעדרייט דעם קאָפּ:

— איר גייט אים שוין איבערבעטן? פֿאָלגט מיך און זיצט זיי שטום!

חוה האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז קיינער פֿרעגט באַ איר קיין עצות ניט, אודאי גייט זי אים איבערבעטן, איר אויף צעפּלאַצעניש, און זיך געכאַפּט פֿאַרן האַרץ:

— איך, אים איבערבעטן? ווי לאַנג קרענקט ער! דאָס גיי איך אויפֿגעבן דאָס הויז! איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל!

זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע, געקלערט וואָס נאָך צו זאָגן, מיט אַמאָל געביטן דעם טאָן און זיך צעשמייכלט:

— כ׳וועל דיך עפּעס בעטן, לילי, אויב דו וועסט זען ס׳האַלט מיט ראָזען אויף אַ דרך, שיק נאָך מיר אַריבער. כ׳וועל מסתמא זיין באַ מײַסעכ גאָלד, דעם באַרבערס ווייב, נו, גוט-באַי!

## 3

אייבֿ האָט אָפּגעמאַכט באַ זיך מער ניט אַהיימצוקומען. מיט אַ צעפּראַלטן ראָק, די הענט אין די הויזן־קעשענעס, איז ער כמעט געלאָפֿן איבערן שמאָלן טראָטואַר, ווו פֿון ביידע זייטן איז אָנגעפאַלן איבער נאַכט אַ טיפֿער שניי. אַלע וואָס זענען אים אַנטקעגן געקומען האָבן אים אויסגעמיטן. פֿון דערווייטנס האָט ער באַמערקט, אַז די שכנה מיט וועלכער ער האָט זיך נאָר וואָס געקריגט, קומט אים אַנטקעגן באַלאָדנט מיט פּעקלעך. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'וואָלט געווען אַ מצוה זי איבערצודרייען אין שניי אַריין. ביידע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַ רגע זיך אָנגעקוקט, ווי העבער, און זיך געקישובט, ווער ווּעמען זאָל אויסמיידן. אייבֿ האָט אַ צי געטאָן דעם קעפּ איבער די אויגן, ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט איר און זיך גענומען לינקס. די שכנה האָט זיך געוואָלט נעמען רעכטס, פֿון שרעק זיך אַ דריי געטאָן לינקס, זיך פֿאַרטשעפּעט אָן אייבס אַקסל און אַריין מיט די פּעקלעך אין שניי אַריין. אייבֿ האָט זיך ניט אומגעקוקט, געהערט הינטער זיך קללות, זיך געשטיקט פֿון געלעבטער און גיכער געשפּאַנט. ער איז געגאַנגען אין סאַלון אַריין, געוווּסט, אַז זיינע חברים קומען דאָרטן נאָר ביינאַכט, גערעכנט אָבער, אַז טאָמער טרעפֿט ער פּאָרט עמעצן. אין סאַלון איז קיינער ניט געווען. ער האָט אויפֿגעגעסן אַ פּאָרציע אויפֿשניט מיט ברויט, פֿאַרטרונקען מיט ביר און איז אַרויס. ער האָט געפֿילט ווי דער כעס גייט איבער און געקלערט ווו צו גיין. אים האָט איצט באַנג געטאָן די גאַנצע חתונה מיט חוהן. נו טאַקע, וואָס האָט ער צו איר? זי אַרבעט דאָך ווי אַ פֿערד, גיט אים אַוועק ביז צו אַ סענט און אַז ער פֿאַרברענגט מיט אַנדערע מאַכט זי זיך אויך ניט זען. ווען ער וואָלט זיך ניט געשעמט פֿאַר לײלין, וואָלט ער געוויס אַרויפֿגעגאַנגען און זי איבערגעבעטן.

אייבֿ האָט זיך איינגעהערט ווי דער שניי סקריפּעט אונטער די

פּיס און געטראַכט וועגן לילין. צווישן די אַלע ווייבלעך און מיידלעך, וואָס זענען דורכגעגאַנגען זיינע הענט, פֿון דער צייט ווען ער האָט נאָך אין וואַרשע „פּרעטענזיעס" געפּרעגט, ביז דעם היינטיקן טאָג, איז קיין איינע פֿון זיי ניט ענלעך געווען צו לילין. לילי מיט אירע ווייסע קליידער, מיט אירע צעפּאַטלטע האָר, מיט איר געלעכטער האָבן אים ניט געלאָזט רוען. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט זיך אייב געפֿילט אומבאַהאָלפֿן קעגן אַ פֿרוי. ער האָט שוין ניט איינמאָל באַשלאָסן זי דורכצוטרייבן, אַבי זיך אַרויסצושלאָגן די מויד פֿון קאָפּ, איז אָבער גענוג געווען, אַז לילי זאָל דורך די שטוב מיט „ח=וה" און אים פֿאַרבייגייענדיק אַ גלעט טאָן, אָדער אַ שפּריץ מיט אַ נאַסער האַנט, אַז אייב זאָל פֿאַרגעסן אָן אַלעם, פֿילן ווי די פּאַדלאָגע שווימט פֿון אונטער אים אַפּיר און נעמען טאַנצן פֿאַר לילין אויף אַלע פֿיר. און ווי אויף להכעיס ווערט זי דעמאָלט קאַפּריזנע, ווי אַ קראַנק קינד, און האַלט אייבן אין איין אַרומשיקן. אייב קריצט מיט די ציינער, ווייל זי פֿרעגן צי זי איז אַנדערש ניט געוווינט פֿון דער היים, און גייט ווו מען שיקט אים. ניט איינמאָל האָט אייב געפֿילט, ווי לילים בויגיקער קערפּער גיט זיך נאָך, געווען זיכער, אַז אָט, אָט איז לילי זיינע — טוט לילי זיך אַ בויג, גליטשט זיך אַרויס און ער בלייבט תּמיד שטיין אַ צעמעקעטער מיט אַ פּאָר צעשפּרייטע הענט.

די מעשה מיטן דאָקטאָר, וואָס חוה האָט אים דערציילט, קומט אים אויפֿן זינען. דאָקטאָר בליקער, אַ גרויער, מיט אַ שווערע אַסטמאַ, ס'גלויבט זיך אים ניט און ער שאַרט אַוועק דעם פֿאַרדאַכט, ווי מע שאַרט אַראָפּ פֿון אַ ווינקל שפּינוועבס. ער טראַכט, אַז מען מוז די מויד האַלטן אויפֿן אויג, איר נאָכגיין אויף טריט און שריט. ער פֿילט, אַז לילי איז שטאַרקער פֿון אים, איז ער אָבער דויערהאַפֿטיקער און מיט דעם געדולד פֿון אַ וואָלף, וואָס מאַטערט פֿיל מאָל אויס אַ שטאַרקערע חיה בלויז מיט דעם, וואָס דער וואָלף גייט נאָך דער חיה אויף טריט און שריט, מיטן זעלבן געדולד האָט אייב געפֿילט, וועט ער לילין אויסמאַטערן און זי וועט זיין זיינע.

— האַלאָ, מיסטער מעק, ווו לויפֿט איר אַזוי פֿרי? — האָט גאָלד, דער ראַזירער, וואָס איז געשטאַנען אין דער שויב פֿון זיין טיר און באַגריסט פֿאַרבייגייענדיקע קונדן, אים אָפּגעשטעלט.

— האַללאָ, האַללאָ! — האָט אייב אַ כאַפּ געטאָן די האַנט צום קעפּ, אים אָפּגעגריסט און געזאָגט וואָס ס'איז אים געקומען אין מויל אַריין — כ'בין געווען — — — כ'דאַרף זיין אין „דראָג־סטאָר".

דער ראַזירער האָט אַ שאָקל געטאָן מיט זיין גרויסן קאָפּ האָר, ווו פון דער לינקער זייט האָט געשטעקט אַ ווייסער קאַם און שטיל געפרעגט:

— וואָס, מיסעס מעק איז עפּעס — — —

— נאָ, מיין פרוי איז אָל־רייט! דער הונט איז מיר עפּעס חולה, זיך צעקלאַפּט אַ לאַפּע — האָט אייב געשמייכלט פון זיין אייגענער המצאה — יעס, איר זענט דאָך עפּעס אַ שטיקל דאָק־טאָר, וואָס טוט מען, אַז אַ הונט קריכן אויס די האָר?

— כ'ווייס — האָט דער ראַזירער זיך אַ קרום געטאָן, ווי ער וואָלט זיך געפילט באַליידיקט וואָס מע פרעגט זיך באַ אים אַ מיטל פאַר אַ הונטס האָר — קיין שאַמפּו דאַרף דער כלב ניט! מע קויפט פאַר אַ פּאָר סענט טערפּענטין און מע שמירט אים אויס, דאָטס־אָל!

לאָלאַ איז פאַרביי מיט אַ בילעריי, דערשמעקט דעם בעל־הבית און זיך אויסגעדרייט. דער הונט האָט זיך געוואָרפן אויף אייבן, זיך געחנדלט, אפנים פאַרגעסן די קלעפּ, וואָס ער האָט ניט לאַנג צוריק אַריינגעכאַפּט. אייב האָט איינגעקוועטשט אַ האַנט מיט שניי, עס אַ וואָרף געטאָן און הנאה געהאַט ווי דער הונט האָט זיך געטראָגן אַ הינקעדיקער. ער האָט זיך אומגעקוקט — עטלעכע טריט פון אים איז געשטאַנען חוה און זיך געשפּילט מיטן הונטס שטאָלענעם קייטעלע. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און זיך צעשמייכלט ברוגזדיקערהייט. אייב איז צוגעגאַנגען צום ווייב, ניט אויסגערעדט קיין וואָרט און שטומע האָבן זיי געשפּרייזט איבערן טראָטואַר. דאָרט ווו פון ביידע זייטן טראָטואַר איז געלעגן שניי, איז חוה געגאַנגען אויף אַ פריער און אייב פון הינטן. ער האָט מאָדנע געשטעלט די פיס, געמאַכט מינעס מיטן פנים ווי אַ יינגל און גע־ווען גליקלעך, וואָס אַלץ האָט זיך אַזוי לייכט און גלאַט געענדיקט. ער האָט אפילו חשק געהאַט אַרומצוכאַפּן ס'ווייב, בעטן זי זאָל

אים מוחל זיין, ער איז אַ משוגענער און אַז ער שרייט, דאַרף זי זיך גאָרניט מאַכן דערפון. ער וועט אָפּשרייען און פּטור! ער האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, באַלד אָן אַלץ פאַרגעסן און געשפּרייזט אין דעם ווייבס טריט, ווי אַ גוט אויפגעלייט ייִנגל.

זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט, געגאַנגען איינער נעבן אַנדערן און יעדער פון זיי האָט געוואַרט דער צווייטער זאָל אָנהויבן רעדן.

— אַז מע דאַרף דיך אַריינגעבן אין אַ משוגעים־הויז, אויף מיין וואָרט — האָט חוה שיער זיך ניט צעוויינט — אַ ליאַדע נאַרישקייט און דו צאַפּסט מיר ס׳בלוט! פאַרוואָס קומט עס מיר? כ׳באַהאַנדל דיך שלעכט, צי וואָס? — — —

— אַז דער הונט — — — האָט אייב גענומען שטאַמלען.

— אַז ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן? — האָט חוה זיך געוווישט די אויגן — וואָס מיר הונט? שוין, ס׳וועט שוין זיין אויס הונט אויך! כ׳האָב נאָר וואָס גערעדט מיטן קוילן־מאַן, ער נעמט אים מאָרגן צו. כ׳וועל זען וואָס ווייטער וועט זיין. ווען דו וואָלסט ניט געווען אַזוי משוגע, וואָלטן מיר דאָך געקאָנט לעבן ווי גראַפן! נו טאַקע, וואָס פעלט אונז? דיר געפעלט ניט די פּרנסה? אָל־רייט! כ׳באַשטיי מיר זאָלן זיך נעמען צו עפּעס אַנדערש. פאַר מיר איז קיין זאַך ניט צו שווער, אַבי עס זאָל ניט זיין קיין גהינום אין שטוב!

— אויף מיין וואָרט — האָט אייב אַרומגענומען ס׳ווייב מיט איין האַנט — פון היינט אָן, חוהשי, קרוין, ווער איך אַן אַנ־דער מענטש! כ׳וועל זיין אָל־רייט, וועסט זען! אַז כ׳בין משוגע! מיינסט כ׳ווייס ניט! כ׳בין דיך אסור ווערט! דו ביסט דאָך אַ מלאך, אַ צדקות, מיין ווייבל! פון היינט אָן ווער איך אַנדערש, ווי כ׳בין אַ ייִד!

אייב האָט אַרומגענומען ס׳ווייב, זי געוואָלט אַ קוש טאָן אין מיטן גאַס, האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט:

— נו, לאָז אָפּ, משוגענער, לאָז אָפּ!

— הער זיך איין, — האָט אייב זי ווידער אַרומגענומען — מיטן הונט, חוהשי, אייל זיך אויך ניט! וועסט שטענדיק קריגן אַ בעלן אויף אים, ס׳איז אַ קלוג הינטל!

אייב האָט אַ פּייף געטאָן, איז לאָלע צוגעשפּרונגען, געדרייט מיטן עק, געלעקט זיין האַנט, חוהס און זיך געלאָזט מיט אַ בילע־ריי אויף אַ פּריער.

— אַ הינטל אין שטוב איז טאַקע היימלעכער — האָט אייב אַריינגערעדט אין ווייב — אַז דו ביסט אַ „פול", אַ הונט געוויינט מע ניט צו שלאָפן אין בעט, ער דאַרף שלאָפן אין קיך! און מע דאַרף אים לערנען: אַ הונט איז אַ קלוג באַשעפעניש, קלוגער פון אַ מענטש, דאַרף מען אים לערנען ער זאָל זיך ניט רייבן אָן קליי־דער און אומעטום איבערלאָזן זיינע האָר. ס'איז, פאַרשטייסטו מיך, אַ ביליקער כלב, קריכן אים אויס די האָר. ווייסט גאָר וואָס? האָסט אפשר באַ דיר אַ פּאָר סענט? קויף איך גלייך טערפּענטין. אַז מע וועט אים אויסוואַשן מיט טערפּענטין, וועלן די האָר אויפ־הערן אויסצופאַלן און ער וועט מער קיין פליי ניט האָבן, זיי פּגרן אויס פון בלויזן גערוך, — פאַרשטייסט?

— כ'האָב מורא וועסט נאָך דעם הונט פאַרברענען — האָט ס'ווייב אים איבערגעהאַקט — וואָס פאַר אַ משוגענער גייט דאָס וואַשן אַ הונט מיט טערפּענטין?

— האָב ניט קיין יסורים — האָט אייב זי גענומען אונטערן אָרעם — ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס כ'רייניק אַ הונט מיט טערפּענטין! דו ווייסט דאָך, אַז באַ מיין טאַטן, צו לענגערע יאָר אונז, איז שטענדיק געווען אַ הונט אין שטוב, פלעגט מען אים איינמאָל אַ חודש געבן אַ „טוש" מיט טערפּענטין, אַז דער כלב האָט זיך גאָר מחיה געווען! נו, האָסט אַ פּאָר סענט?

חוה האָט געוווסט, אַז אייב זאָגט ליגן. זיין פאָטער האָט קיין הונט ניט געהאַט. זי האָט זיך אָבער מער מיט אים ניט גע־וואָלט איינרייסן און אים געגעבן אַ פּאָר סענט.

— וואַרט אַ מינוט — האָט אייב זי אָפּגעשטעלט פאַרבייגיי־ענדיק אָן אַפּטייק און איז אַהינצו אַריין.

חוה האָט געקלערט וועגן לילין. דאָס האַרץ האָט איר גע־זאָגט זי זאָל משלח זיין די מויד און אין דער זעלבער צייט האָט איר ווי געטאָן, דען זי איז געווען זיכער, אַז אויב זי וועט לילין אַוועקשיקן, קריגט זי פון אים קיין סענט ניט.

אייב איז אַרויס מיט אַ פּלעשל טערפּענטין, געבליבן שטיין אַ ווײַלע, זיך געשעמט פאַר לילין אַרויפצוקומען מיטן ווייב אין שטוב אַרײַן און זיך גענומען ציפּן די ראַזירטע גאָמבע:

— ווייסט גאָר וואָס, חוה, אַז מיר זענען שוין יאָ אונטן. לאָמיר ערגעץ צופאָרן.

— וווהין?

— קום, אַז דו גייסט מיט מיר, האָסטו דאָך קיינמאָל קיין חרטה ניט!

— אָל-רײַט, מוז מע דאָך דעם הונט אַרויספירן?

— נו?!

אייב האָט צוגעפירט דאָס ווייב צום הויז, געשוויגן.

— כ׳וועל הײַנט משלח זײַן די מויד! — האָט חוה אָנגעהויבן.

— לילין מיינסטו?

— יעס. זי וועט סיי-ווי-סיי קיין סענט ניט געבן. דאַרפן מיר זי נאָך פאַשן, די קאָבילע?

— דאָס טענה איך דאָך שוין לאַנג! אַז דו פאָלגסט מיך ניט!

— ניטאָ וועער ס׳זאָל לאַכן! — האָט חוה אַ קוק געטאָן אויף אייבן מיט איין אויג, ווי זי וואָלט געזאָגט: „מיר פאַרשטייען זיך, אייבעלע״.

— זע נאָר ווי זי קוקט! דו מיינסט מיט אַן אמת, אַז כ׳בין פאַרליבט אין דער מויד, האַ? ווייז איך דיר באַלד, ווי זי פליט בײַ מיר פון אַלע טרעפּן, ווי כ׳בין אַ ייִד!

— צי דו ביסט פאַרליבט ווייס איך ניט — האָט חוה געצויגן די ווערטער, געוואָלט עפּעס אַרויסקריגן פון מאַן — נאָר אַז דו טשעפּעסט דיך — — —

— אודאי, אַז זי קריכט צו מיר — האָט אייב געמאַכט אַן אומשולדיק פּנים — פון האָלץ בין איך ניט!

— צדיק מײַנער! — האָט חוה געלאַכט און אים געקלאַפּט איבער די פּלייצעס.

— גלויבסט ניט, דאַרף מען ניט! — האָט אייב אַ הויב

געטאָן מיט די אַקסלען, — נאָר מיין נאָמען איז ניט אייב, צי כ'וועל לילין שענקען א סענט!

— וואָס וועסטו באַ איר נעמען, דעם דלות? — האָט חוה געשמייכלט.

— כ'וועל שוין נעמען! פאַרלאָז זיך אויף מיר! ראשית, קריגט זי קיין זאַכן ניט!

— אַ מציאה, דאַרפסט האָבן אירע שמאַטעס!

— און איך זאָג דיר, אַז זי וועט באַצאָלן, וועסט זען! גלייך ווי מיר וועלן צוריקקומען, מאַך איך מיט איר אַ חתונה, אַז די כאָליערע וועט זי נעמען! איך דאַרף ניט אויסצוהאַלטן אַזאַ מויד! זי איז קראַנק צו פאַרדינען?

— אייבעלע — האָט אים חוה ניט געלאָזט ענדיקן — איין זאַך וועל איך דיך בעטן, דו מיש דיך נאָר ניט! כ'וועל שוין מיין שטעטל אַליין אויך באַשטיין!

— מיר זענען דאָך שוין אַריבערגעגאַנגען! — האָט אייב אָפּגעשטעלט ס'ווייב.

— טפוי, טפוי, — האָט חוה אויסגעשפיגן, גענומען גיין אויף אַ פריער און פאַרשוווּנדן מיטן הונט אין פעדער-הויז.

אייב האָט איר נאָכגעשריען:

— זוים דיך ניט!

## 4

— דער דאָקטאָר וועט באַלד זיין פּאַרטיק, בלויז איין פּאַציענט — האָט אַ יונגער ניגער אַריינגעלאָזט לילין, העפלעך געשמייכלט און זיינע געזונטע, ווייסע ציין האָבן אַזש געבלענדט פון ווייסקייט. ער האָט צוגענומען ביי איר דעם העט מיטן מאַנטל און זיי אויגן האָבן זיך ביי אים אַ צינד געטאָן מיטן אָפּגלאַנץ פון אַ גוט אָפּגעפּוצטן שטיוול.

לילי איז אַריין אין זאַל. זי האָט איבערגעשטעלט די בלומען, גלייך געמאַכט די פּאָרטיערן, ווי זי וואָלט געווען די מאַדאַם פון הויז, און מיט אַ ברייטקייט זיך אַריינגעזעצט אין אַ וויג־שטול. זי איז ניט איינגעזעסן. צום הונדערטן מאָל האָט זי באַטראַכט יעדעס שטיקל מעבל, יעדעס בילד, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט און זיך אָפּט אַזוי פאַרגעסן, אַז זי האָט אפילו ניט איינמאָל אָפּגעמאַכט וואָס פאַר אַ זאַכן זי זאָל אַרויסוואַרפן, וואָס זי זאָל צוקויפן.

— האַלאָ, לילי — איז דער דאָקטאָר, אַ גרויער, אַ נידעריקער מיט פולע רויטלעכע באַקן, אַריין מיט דראָבנע טריט, מיטברענגענדיק אַ לייכטן ריח פון יאָדאָפאָרם. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן זאַל, אַריינגעמאַכט איין האַנט אין דער הויזן־קעשענע און אָפּגעהוסט — ווי פילסטו?

— בעסער.

— גוט!

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, אויסגעשטעקט דעם ווייז־פינגער, וואָס איז תּמיד געווען אויסגעשמירט מיט יאָד, צום אויג־לעפל, עס ניט אָנגערירט און זיך איינגעבויגן ווי אַ קורצזיכטיקער.

— אָל־רייט! — האָט דער דאָקטאָר זיך אויסגעגלייכט, געגלעט לילין איבערן ווייסן, גלאַטן האַלז, ווי מען גלעט אַ שיינע קאָבילע, און פון דער זייט זי אַ פרעג געטאָן — דו איילסט זיך?

— נאָ.

— טאָ קום. מיר וועלן פריער טרינקען אַגלאָז טיי.

זיי זענען אריין אין עס-צימער. צוויי גלעזער טיי, קלאָר און דורכזיכטיק, ווי רויטער וויין, זענען שוין געשטאַנען אויפן טיש, גרויסע, רויטע עפּל מיט בלאַסע פלעקן, ווי געמאָלענע, זע- נען געלעגן אין אַ געפלאָכטענעם קאָש פון שוואַרצע רויר-שטע- קעלעך.

דער דאָקטאָר האָט אַ בויג געטאָן דעם קאָש און עפּל האָבן זיך גענומען קייקלען איבערן טיש, אַלע אַזעלכע פרישע, גלאַנציקע, אָן אַ פגימה, אַז פון צופיל שיינקייט האָבן זיי פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט צו זיך.

— עס — האָט ער צו לילין צוגעקייקלט אַן עפּל און אַליין איז ער געזעסן, ווי ער וואָלט ניט געווען אויפגעלייגט, הויך געטרונקען די טיי מיט די ליפּן און מיט דער צונג, געבראָכן דעם צוקער צווישן די פינגער מיט ניט קיין אָנגענעמען קנאַק.

לילי האָט באַמערקט, אַז מיטן דאָקטאָר איז עפּעס און זיך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דער מער, דאָקטאָר?

— וואָס? — האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער, ווי ער וואָלט ניט געכאַפּט וואָס זי זאָגט.

— כ'זאָג, איר זענט עפּעס היינט ניט מיט אַלעמען.

— ס'איז אַ מיאוסע וועלט! אַ מיאוסע וועלט! — האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן: זיך פאַרקוקט ווי לילי בייסט איין מיט אירע ווייסע ציין אַ רויטן עפּל, גיסט זיך אָפּ מיט זאַפט, און אַנט- שוויגן געוואָרן.

— וואָס איז, דאָקטאָר? — האָט זי זיך געבעטן.

— כ'האָב איצט געהאַט אַ פּאַציענטקע — האָט ער אָנגע- הויבן גיך — אַ יונג מיידל, נאָך אַ קינד, שפּילט ערגעץ אין אַ וואָדעוויל און דאָס איז שוין אָנגעשטעקט; און אַז כ'האָב איר געזאָגט, האָט זי זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוויינט, אַזוי אומבאַהאָלפן, די שמאָלע קינדערשע פּלייצעס האָבן אַזוי געציטערט, אַז ס'האָט מיך אינגאַנצן צענומען!

ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן, עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען איבערן זאַל, זיך אָפּגעשטעלט בײַ לילין און מיט אַ פויסט זיך געקלאַפּט אין אַ צעעפנטער האַנט:

— ס'איז אַ פאַקט, אַז אַלע קאַבאַרעט-מיידלעך, וואָדעוויל-מיידלעך, כ'רעד שוין ניט פון יענע — — — מוזן זיך סוף-כל-סוף אָנשטעקן! ווי לאַנג ביסט געזונט, קאָנסט באַפרידיקן מענער — האַלט מען דיך, ווי דו ווערסט נאָר קראַנק, איז דער וועג גלייך אויף דער באַוועריִ, ווו טויזנטער מיידלעך ווערן יעדעס יאָר פאַרפוילט און קיינעם אַרט עס צומאָל ניט!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, מיט עטלעכע זופּ אויסגעטרונקען די טיי, אַ רוק געטאָן פון זיך דאָס גלאָז, ווי ס'וואָלט אים געשטערט און פאָרטגעזעצט:

— גיי אַרויס אַ פאַרנאַכט אויף דער באַוועריִ, צי אין דעם פאַרק, וואָס איז צווישן די פערצן און זעכצנטן סטריט, וועסטו זען פאַרעלטערטע פרויען אָן נעז, אָן באַקן, פּליכעוואַטע קעפּ, און זעלטן ווען איינע פון זיי איז עלטער ווי דרייסיק יאָר! ניט איינמאָל זעסטו ווי אַ רויטע ווונד, ווו ס'איז שווער צו זאָגן ווו די נאָז, ווו ס'מויל איז געווען, וויל אַ שמייכל טאָן און ס'קומט אַרויס אַ פאַרוויינטער געגעץ: פאַרראָפּעטע לעכער, ווו אויגן זענען אַמאָל געזעסן, געשרייצט מענער, גיסן איצט טרערן! און דאָס זעסטו אויף טריט און שריט! אין פאַרק זיצן זיי שורות-ווייז, זיצן מיט צעפוילטע מענער און ווען ניט די קליידער, וואָלט שווער געווען אונטערצושיידן צווישן מאַן און פרוי און זיי אַלע זעען אויס, ווי עפּעס אַן אויסטערלישע באַשעפעניש, דער גאָט פון זינד האָט זיי אַלעמען אַריינגעכאַפּט אין מויל, זיי אַרומגעביסן, אַרומגעגריזשעט און אויסגעשפּיגן אין רינשטאָק אַריין! און קיינעם אַרט ניט! מאַמעס נעמען ניט זייערע טעכטער אין די פאַרקן, ווו די אויסגעשפּיגענע זיצן און זאָגן ניט: — טעכטער, איר זעט? אָט די אַלע מיידלעך, וואָס זיצן דאָ, האָבן געלעבט רעשיקער פון אייך. זיי האָבן ניט געהאַט די אַלע שטערונגען, האַרץ-קלאַפּעניש, שלאָפלאָזע נעכט: זיי זענען ניט דורכגעגאַנגען אַלע טויערן פון גיהנום, ביז מע קומט צו דעם, צו וואָס ליבע צילט. זיי האָבן אָנגעהויבן

מיטן ציל. נו, טעכטער, וואָס קרומט איר זיך? די לופט איז דאָ שלעכט? האַ, האַ, האַ?

ער איז אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן, געקוקט אויף לילין, וואָס איז געזעסן, ווי אַ שולדיקע, און געענדיקט:

— כ׳פאַרזיכער אייך, לילי, ווען אונזער לעבן וואָלט געווען אַנדערש איינגעאָרדנט, וואָלט דער גאָט פון זינד ניט געהאַט קיין שליטה איבער אונזערע טעכטער, זיי ניט אויסגעשפּיגן אין די רינשטאָקן און די מאַמעס וואָלטן ניט געדאַרפט גיין מיט די טעכטער אין די פאַרקן און זיי ווייזן די טראַגעדיע פון וואָדעוויל!

לילי האָט ניט געוווסט צו וואָס דער דאָקטאָר צילט, פיל פון זיינע רייד ניט פאַרשטאַנען, בלויז געכאַפּט, אַז ער וויל זי אָפּרעדן ניט צוריקצוגיין אין קאַבאַרעט. זיינע רייד, דער טאָן, אַלץ האָט אַזוי געווירקט אויף איר, אַז זי האָט אָנגעהויבן אַליין זיך צו שרעקן. ווער ווייס, טאָמער איז זי אויך אָנגעשטעקט? זי געדענקט דען די צאָל פון מענער, מיט וועלכע זי האָט געהאַט צו טאָן? טרערן האָבן זי געשטיקט, זיך שוין מער ניט איינגעהערט, וואָס דער דאָקטאָר רעדט און די אַקסלען האָבן בײַ איר אָנגעהויבן צו ציטערן.

דער דאָקטאָר האָט זי באַרויִקט, זי געגלעט איבערן קאָפּ, איבערן האַלז און ס׳איז איר געוואָרן גרינגער. זי האָט צוריק באַקומען די רויִקייט פון אַ קינד, וואָס אפילו אין גרעסטער געפאַר, ווען עס בלייבט נאָר מיטן פאָטער, איז עס רויִק, גלויבט אַז אַ שטאַרקערער פון זיין פאָטער איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט. אַזוי האָט אויך לילי געגלויבט, אַז ווי לאַנג זי איז מיטן דאָקטאָר קאָן זיך צו איר קיין זאַך ניט צוקלעפּן.

— איר ווייסט? — האָט דער דאָקטאָר אַ שמייכל געטאָן — פרויען דאַרפן חתונה האָבן! ניטאָ קיין שענערע זאַך ווי דאָס פאַרהייראַטע לעבן!

— שוין גאָר ניט אַזוי שיין — האָט זיך לילי אָנגערופן — איך קען פאַרהייראַטע, וואָס רייסן זיך אַרום ווי די הינט!

— אַלץ בעסער ווי צו פאַרזיצן! — איז דער דאָקטאָר געוואָרן אויפגערוימטער — איר זאָגט אַנדערע רייסן זיך אַרום? פאַרזיכער

איך אייך, אַז מיר קאָנען צומאָל קיין אַנונג ניט האָבן, ווי גרויס
זייער פרייד איז, ווען זיי בעטן זיך איבער! אפילו אַ מערדער
ווערט אַ שענערער מענטש, ווען ער זעט ווי זיין ווייב זויגט
זיינס אַ קינד! כ׳האָב ערגעץ געלייענט, כ׳געדענק ניט וווּ, ווי
אַ מערדער האָט זיך מודה געווען, אַז פיל מאָל ווען ער האָט גע-
האַלטן ביים ערמאָרדן אַ פרוי, איז אים מיט אַמאָל אויפן זינען
געקומען דאָס ווייב, ווי זי זיצט אויפן פּאָרענטש פון בעט, זויגט
זיין קינד, אַ פיצעלע, מיט פולע הענטלעך, פיסלעך, גראַבלט מיט
די ווייסע פינגערלעך דער מאַמען ביי דער ברוסט, קוקט מיט די
אויגן אויפן טאַטן, און יעדעס מאָל ווען דאָס בילד איז אים גע-
קומען פאַר די אויגן, האָט ער קיין האַרץ ניט געהאַט אויפצוהויבן
אַ האַנט אויף זיין קרבן און תמיד אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרניט!
איר דאַרפט מער — נעמט אונזער דזשעניטאָר, אַ שיכור, טוט
גאָר ניט, ס׳ווייב מוז אים נאָך געבן צו עסן. וואָס די יידענע
צעאַרבעט! האָט נאָך יעדע ניין חדשים אַ קינד און יעדעס מאָל,
ווען דער מאַן קומט אַהיים אַ שיכור, שלאָגט ער זי מכות רצח!
ווען ניט די שכנים וואָלט ער זי שוין לאַנג דערהרגעט! די שכנים
האָבן ניט געקאָנט צוזען ווי די יידענע ליידט, האָבן זיי זי איינ-
מאָל איבערגערעדט און זי האָט איינגעגעבן אויף אים אין געריכט.
מיינט איר דאָך, אַז זי האָט געדאַרפט זיין צופרידן? סיי-ווי-סיי
ברענגט ער ניט אַריין קיין סענט אין שטוב, פּאַרטרינקט אפילו
אירע שיך, שלאָגט צום טויט. הויבט זיך ניט אָן! זי האָט גע-
שווירן פאַרן ריכטער, אַז זיי לעבן גליקלעך, זי איז בײַ אים
אַ פרינצעסין, ער היטט אָפּ דאָס אָרט וווּ זי שטייט, אַז קיין בע-
סערער מאַן קאָן ניט זיין! „טאָ צו וואָס האָט איר איינגעגעבן
אויף אים אין געריכט?“ — האָט דער ריכטער זי געפרעגט. אַז
ניט זי, דאָס האָבן די שכנים איינגעגעבן, זי האָט שלעכטע שכנים,
ווילן מאַכן אַ שלעכט לעבן צווישן איר און מאַן. „ווער זשע האָט
אייך געמאַכט אַ בלוי, פאַרלאָפן אויג, ווי אַ לאַמטערנע?“ — האָט
דער ריכטער ווידער געפרעגט. אסור ניט דער מאַן! ווען דער מאַן
צעשלאָגט זי אַזוי, וואָלט זי מיט אים ניט געוווינט! דאָס איז זי
געפאַלן, געגאַנגען אַרויסנעמען אין דער פינסטער די באָרלעס-מיסט...

דער דאָקטאָר האָט זיך אויפגעשטעלט:

— איצט זעט איר, אַז דאָס פאַרהייראַטע לעבן גיט עפּעס מענטשן אַזוינס, וואָס קלעפּ און צרות זענען קעגן דעם גאָר ניט?

לילי איז שוין צוריק געווען גוט אויפגעלייגט, געלאַכט, אַז די שויבן האָבן געציטערט. זי האָט געפילט, אַז ווען דער דאָקטאָר האָט מיט איר חתונה וואָלט זי געווען די גליקלעכסטע.

— פאָלג מיך, לילי, און האָב חתונה — האָט דער דאָקטאָר געשמייכלט.

— אויב דער, וועמען כ'האָב ליב, וואָלט געוואָלט — — — האָט לילי זיך פאַררויטלט.

— וועמען האָסטו ליב?

— דער דאָקטאָר ווייס — האָט לילי אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געצופּט די פראַנדזן פון טישטוך.

עס האָט אים הנאה געטאָן. ער האָט עטלעכע מאָל דורכגעפירט זיין האַנט איבער אירע האָר, איבערן האַלז, גאָרניט געענטפערט און אַמאַך געטאָן צו איר מיט דער האַנט. זי איז אים נאָכגעגאַנגען אין קאַבינעט אַריין.

דער דאָקטאָר האָט זי אַוועקגעזעצט אויפן רעווידיר-בעטל, פאַרבויגן די לעפּלעך פון אירע אויגן און זיי לייכט אָנגעריבן מיט אַ קאָלירט שטיינדל. די אויגן האָבן זיך איר פאַרגאָסן מיט טרערן, ניט געקאָנט זיי עפענען, בלויז געפילט ווי דער דאָקטאָר ווישט איר די לעפּלעך מיט אַ פּליסיקייט, און הויבט איר אָן צו עקזאַמינירן דאָס האַרץ. לילי האָט זיך ניט וויסן געמאַכט, געווען זיכער, אַז וואָס דער דאָקטאָר טוט, דאַרף אַזוי זיין. זי האָט זיך איצט געכאַפּט, ווען ער האָט אָנגעהויבן איר צו עקזאַמינירן די פיס און ניט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ שייכות די אויגן-לעפּלעך האָבן צו די פיס.

— דאָקטאָר, ס'איז עפּעס דערמער מיט מיינע פיס?

— יעס, יעס — האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן סאָפּען, ווי די אַסטמאַ וואָלט אים געשטיקט.

זי האָט באַמערקט, ווי ער איז אינגאַנצן אין פיבער, דער-

קענט אין די אויגן דאָס זעלבע שמאַלציקע פּייערל, וואָס זי האָט אָפּט געזען בײַ אַלטע בעלי־עברות אין קאַבאַרעט. ס׳האָט זי אויפגעשווידערט. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זײַנע נאַסע ליפּן, און זיך געכאַפּט, אַז אירע פיס זענען צוגעפּאַסקעט צום רעוווידיר־בעטל.

לילי האָט זיך אָנגעהויבן בעטן בײַ אים, אים געקושט די הענט, געזען, אַז דער אַלטער לאָזט זי ניט אָפּ, האָט זי זיך וואָס כּח נאָך אַ ריס געטאָן, געפילט ווי די פּאַסקעס לאָזן נאָך און מיט אַזאַ אימפּעט אַראָפּ פון בעטל, אַז דער דאָקטאָר איז אומגעפאַלן. זי האָט זיך געוואָלט וואַרפן אויף אים, זיך צוריקגעהאַלטן און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

דער דאָקטאָר האָט זיך גיך אויפגעהויבן, אַ פאַרלוירענער זיך געדרייט אַרום לילין און געשטאַמלט:

— אַז כ׳ווייס ניט — — — כ׳ווייס פון גאַרניט — — — אַן אָנשיקעניש — — — אויף מײַן וואָרט, אַן אָנשיקעניש! — — —

מען האָט געהערט אַ קלונג. דער דאָקטאָר האָט זי גענומען בארויִקן, מורא געהאַט זי זאָל אים דאָ ניט אָפּשפּילן אַ חתונה, ניט געוואָלט דער ביגער זאָל הערן, אַז לילי וויינט. לילי איז געזעסן מיטן פּנים אין די הענט, זיך דערמאָנט, אַז אין קאַבאַרעט זענען אַלטע לייט פּונקט אַזוי צו איר געקראָכן, פיל מאָל נאָך געשלאָגן און זי האָט זיך נאָך העכער פאַנאַנדערגעוויינט. עס וואָלט זי ניט אַזוי געאַרט ווען דאָס פּאַסירט מיט אַ צווייטן, זי איז געווינט געווען צו דעם, נאָר דער דאָקטאָר, ער, וואָס האָט איצט אַזוי גערעדט...

ס׳האַרץ האָט איר געבלוטיקט. זי האָט געפילט, אַז אַלע מענער זענען גלייך, אַלע האָבן איין ציל אין לעבן — צו פאַראומגליקלעכן פרויען.

זי האָט אָפּגעשטופּט פון זיך דעם דאָקטאָר, וואָס האָט ניט אויפ־געהערט זי צו טרייסטן, געכאַפּט דעם מאַנטל מיטן הוט, געקוקט ווי ער איז איר נאָכגעגאַנגען, געשטאַנען אַ פאַרלוירענער, ווי אַן אַלטער אויס־געקראָכענער קאָטער, ווען די קעץ מײַדן אויס, און זי האָט אים אַ שפּריץ געטאָן אין פּנים אַרײַן:

— טכויער!

אויף דער גאַס האָט זיך לילי ניט באַרויִקט. אַ פאַרדרוס ביז צו ווייטאָק, פאַרוואָס איר חלום האָט זיך אַזוי מיאוס געענדיקט, האָט זי

אינגאַנצן דורכגענומען. זי איז גרייט געווען אין דער [illegible] אַריינצו=
גיין אין אַ שאַנד=הויז, אויב זי וואָלט דערמיט דעם דאָקטאָר געקאָנט
ווײי טאָן. דער אַלטער האַס, וואָס ליגט פאַרבאָרגן באַ אַ פּראָסטן צי
אַ געבילדעטן, האָט זיך איצט פאַנאַנדערגעשפּילט באַ איר. זי האָט גע=
שלונגען די הייסע טרערן, געביסן די ליפּן ביז צו בלוט, געטראַכט ווי
ר׳נאָך נקמה צו נעמען פון אים און בשעת=מעשה געפילט, אַז זי איז
אָנמעכטיק, הילפלאָז, אַז אויב זי וועט חוהן די טעג ניט באַצאָלן, ווע
זי זי אַרויסשטעלן אויף דער גאַס, געפילט, אַז דער גאָט פון זינד האַל
זי שוין אויך, וועט זי אַרומגרידשען און אויסשפּייען ווי פּויזנטער אַנ=
דערע אין רינשטאָק אַריין.

## 5

פאַרנאַכט האָט ראָזע גענומען שטאַרקער קרעכצן. צום ערשט אָפּגעהאַקט, ווי די ווייען וואָלטן זי מיט אַמאָל באַפאַלן, באַלד נאָכגעלאָזט, האָט דאָס קרעכצן זיך איבערגעריסן, געבליבן ערגעץ שטעקן און פון איין קרעכץ צום צווייטן איז אין די אויערן לאַנג געשטאַנען עפּעס שפּיציקס און שטעכעדיקס.

יעדעס מאָל, ווען די אויגן בײַ ראָזען האָבן זיך אַ שטעל אַוועקגעטאָן, געוואָרן גרעסער, זיך געשפּאַרט פון קאָפּ אַרויס און פון ברייט צעעפנטן מויל האָט זיך געריסן אַ טעמפּ געשריי, האָט לילי זיך אָפּגעגאָסן מיט טרערן און זיך געבעטן בײַ איר זי זאָל זי אָפּלאָזן, וועט זי גיין אויפזוכן חוהן.

ראָזע האָט קיינעם ניט צוגעלאָזן צו זיך, זיך געהאַלטן אָן ליליס אָרעמס, ווי מיט צוואַנגען, אַז בלויע, דיקע אָדערן האָבן זיך אַזש אָנגעצויגן אויף אירע פאַרמאַכטע הענט. דער פיזישער ווייטאָק איז געווען אַזוי גרויס, אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, האָט זיך בײַ איר אין מח אויסגעאַרבעט, אַז נאָר פיזיש-געזונטע קאָנען איבערטראָגן די יסורים און זיך געפילט לייכטער ווען לילי, די גרויסע, געזונטע לילי, זיצט נעבן איר.

ווילי איז אַריין אין שטוב אַ פאַרסאָפּעטער:

— זיי גייען!

אינסטינקטיוו האָט ער זיך געשעמט צו בלייבן אין דעם צימער, וווּ ראָזע איז געלעגן, אַריין אין אַ צווייטן און זיך געטראַכט — ווען מע קאָן אויסבויערן אין דער וואַנט אַ לאָך — — — אַי, וואָלט ער געוואָלט זען ווי מע וועט ראָזען אויפשניידן דעם בויך און אַרויסנעמען אַ קינד!

לילי איז זיי אַנטקעגן געגאַנגען.

— נו, וואָס הערט זיך? וואָס מאַכט ראָזע? קרעכצט טאַקע? — האָט חוה אַ צופרידענע גיך געפרעגט, ווי זי וואָלט עטלעכע טעג ניט

געווען אין שטוב און די אויגן האָבן זיך באַ איר צעשפּילט, גערעדט אויף זייער לשון: „כ'האָב אים אהיימגעבראַכט, דיר אויף צו פּלאַצעניש! ס'קרענקט דיך, האַ?"

לילי האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, קוקנדיק אויפן פּערל, אַרויסגעפּלאַצט מיט אַזאַ געלעכטער, אַז טרערן זענען איר אַזש געקומען אין די אויגן און אין דער זעלבער רגע זיך דערמאָנט, אַז דער דאָקטאָר האָט זי באַליידיקט, אַז ראָזע גייט שווער צו קינד, האָבן די טרערן זיך באַ איר אויף ס'ניי אַ גאָס געטאָן מיט אַ באַהאַלטענעם געוויין.

— אַ שמחה אויף איר קאָפּ! — האָט חוה געכאַפּט די הענט פּאָדבאָקעס און געזוכט מיט די אויגן דעם מאַן — ווו איז ער אַהינגע־קומען? אייב, קום נאָר אַהער!

אייב האָט זיך געשעמט פּאַר לילין, געלאָפן פון איין צימער אין צווייטן. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם ראָק, כלומרשט געווען באַשעפ־טיקט, ווי ער וואָלט געדאַרפט פּאַרטיק מאַכן אַ שטיקל אַרבעט צו דער צייט.

— וואָס איז? וואָס דאַרפסטו מיך? — איז ער אַריין אַ צעטראָ־גענער, ווי די אַרבעט וואָלט געבערענט אונטער זיינע הענט.

— וואָס ביסטו מיט אַמאָל געוואָרן „ביזי"? האָסט דאָך געזאָלט רעדן מיט דער מויד? צו קריגן זיך מיט מיר ביסטו אַ געוואַלדיקער בריה!

— פּאַרדרייט אייך אייערע קעפּ! — האָט אייב גענומען אַוועק־גיין — זי האָט פּרעטענסיעס צו מיר! האָסט דאָך מיר זיך ניט געהייסן מישן — מיש איך זיך ניט! כ'לאָז דיר איבער ס'פּאַרגעניגן — קריג זיך!

חוה איז געוואָרן בלייך. זי האָט אייבן גענומען נאָכקרומען מיט די הענט, מיט די פיס, געוואָרפן מיטן גאַנצן קערפּער, ווי אַ פּאַפּירענער מענטש, ווען מען ציט אים פּאַר אַ שטריקל.

— מוחל, מוחל! — האָט זי אים נאָכגעשריען — הינטער דער טיר ביסטו אַ בריה! אייבעלע, מיר ווייסן! כ'וועל מיט גאָטס הילף פון אייך ביידע פּטור ווערן!

חוה האָט זיך אָנגעטאָן אַ ווייסע שירץ, אַרויפגעצויגן אויף די

הענט ווייסע אַרבל און ווי אַ היימישע אַקושערקע איז זי אַריין צו ראָזען. זי האָט זי רעוווידירט און גלייכגילטיק אַ שאָקל געטאָן צו לילין מיטן קאָפּ:

— דערווייל נאָך גאָרנישט. ס'קינד האָט זיך נאָך ניט אפּגעריסן.

די גרויסע לילי מיטן דורכזיכטיקן פּנים האָט אויסגעזען אַזוי אומבאַהאָלפן, ווי זי וואָלט שולדיק געווען, וואָס ס'קינד האָט זיך נאָך ניט אָפּגעריסן, וואָס ראָזע ליגט אין דרייען אַן איינגעקורטשעטע, שרייט פון ווייטאָק און זי, לילי, איז אַזוי גרויס און געזונט — איז לילין דאָס אייגענע געזונטקייט מיט אַמאָל דערווידער געוואָרן.

זי האָט זיך כמעט ניט איינגעהערט, ווי חוה האָט זיך באַקלאָגט פאַר איר, אָפּגערעדט דאָס האַרץ און געטראַכט, אַז ראָזע וועט גיין שווער צו קינד, אַז מען דאַרף רופן אַ דאָקטאָר. זי, לילי, איז צוויי מאָל אזוי גרויס ווי ראָזע און אַז זי האָט געקראָגן ווייען, האָט מען געמוזט אָנבינדן איבערן בעט אַ שטעקן, וווּ זי האָט זיך יעדעס מאָל אָנגעכאַפּט, ווי לאַנג די ווייען האָבן געהאַלטן.

די ווייען זענען געוואָרן אַזוי אָפט, אַז די געשרייען האָבן אָנגעפילט דאָס צימער, געשטאַנען פאַר די אויגן ווי אַ פאַרע.

ראָזע האָט שוין געהאַט פאַרגעסן ווען די ווייען האָבן זיך אָנגעהויבן, געדענקט בלויז, אַז ס'איז געווען טאָג, גרויסער טאָג, דערנאָך איז געוואָרן טונקל, טונקעלער, איצט איז שוין נאַכט. זי איז געווען זיכער, אַז די ווייען וועלן קיינמאָל ניט אויפהערן, ניט געהאַט קיין כּוח מער איבערצוטראָגן די יסורים און אַלץ אין איר האָט געוואָלט שטאַרבן. זי האָט מיט אַמאָל פאַרוואָרפן די הענט, גענומען רייסן די אייזנס פון בעט. די אויגן פאַרלאָפענע מיט בלוט, זענען געשטאַנען, ווי אַריינגעזעצטע, און זי האָט געשריען טעמפּ און לאַנג, ווי אַ קו ווען זי קעלבט זיך. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן, געבליבן ליגן אויף די שפּיץ פיס, אויפן קאָפּ, דער בויך אַרויס, ווי אַ פאַראַבאָלאַ און געפילט, אַז עס שניידט איר אין די לידקעס ווי מיט מעסערס. דער ווייטאָק איז געווען אַזוי גרויס, זיך געצויגן אַזוי לאַנג, זי איינגעקרעמפּט, ווי מיט אייזערנע רייפן, האָט זי פון צופיל ווייטאָק אויפגעהערט שרייען, געלעגן מיט פאַרקוועטשטע ליפּן, פאַרמאַכטע אויגן און קלאָר געטראַכט, אַז אַזאַ ווייטאָק האָט נאָר די, באַ וועמען מען נעמט אין אַ שפּיטאָל אַראָפּ ביידע פיס.

לילי האָט געפילט קאַלטע שלענגלעך איבערן לייב, ווי צווישן די ציין וואָלטן זאַמדלעך געקנאַקט. זי האָט זיך געטוליעט צו חוהן און שטיל געזאָגט:

— כ׳האָב מורא פאַר ראָזען...

— וואָס מיינסטו?

— כ׳מיין, ז׳ גייט שווער צו קינד.

— ניט קיין ראיה — האָט חוה זי באַרויִקט — כ׳האָב שוין גע־האַט קימפעטאָרנס, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? נו, קינדער! פּערצניע־ריקע — — — קלענערע פאַר ראָזען און זיי האָבן גרינג געהאַט! און ס׳טרעפט זיך אַ גרויסע, געזונטע מויד, אַ פאַרשוין — — — מע דאַרף ווייט זוכן? דו אַליין! אַלע מיינע שונאים ווינטש איך אַזאַ האָבן, ווי דו האָסט געהאַט! נאָר ווי ס׳זאָל ניט זיין דאַרף יעדע קימפעטאָרן רחמים — — —

— איר וועט דאָך מיר ניט גלויבן, חוה — האָט לילי שטיל גע־רעדט — נאָר מיר זאָלן ביידע אַזוי לעבן, ווי כ׳האָב געוווסט, ס׳האַרץ איז אַ מסור — — — ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום מאַ־מע געדאַכט — — —

— ס׳קינד מיינסטו?

— יעס, — האָט לילי זיך געווישט די אויגן — די זעלבע וואָך, ווען כ׳בין געלעגן געוואָרן, איז מיין מאַמע מיר עטלעכע מאָל צו חלום געקומען מיט אַ טויט קינד אויף דער האַנט. — — —

— גלויב מיר, לילי — האָט חוה אָפּגעזיפצט — מען טאָר דאָך ניט זינדיקן, נאָר גלייכער וואָס ס׳קינד לעבט ניט!

— איר זענט אפשר גערעכט — האָט לילי געוויינט — כ׳האָב דאָך אַליין געבעטן ס׳זאָל געבוירן ווערן אַ טויטס, נאָר גלויבט מיר, חוהשי, אַז כ׳האָב דערזען, אַז דאָס קינד לעבט ניט, האָב איך דערפילט אַזאַ ווייטאָק, ווי כ׳וואָלט געגאַנגען האָבן נאָך איינס!

— ווי דען, אַ מאַמע איז גאָר עפּעס אַנדערש! — האָט חוה גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

— ס׳וואָלט דאָך שוין היינט אַלט געווען צוויי חדשים — האָט לילי אָפּגעזיפצט און פאַרשטעלט ס׳פּנים מיט די הענט.

— אַז דו ווייסט נאָך אַזאַ נפלע, וואָס דאַרף איך טאָן? — האָט

חוה זי געטרייסט און פֿאַרלייגט איין האַנט אויף דער צווייטער — ניט היינט געדאַכט, ניט אויף אַלע וויסטע וועלדער געדאַכט, האָב איך אַוועקגעשיקט אַ יונג פֿון פֿינף יאָר, וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אַ חכם געווען! זיין חכמה איז ניט געווען צו באַשרייבן! און גאָר ניט! ס'איז נאָך דאָ כּוח אַ שטיף צו טאָן אויף! זיך נעמען אַלץ צום האַרצן, איז דאָך אויס וועלט!

— כ'האָב גאָר ניט געוווּסט — האָט לילי זיך געוווּנדערט — אַז איר האָט געהאַט מיט אייבן אַ קינד.

— ווי דו קוקסט מיך אָן, האָב איך שוין געהאַט ניט איין פּעקל צרות! — האָט חוה אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט ניט געוואָלט רעדן דערפֿון.

ראָזע האָט זיך צעשריען ניט מיט קיין מענטשיש קול.

— אודאי זיך אָפּגעריסן — האָט חוה זיך איבערגעבויגן איבער ראָזען.

— מען וועט מוזן שיקן נאָכן דאָקטאָר — האָט זי שטיל געזאָגט צו לילין — ס'קינד גייט מיט די פּיסלעך.

לילי האָט געוואָלט זאָגן מען זאָל שיקן נאָך אַ צווייטן, געזען ווי ראָזע האָט שוין קיין כּוח ניט צו יענטשען פֿון יסורים, האָט זי פֿאַרגעסן אָן זיך, געפֿילט, אַז ווען מען שיקט זי איצט, וואָלט זי אַליין געגאַנגען אים רופֿן.

— ער קומט גלייך! — איז חוה אַריינגעקומען פֿון פֿעדערהויז, ווו זי האָט טעלעפֿאָנירט.

דאָס קינד, וואָס איז די גאַנצע צייט געשלאָפֿן, האָט זיך צעוויינט.

לילי האָט אויפגעזוכט אין וויגל אַ קאַלט פֿלעשל מילך און עס אַריינגעשטעקט דעם קינד אין מויל. דאָס קינד האָט עטלעכע צי געטאָן, עס אַרויסגעלאָזט פֿון מויל, זיך פֿאַרגאַנגען נאָך העכער.

— אַ פֿריש אָנשיקעניש איבער מיין קאָפּ — האָט חוה געוויזן אויפֿן קינד — מען וועט אים דאַרפֿן איינשלעפֿן, אַז ניט וועט ער מיר דאָ אַזוי אָפּזינגען אַ גאַנצע נאַכט! העי, ווילי, ווו ביסטו? קום נאָר אַהער! נאַ, וואַרעם אָן דעם קינד די „באָטל“, גיכער! אוי ווו איז דער „פּאַ?“

— ער שלאָפֿט.

— נו, גיי, שטיי ניט! — און זי האָט זיך געווענדעט צו לילין — זע, טו מיר אַ טובה, לילישי קרוין, כ׳וועל דיר שוין אַמאָל אָפּדינען! זיי אַזוי גוט און באָד אָפּ ס׳קינד אין דעם קליינעם וואַנעלע, נאָר זע, מאַך עס ניט צו הייס! שיט אַריין אַ האַנט פול מאָן, שטייט אין „אייז-באָקס״. נאָך אַזאַ באָד וועט ער שלאָפן ווי אין אַ הינער-פּלעט, וועסט זען?

— ס׳זאָל אינגאַנצן ניט איינשלאָפן נאָך אַזאַ באָד — האָט לילי געשמייכלט.

— דער טייפל וועט אים ניט נעמען!

אין דער טיר איז געשטאַנען אייב אָן אַ ראָק, זיך געצויגן און געגענעצט:

— אַן אויג לאָזן זיי ניט צומאַכן — האָט אייב זיך געהאַלטן אין איין ציען — כ׳האָב זיך אַביסל צוגעשפּאַרט, איז, ווי אויף צו להכעיס, האַלט מען אין איין שרייען!

— איר וואָלט נאָר געשלאָפן, מיסטער מעק — האָט לילי זיך אַ שטעל אַוועק געטאָן אייבן אין די אויגן — קומט בעסער מיר העלפן אויסבאָדן ס׳קינד, קאָם אַן!

אייב איז געלאָפן, זיך געפּאָרעט, געווען פאַרמחיהט, געטאָן יעדע זאַך שנעל, ווי אַ לערן-ייִנגל, ווען ער וויל געפעלן דעם בעל-הבית, און אַ צען מינוט אַרום איז דאָס קינד נאָך דער מאָן-באָד מיט אַן אמת גע-שלאָפן, ווי אין אַ הינער-פּלעט.

עס איז געווען שטיל. דורכן פענסטער האָט אַריינגעקוקט אַ קאַלטע לבנה, איבערגעלאָזט אין צימער אַ מאַטן פּאַס. שטיקער שניי, וואָס זע-נען געלעגן אויף דעכער קעגניבער דעם פענסטער, האָבן געבלענדט די אויגן.

אייב האָט געקוקט אויף לילין, ווי זי איז ניט איינגעשטאַנען אויף איין פלאַץ, האָט עס אים געהויבן, ווי מע וואָלט אַ כשוף אָפּגע-טאָן. אייב האָט זיך אַ בויג געטאָן, געוואָלט לילין אַרומנעמען, האָט זי זיך אַ שאַר געטאָן צו דער וואַנט, געוואָלט אָפּזינגען „חוה״, האָט זי מיט אַמאָל זיך פאַרמאַכט דאָס מויל, ווי זי וואָלט באַגאַנגען אַ חטא.

אייב האָט מער איר פּנים ניט געזען, בלויז געפילט, אַז דאָס צי-מער איז פול מיט איר.

פון צווייטן צימער האָט זיך געהערט ראָזעס קרעכצן. דאָס קרעכצן איז געווען איינטעניק, אָפּגעהאַקט, ווי מען וואָלט געציילט: איינס — צוויי, איינס — צוויי, און אַז מען האָט זיך לענגער איינגעהערט, האָט זיך געדאַכט, אַז קיינער קרעכצט ניט, נאָר אַ פּוילער, דראָבנער רעגן קלאַפּט אין די שויבן. פון מאָל צו מאָל האָט זיך ראָזע צעשריען מיט ניט קיין מענטשיש קול און נאָך יעדן קוויטש איז אייב געוואָרן אַן אָנגעצונדענער, ניט געקאָנט איינשטיין און געפּילט, אַז אויב לילי וועט זיך איצט אַרויסדרייען פון זיינע הענט, וועט ער זי דערשטיקן.

לילי האָט לייכט, ווי אַ קאַץ, זיך געטראָגן איבערן צימער, זיך געשפּילט און יעדעס מאָל, ווען אייב האָט זי אָנגעכאַפּט, האָט זי זיך אַדריי געטאָן, און שטיל, ווי זי וואָלט מורא געהאַט פאַר חוהן זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל.

פון כעס האָט אייב זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל. ער איז געלעגן אויף די שפּיץ פיס און הענט, ווי אַ חיה ווען זי טשאַטעוועט, וויל מיט איין שפּרונג זיך וואַרפן אויף אַ צווייטער, געקוקט אויף לילין און געשראָקן זי זאָל ניט אַרויס פון צימער.

— לילי! לילי! — האָט זיך געהערט חוהס שטימע.

לילי האָט געוואָלט אַרויסגיין, האָט אייב זי אָנגעכאַפּט, אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, אַ בויג געטאָן, האָט לילי זיך גענומען רייסן און געסטראַשעט:

— לאָזט אָפּ! לאָזט אָפּ, כ'גיי שרייען!

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן, געעפנט די טיר, איז איר אַנטקעגן געקומען דער דאָקטאָר.

די גאַנצע מעשה מיט לילין האָט דעם דאָקטאָר ניט געאַרט, ווי ער וואָלט געווינט געווען צו דעם, געוואָלט איר אַ גלעט טאָן איבערן האַלז, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אים גערופן טכויער, זיך דערפילט קליין און נישטיק און אַרויסגעשטאַמלט:

— פונדעסטוועגן דאַרפט איר די אויגן ניט פאַרלאָזן — — — נאָך אַ צוויי דריי מאָל און איר זענט פאַרטיק — — — קומט מאָרגן...

זי האָט ניט געענטפערט, געציטערט אינגאַנצן, געפילט ווי די הענט קורטשען זיך בײַ איר און אים געוויזן אין דער ריכטונג וווּ ראָזע איז געלעגן.

— דאָקטאָר, ס'קינד גייט מיט די פּיס.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעטאָן אַ ברודיק פאַרטוך מיט בלוט=פלעקן, זיך פאַרשאַרצט די הענט, ניט אַרומגעוואַשן און איז צוגעגאַנגען צו ראָזען ווי אַ קצב.

ראָזע האָט שוין ניט געקאָנט שרייען, געקרעכצט ווי אַן אַלטער מאַן, און דאָס קרעכצן איז געקראָכן אין די ביינער, ווי אַ נאַסע קעלט. זי האָט געפילט, ווי עפּעס האָט זיך אַ גליטש געטאָן, נאָכגעלאָזט און זיך אָוועקגעשטעלט אין ביין מיט אַזאַ ווייטאָק, ווי מע וואָלט זי מיט אַן אייזערנעם קליין געוואָלט פאַנאַנדעררייסן. אין האַלז האָט זיך עפּעס אָוועקגעשטעלט, אַ הייסע פויסט, געטרוקנט און געשפּאַרט די אויגן פון קאָפּ. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָר, אים געקושט די הענט, געוויינט:

— דאָקטאָר, שלעפּערט מיך איין, אַז כ'קאָן ניט מער, דאָקטאָר! אוי=וויי! אוי!

דער דאָקטאָר האָט געשמייכלט צו לילין, פאַרדרייכערט אַ סיגאַרעט און אָנגעהויבן:

— כ'האָב ערגעץ געלייענט וועגן אַ מוזיק פון קינדער, וואָס ווערן געבוירן. נו, ווי געפעלט אייך די מוזיק? האַ, האַ, האַ!

לילין איז געוועזן דערווידער דעם דאָקטאָרס גלייכגילטיקייט, זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון די בלוט=פלעקן, וואָס אויפן פאַרטוך, ניט געקאָנט זען ווי ראָזע בעט זיך באַ אים, ער זאָל זי איינשלעפן, אַרויסגעגאַנגען פון צימער און געטראַכט, אַז די קליינע ראָזע קאָן יעדע מינוט שטאַרבן, אַז דער דאָקטאָר האָט זיך ניט אָפּגעוואַשן די הענט, נעמט אַזוי אָפּ ס'קינד, קאָן זי נאָך זי פאַרגיפטן... זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען ווי זי האָט געליטן, גאָרניט געדענקט און ס'איז איר אויפן זינען געקומען, ווי דער דאָקטאָר האָט זי באַליידיקט. זי האָט גענומען גיין גיכער, פון איין צימער אין צווייטן, געוואָלט נקמה נעמען אָן אים און מיט אַמאָל דערפילט אויף זיך אַ פּאָר הענט:

— אַ, אייב!

זי האָט זיך גענומען אַמפערן, געפילט ווי די פּאָדלאָגע שווימט אַפיר פון אונטער אירע פיס, די כחות פאַרלאָזן זי און זייער געוואָלט דער דאָקטאָר זאָל איצט אַריינקומען און זען, אים אויף צעפלאַצעניש!

דאָס געשריי פון ראָזעס צימער האָט זיך געצויגן, געצויגן, ניט געוואָלט אויפהערן.

— אייב! אייב! ווו ביסטו? — האָט זיך געהערט חוהס קול.

אייב איז אויפגעשפרונגען אַ צעפלאַמטער, מיט אַ פּאָר אויגן ווי באַ אַן אָפּיום־עסער און אַ באַפרידיקטער אַנטקעגן געגאַנגען דעם ווייב.

לילי איז געבליבן זיצן אין פינסטערן צימער. זי האָט געטראַכט פון דעם גאָט פון זינד, וואָס גריזשעט אַרום זיינע קרבנות, שפּייט זיי אויס אין רינשטאָק אַריין, און זיך שטיל צעוויינט.

ס'איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן און פון די געשרייען איז נאָך לאַנג געשטאַנען אין צימער אַ טעמפּקייט, ווי מען וואָלט אין די אויערן וואַסער געגאָסן.

# שיך=פוצער

דאָס קליידער=געשעפט, וואָס איז געווען אָנגעלאָדנט אויף די איינגעבויגענע רוקנס פון צוויי עלטערע ייִדן, איז ניט איינגעשטאַנען אויף איין פּלאַץ, זיך געשלעפּט איבער דעם טראָטואַר, זיך איינגעדרייט, זיך יעדע ווײַלע אָפּגעשטעלט און ס'האָט אויסגעזען, אַז ביים קלענסטן בויג וועלן די פּעק מיט קליידער זיך פאַנאַנדערשיטן אין רינשטאָק אַריין.

ייִדן, פּאָליאַקן, איטאַליענער האָבן אויסגעטאָן זייערע רעק, וועסטן, אָנגעמאָסטן נייע קליידער, זיך געדונגען, זיך געשווירן, זיך געקלאַפּט אין די הענט אַריין, געקויפט, און דאָס קליידער=געשעפט האָט זיך אָנגעהויבן רירן איבערן טראָטואַר. די פּעדלערס האָבן הייזעריק אויסגעשריען זייערע סחורות, זיך געשלעפּט, זיך אויסגעמישט מיטן שטראָם מענטשן, וואָס האָט זיך געשלעפּט פון ביידע זייטן גאַס.

דאָס יוּועליר=געשעפט איז געשטאַנען אן אַ זייט. אַ קליין, פלינק ייִדל, דער שטייפער קאַפּעליש וווילעריש אן אַ זייט, דאָס דינע שטעקעלע האָט געשטעקט אונטערן אָרעם אין דער קרום און זיינע קעשענעס זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט קליינע שאַכטלעך. מיט אַ געשיקטקייט האָט ער זיי אַרויסגעשלעפּט איינגעוויקלטע און פּליס=פּאַפּיר, זיי אויפגעבונדן, צעעפנט מיט פלינקייט פון אַ פּאָקוסניק, געפּוצט דאָס צירונג אָן די אַרבל פון זיין ראָק, אָן דעם צעעפנטן וועסטל, געערדט אויף עטלעכע שפּראַכן און דער גלאַנץ פון די גאָלדענע פינגערלעך, זייגערס, בראַסלעטן, האָט געפינקלט, געבלענדט די אויגן — האָבן די דורכגייער ניט געקאָנט ביישטיין דעם בליאַסק פון גאָלד, אַרומגערינגלט דאָס יוּועליר=געשעפט מיט צעעפנטע מיילער און גייציקע אויגן.

און אַזוי האָט זיך געשלעפּט דאָס שיך=געשעפט, די אַפּטייק, דאָס טליתים=געשעפט. יעדער האָט אויסגעשריען זיין סחורה, אויסגעטראַכט פאַרשיידענע מיטלען די דורכגייער זאָלן זיך אָפּשטעלן, זיי געשלעפּט פאַר

די אַרבל. יעדער האָט פאַרזיכערט אויף זיין „נאמנות״, אַז ער פאַרקויפט די סחורה בחצי־חנם, אַז ער וויל דעם פדיון פאַר אַ גוטן אָנהייב, ס׳איז דאָך ערב־שבת!

פון די אָפענע פענסטער, וואָס אַנטקעגן העסטער־פאַרק, האָבן זיך געזען פאַרשמאַיעטע ווייבער. דער ריח פון פרישע חלות, פון געפילטע פיש, האָט זיך געטראָגן אין דער לופט, געררייצט דעם אַפעטיט און זיך אויסגעמישט מיט די ריחות, וואָס האָבן זיך געהויבן פון די קופעס פאַרפוילטע גרינס, וואָס זענען געלעגן אין מיטן גאַס.

סטאָליאַרעס מיט קעסטלעך כלים אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, שניידערס מיט גרויסע שערן אונטער די אָרעמס, זענען געשטאַנען בײַ דער לענג פון אייזערנעם פאַרקאַן, זיי האָבן זיך אַליין געבראַכט אויפן מאַרק און די „באָסעס״ האָבן זיך געדרייט פון איינעם צום צווייטן, באַטראַכט די סחורה, זיך געדונגען, עטוואָס באַטרעטן און גע־פירט די „הענט״ אין זייערע שעפער אַריין.

די ניט־מזלדיקע צווישן די בעלי־מלאכות זענען געשטאַנען ביז אַ שטיק אין אָוונט אַריין, זיך אויסגעקוקט די אויגן מען זאָל זיי דינגען, געשטאַנען און געקווענקלט, צי זאָלן זיי נאָך וואַרטן, טאָמער וועט אַ „באָס״ אונטערקומען. איינציקווייז זענען זיי אונטערגעגאַנגען צו די שטיפ־וועגעלעך, אָנגעלאָדנטע מיט כל־טוב, געקויפט ווער חלות, ווער שבת־אויבס און זיך צעגאַנגען.

פון זייטיקע געסלעך זענען אָנגעקומען מענטשן האַלב־שבתדיק אָנ־געטאָן. די פנימער פריש געגאָלט. זיי זענען געגאַנגען קופקעס־ווייז, אָן קעלנער, די הענט אין די הויזן־קעשענעס, ווו מטבעות האָבן געקלימ־פערט. זיי האָבן זיך געשלעפט פון איין וועגעלע צום צווייטן, געזוכט מציאות, זיך געוויצלט, און ווען ניט דער האַנדל, וואָס האָט געברענט אַרום, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז בעלי־עגלות און סתם יונגען כאַפּן אין אַ קליין שטעטל אַ שמועס פאַר קבלת־שבת.

אין העסטער־פאַרק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע, אייזערנע שטייג, האָבן ייִנגלעך געשפילט אין באַל. זיי זענען געווען פאַרטיפט אין שפילן, זיך איינגאַנצן ניט צוגעהערט צו די קולות פון זייערע על־טערן, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די לופט. טייל, האַלב־נאַקעטע, זענען געלאָפן אַרום דעם פאַרק, זיך געגרייט צו געווינען דעם פריז אין

לויפן, אַנדערע האָבן געמאַכט איבונגען מיט שווערע געווי̇כטן, פאַרהאַרטעוועט די מוסקולן ווי שטאָל און ס׳איז שווער געווען צו גלויבן, אַז די איינגעהויקערטע ייִדן, וואָס האָבן קוים געפּאָכעט מיט דער נשמה — די ייִדן זאָלן איבערלאָזן אַזאַ געזונטן דור.

ייִדן דערשלאָגענע, פאַרחשכטע, זענען געווען צעוואָרפן באַ דער לענג פון אייזערנעם פלויט, מיט רחמנות־אויג און מיט הכנעה אָפּגעשטעלט די פאַרבייגייער, געווען גרייט יעדן איינעם אָפּצופּוצן די שיך.

און פון דער צווייטער זייט פּאַרק איז געשטאַנען אַ פרוי, אויף אַ הויכן געשטעל, געמאַכט פון ניט געהובלטע ברעטער, די הענט אויסגעשטרעקט, די באַקן פאַררויטלט, די אויגן צעפלאַמט, ניט באַמערקט, וואָס אַרום איר שטייען געצייילטע צוהערער און מיט אַ הייזעריקע שטים פאַרזיכערט, אַז די הילף וועט קומען פון די סאָציאַליסטישע קאָנגרעסלייט.

עטלעכע ייִדן, מיטגלידער פון דער חברה „שומרי־שבת“ אין זייערע פאַטריאַרכאַלישע קליידער, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס געקומען פון פּוילן, צי פון גאַליציע, זענען אַרויס פון דער „מקוה כשרה“ און אויסגעצוואָגענע געלאָפן פון איין געוועלב צום צווייטן, זיך דורכגעשפּאַרט מיט די עלעבויגנס און אויסגערופן, זיך כמעט גע־בעטן:

— ייִדן, מאַכט שבת!

אַ מיש־מאַש פון קולות און ווידערקולות איז געהאָנגען אין חלל פון גאַס. די האַלב־פאַרפוילטע פירות, וואָס זענען געלעגן קופּעסווייז, דאָס פאַרוועלקטע גרינס, די צעשפּאָלטענע טאָמייטאָס *) און באַנאַנעס, די באַרלס שמוץ, די פאַרשוויצטע קערפּערס — דאָס אַלץ האָט געהויכט אין דער לופט אַריין פאַרדומפּטע ריחות ביז צום איבל. און עס האט אויסגעזען ווי אַ געהיימע האַנט האָט צונויפגענומען מענטשן פון אַלע עקן וועלט, צעמישט זייער שפּראַך און זיי אַ שליידער געטאָן אין דער צעפלאַמטער העסטער־גאַס.

צווישן די שיך־פוצער איז געשטאַנען אַן עלטערער ספרדישער

---

*) פּאָמידאָרן.

ייִד מיט אַ קרומען רוקן און איינגעצויגענע באַקן. ער האָט זיך הכנעה־דיק געבויגן פאַר די פאַרבייגייער, ווי ער וואָלט געבעטן נדבות:

— יהודים, טרי סענט ע שיין, טרי סענט...

די פאַרבייגייער האָבן געקוקט אויף דעם אויסגעשמירטן שיך־פוצער מיט די צעפּנטע פינגער באַ ביידע הענט, וואָס זענען געווען צע־יוירן פון צופיל אַרבעט און זיך געחדושט צי דער זקן איז אַ ייִד. און כאָטש זיי האָבן ניט געהאַט קיין שייכות מיט אים, האָט זיין בלויזער אויסזען אומבאַוווסט אַרויסגערופן אַ וואַרעמקייט באַ יעדן איינעם.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אין הימל אַריין צי ס׳איז שוין צייט שבת מאַכן, אויסגעשפּיגן אין דער האַנט אַריין אַ פול מויל מיט פעניס און גערעדט צו זיך פון געוווינהייט:

— יהודים, טרי סענט ע שיין, טרי סענט...

ער איז צוגעגאַנגען צו זיין זון, אַ בחור אין די צוואַנציקער, אַ ניט דערוואַקסענער, אויסגעשמירט ווי אַ שד, וואָס איז געשטאַנען אויף די קניען און געפוצט אַ בייכיקן ייִדל די שיך.

— רחמים, אַז וועסט ענדיקן, מאַך שבת!

דער זון האָט פוצנדיק אַ קוק געטאָן אין הימל אַריין:

— ס׳איז נאָך גרויסער טאָג!

ער האָט געפוצט דעם פינקלדיקן שוך, פּלינק און ווילעריש באַ־וויזן מיטן שטיקל פלאַנעלע, געקנאַלט און די פלאַנעלע האָט געפלאַ־טערט איבערן גלאַנץ, אים, דאַכט זיך, ניט אָנגערירט.

— ניט גערעדט, נעם די מכשירים און קום!

— זע, אפילו באַ פרענקעלן איז נאָך ס׳געוועלב אָפן!

— ברענג מיר ניט קיין ראיה פון אַן אשכנזי!

— ער איז חשובער פון אונזערע ספרדים! נעם אברבנאלן, דיין לאַנדסמאַן איז ער דאָך מחלל־שבת בפרהסיה!

— נו, דעריבער? — האָט דער אַלטער געשמייכלט מיט בטול און געגלעט דעם זון איבערן קאָפּ — אין אַזאַ כּלי, זונדל, קאָן מען קאָכן פיש!

— שוין געהערט, שוין געהערט — האָט דער זון שנעלער גע־נומען פוצן — תמיד, אַז מען קאָן פאַרדינען אַ פאָר סענט, ביסטו דאָ...

— שטותערייען, רחמים — האָט דער פאָטער אים איבערגע־

ריסן — דו ווילסט כ׳זאָל אויף דער עלטער מחלל־שבת זיין?

רחמים האָט ניט געענטפערט. מיט אַ זויער פנים האָט ער אָנגע־הויבן איינצופּאַקן אין אַ קעסטל אַריין שאַכטלעך, פלעשלעך און בערשטן.

דאָס בייכיקע ייִדל האָט אַ נייגיריקער געקוקט אויפן טאַטן מיטן זון, זיך אָנגעשטויסן, אַז זיי רעדן וועגן שבת און אָנגעהויבן מיט ניט קיין זיכערן שמייכל:

— יהודים?

דער זון האָט ניט געענטפערט, געווען בטבע אַ שווייגער, דערצו האָט ער געוווסט, אַז פון די אַלע שאלות וועט קיין פרנסה ניט זיין. דער פאָטער האָט אַן אויפגעלייגטער געשמייכלט פון איין אויער צום צווייטן און געענטפערט מיט איין אָטעם:

— יהודים אנחנו! מזרע אברהם אנחנו! שבת היום! שבת קודש!

דאָס בייכיקע ייִדל האָט זיך ניט געקאָנט פאַרווונדערן, פאַר־שאַרצט דעם קאַפּעלוש און געשטויגט, אַזעלכע חשכדיקע פנימער, איינ־געריסטע, אסור איטאַליענער, און דאָס רעדט לשון־קודש! ער האָט חשק געהאַט צו פאַרפירן אַ שמועס, אויסגעפונען, אַז די צונג בויגט זיך ניט, פאַרלוירן געגומען רוקן דעם קאַפּעלוש היין און צוריק און פון יוצא וועגן אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ נאַרישן שמייכל:

— יעס, שבת — — — לכה דודי, יאַ נאָ! — — — —

ער האָט זיך איינגעקוקט אין טאַטן, אין זון, געוואָלט אויסגעפונען וואָס פאַר אַ רושם זיינע ווערטער האָבן געמאַכט און ס׳איז אים איינגע־פאַלן, אַז די שוך־פוצער מוזן אודאי אַרויסקומען פון די וואַסער־שעפּער און האָלץ־העקער, וואָס דער פסוק דערציילט וועגן זיי.

אַ דריטער שטיוול־פוצער, באַ וועמען אלקבי און רחמים האָבן געוווינט, תּאָט געזען ווי זיינע „באָרדערס" פאַקן זיך, האָט ער אויך גע־נומען איינפּאַקן אין קעסטל זיינע מכשירים און אַריבערגעשריען צו אלקבי:

— וואַרט, וועלן מיר אַהיימגיין צוזאַמען!

אַלקבי איז געווען גוט אויפגעלייגט, פאַרגעסן, אַז ער האָט קיין מגע ומשא מיט די שטיוול־פוצער, וואָס שטייען אַרום פאַרקאַן, זענען גרייט אים דעם ביסן פון מויל אַרויסצורייסן און פאַרבייגייענדיק זיך געבעטן באַ זיי:

— גענוג, יידן, גענוג צו אַרבעטן, מאַכט שבת!

עלטערע האָבן געכאַפּט די קעסטלעך, אַנדערע האָבן זיך גע־שטעלט פּאַקן. דאָס יונגוואַרג האָט זיך ניט צוגעהערט, געטריבן שפּאַס פון אלקבין.

אַ דאַרער בחור איז אַרויס פון דער חברה, אָנגעכאַפּט אלקבין פאַר אַ האַנט, געוואָלט אים פאַרטרויען אַ סוד און האָט אַרויסגע־פּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— מיסטער אלקבי, ווען גייט איר חתונה האָבן?

— אַוועק, חצוף! — האָט דער אַלטער אויפגעהויבן אַ האַנט — וואָס דאַרט דיר דער קאָפּ! פאַר אַזעלכע רייד ביסטו ווערט פּעטש!

— זע נאָר דעם צדיק? — האָט אַ צווייטער אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג — ווי דו קוקסט אים אָן האָט ער שוין באַגראָבן דריי ווייבער!

— און די פערטע וועט אים באַגראָבן!

— נאָך אַ געזונט יידל, אלקבי!

— געזונטער פאַרן זון!

אַלקבי האָט זיך געמאַכט ווי ער הערט ניט, גיך געשפּרייזט און גערעדט צו זיך:

— עוכר ישראל! פושע ישראל! טרי סענט אַ שיין — — —

— הערט זיי ניט — האָט אים קפּרו, דער שטיוול־פּוצער, באַ וועמען ער האָט געוווינט, געטרייסט און אַרויפגעפירט אויף אַן אַנדער שמועס:

— עפּעס אַ סך פאַרדינט היינט?

— איבער אַ טאָלער, געלויבט צו גאָט!

— שוין מיט רחמימס פדיון?

— יאָ. און דו קפּרו וויפיל?

— כ׳האָב מורא, אַז כ׳האָב ניט אויסגעשלאָגן די הוצאות אויף שבת!

— שלעכט, שלעכט! — האָט אלקבי געגלעט זיין שיטער בערדל — און ווייסטו קפּרו ווער ס׳איז שולדיק אין דעם אַלעם? דער יונגער דור! אַ קליינינקייט, די יונגאַטשעס האָבן אַראָפּגע־וואָרפן דעם גאַנצן עול, זענען מחלל שבת בפרהסיה! וואָס איז דאָ

אַ סך צו רעדן — אין אַמעריקע האָט ייִדישקייט קיין קיום ניט! דער אויר, וואָס איר אָטעמט דאָ איז טריף! ווען די אשכּנזים וואָלטן געוווסט, אַז די ספרדים זענען ניט מחלל שבת, וואָלטן זיי געקומען זיך פּוצן די שיך פאַר ליכט־צינדן. און מענטשן זענען דאָ פאַראַן, בן פּורת יוסף*), די והותר. יעדער פון אונז האָט דאָ גע־קאָנט מאַכן אַ בכבודיק לעבן! נאָר ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן — ווען עלטערן האָבן אַ דעה צו זאָגן — — — דאָ אָבער איז אַלץ הפקר! ניט קיין שבת, ניט קיין יום־טוב! מיינסטו דאָך, אַז זיי האַלטן פון כּבוד־אב? הויבט זיך ניט אָן! נאָר וואָס דען? דאָס יונגוואַרג גייט אין די וועגן פון די אשכּנזים, פון דער פּרי ביז ביי נאַכט איז מען מעלה־גרה, מען קייט „טשונגאָם” (קיי־גומע), מען שלעפּט זיך מיט מיידן, אמתע אַמעריקאַנער! און די קינדער פון די אשכּנזים זענען נאָך ערגער פון אונזערע! באמת! גוים גמורים! און זייערע טעכטער? מען טאָר עס ניט ברענגען אויף די ליפּן, ווי אין פּסוק שטייט — זיבן אויף איין מאַנסביל. און דוקא אין גאַס, בפני כּל עם ועדה. איז דאָס געהערט געוואָרן? מיין רחמים וועט נאָך אפשר בלייבן אַ ייִד, נאָר אַז מיינע אייניקלעך וועלן זיין גוים גמורים, דאָס בין איך זיכער! אַזוי, אַזוי, קפרו — האָט אלקבי אָפּגעזיפצט — דער ייִנגער דור איז אין אַלעם שולדיק! איך וועל שוין דורכשטופּן מיינע פאָר יאָר, אַזוי אין דוחק און וועל ניט אַרבעטן שבת!

קפרו האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, קוים געשלעפּט די שווערע פיס, זיך איינגעהערט צו אלקבי'ס קלוגע רייד און זיך געחדושט פון וואַנען ס'נעמט זיך צו אַ מענטש אַזויפיל חכמה.

רחמים איז געבליבן הינטערשטעליק, זיך ניט איינגעהערט צום פאָטערס רייד, וועלכע ער האָט שוין געקאָנט אויף אויסעווייניק. ער איז געווען אויפגערעגט, זיך געערגערט וואָס דער פאָטער שלעפּט אים אין מרחק אַריין, ווען מע קאָן פאַרדינען אין גאַס אַ סענט. פאַרבייגייענדיק אַ וויטרינע, האָט ער זיך דערזען אַן אויסגעשמירטן, אַ דערשלאָגענעם, און זיך דערפילט אַ לא יצלח.

---

*) אַן עין־הרע.

רחמים האָט געטראַכט וועגן אַ תכלית, וועגן זיין הילוך, זיך דער־מאַנט אָן רחלען, קאַפּריס איינציקע טאָכטער, זיך אויף אַ רגע אָפּגע־שטעלט, געציפּט די שטעכיקע האָר פון זיין געמבע און זיך אַליין געוואָלט קלאָר מאַכן צי ער, רחמים, געפעלט איר.

רחל, אַזאַ יונגע, מיט שוואַרצע צעפּאַטלטע האָר, וואָס מאַכן אירע בלייכע באַקן נאָך בלייכער, האָט אים ליב. דער בלויזער געדאַנק האָט אים צוגעגעבן קוראַזש, זיך מער ניט געפילט נישטיק, זיך אַ נעם געטאָן אין די הענט אַריין און אַן אויפגערוימטער מיט פּאַרקוועטשטע פּויסטן געגומען שפּרייזן גיכער. ער האָט חשק געהאַט אָפּצוציען פון די אַלטע. ניט תמיד מאַכט זיך אַזאַ געלעגנהייט. און ווען ער קומט איצט אַהיים, טרעפט ער רחלען אַליין. פון גרויס התפעלות איז ער אַראָפּ פון טראָטואַר, זיך געלאָזט מיט דער גאַס, געזען קפּרוס ווייב אַ פּאַרשמאַיעטע אין קיך, געזען רחלען אין איר טערקישן שלאָף־ראָק, ווי זי צילעוועט אויף „פּאַטשערקעס" אויף קאָלירטע דרימען, זינגט אַזוי האַרציק. ער וועט זיך אַריינגנבענען אין איר חדר, אונטערגיין אויף די שפּיץ - פינגער, פאַרשטעלן מיט די הענט אירע אויגן און די שטילע, בויגיקע רחל וועט אים אַרומכאַפּן, וועט אים גלעטן, זיך טוליען צו אים, ווי אַ שעפּסל, און די פּאָלעס פון איר שלאָף־ראָק וועלן זיך צעפליען — — —

— ווער איז? ווער איז דאָס?

רחמים האָט דערפילט אויף זיך אַ האַנט, אויפגעציטערט און זיך אויסגעדרייט.

— וואָס וואַקלסטו זיך ווי אַ נעכטיקער? — האָט דער פּאָטער זיך אַ בייזער געטאָן און אים אָפּגעשטעלט — גייסט אין מיטן גאַס! שטעל אַ פּאָלקע און חלום ניט, אַ „מאַשין" קאָן דיך נאָך איבערפאָרן! ווו גייסטו, ווו? — אָט איז דאָך דער מרחץ!

די שוויץ-באָד איז געווען איבערגעפּאַקט. פּעדלערס, שידפּוצערס און סתם אָרימעלייט זענען געזעסן אויף שטרויענע מאַטראַצן, האַלב-אויסגעטאָנענע, געאַרבעט מיט די הענט, גערעדט אויפן קול און זייער ברייטע, קלינגענדע אויסשפּראַך האָט דערמאַנט דאָס גאָדערן פון ציגיינער. טייל האָבן זיך געחשבונט, אַנדערע—פאַרריכט

די אונטערוועש, געוועזן פאַרטיקט מיט לייב און לעבן אין די וואַרימע לייבלעך און פאַר אַן אשכנזישן ייִדן, וואָס איז אַריינגעקומען פון דער גאַס, האָט עס אויסגעזען ווי אַ היימישער „הקדש".

ניט ווייט פון אויסגעהייצטן אויוון איז געזעסן דער בעדער — אַ רויטער, בייכיקער ייִד מיט אַ האַרטן, געפּאַלדעוועטן קאַרק, ווי ביי אַ ביק. ער האָט יעדע ווײַלע אָנגעשטעלט אַן אַנדער טייל פון זיין קערפּער קעגן פלאַם, וואָס האָט זיך געשפּאַרט דורך די אָפענע טירלעך פון אויוון, געקרעכצט, ווי מע וואָלט אים טרוקענע באַנקעס געשטעלט און געקוקט מיט זיינע אי מוטנע, אי בלוטיקע אויגן אין פייער אַריין.

דער בעדער האָט אַריינגעשטעקט אַ האַנט אונטערן פּאַסעק, זיך געשיבערט איבערן קלאָרן, גלאַטיקן פליש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די צעלעכערטע הויזן, דערמאַנט שטיקלעך הימל צווישן געדיכטע וואָלקנס. ער האָט פאַרקוועטשט די אויגן און מיט אַ ציטערדיק און טרויעריק קול זיך פאַרגאַנגען ביז צו טרערן. די פעדלערס האָבן אונטערגעכאַפּט. טייל האָבן ניט געקאָנט איינזיצן, זיך אויפגעשטעלט, אַרומגערינגלט דעם בעדער, געהויבן מיט די אַקסלען צום טאַקט און מיטגעזונגען דעם איינטאָניקן ניגון, וואָס האָט איינגעשלעפערט.

אין צווייטן חדר, ווו מע האָט געגאָסן וואַסער אויף אָנגעגעגליטע שטיינער, איז געשטאַנען אַ געדיכטע, קלעפּיקע פּאַרע, וואָס האָט אַלץ פאַרשטעלט. און וואָס מער מע האָט געגאָסן וואַסער, אַלץ געדיכטער איז די פּאַרע געוואָרן, געקרעלט אין האַלז, געקראָכן אין די אויגן און די שוויץ־באָד איז פול געוואָרן מיט זיפצן און קרעכצן, וואָס קומען פון „יסורי־תענוג".

שנירלעך וואַסער האָבן זיך געשאַרט איבער די שויבן, ווי אויף דער גאַס וואָלט געגאָסן אַ רעגן. איבער די נאַסע, גליטשיקע ווענט זענען אויסגעוואַקסן לענגלעכע טראָפּנס, ווי פּיאַווקעס, דיקער געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אַריינגעזאַפּט אין זיך די פייכטקייט, געפּלאַצט און זיך געשאַרט איבער די ווענט, ווי שלענגלעך.

דער באָד־גוי, אַן אָפּגעלאָזענער נעגער, איז אויסגעוואַקסן פון ערגעץ־ווו, זיך געשיבערט די פלאַך געשוירענע קרייזלעך,

געשפּיגן, ווי ער וואָלט איצט אויפגעשטאַנען פון שלאָף, געגומען אַן אייזערנעם שטאַנג, געשאַרט און געקלאַפּט די קוילן, אַז פונקען האָבן געשפּריצט אין אַלע זייטן.

אַלקבי האָט אַראָפּגענומען פון זיין האַלז זיין לייוונטענעם בייטל, אים געעפנט און דערלאַנגט דעם זון:

— נאַ, ציידל איבער!

ער האָט זיך האַלב אויסגעטאָן, פאַרדרייכערט אַ פּיפּקע, געקוקט אויפן בערגל מטבעות, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און אַן אויפגעלייגטער זיך געפרעגט:

— האָסט נאָך שיך־פּאַליש?

— שוואַרצע פעלט מיר.

— האָסט דאָך היינט געקויפט צוויי שאַכטלעך שוואַרצן פּאליש און אַ פלעשל שמירעכץ?

— כ׳האָב עס ניט אויפגעגעסן!

— אַז דו שמירסט אַ צאָל די דיק! — האָט אַלקבי זיך אַ בייזער געטאָן און אויסגעשפּיגן.

האָט רחמים אויסגעשטעלט אַ שמאָלע און דאַרע ברוסט ווי אַ קלעפּקע, — אויב ס׳איז שוין יאָ אַזוי, אויב דו ביסט מיך יאָ חושד — שיק מיך אַוועק! וואָס האַלטסטו מיך? כ׳וועל ניט לאָזן טרעטן אויף מיר! גענוג!

— וואָס, כ׳האָב דיר פּוגע בכבוד געווען? — האָט דער פאָטער זיך ניט געוואָלט איינרייסן מיטן זון — ווילסט כ׳זאָל דיך איבערבעטן? וואָס שרייסטו? שריי, שריי, וועסט מיך ניט איבער־שרעקן! און אויב דו וועסט צעטרענצלען דיין געלט אויף מיידן, ווי כ׳בין אַ ייִד...

דער אַלטער האָט ניט פאַרענדיקט, אַראָפּגעצויגן דעם זון דאָס היטל איבער די אויגן און איינגאַנצן זיך געטרייסלט פון געלעכטער:

— דערווייל בין איך נאָך דיין פאָטער... נעם, נעם דאָס בינטל און גיי אַהיים. און זע, מע זאָל אים דיר ניט אַרויסכאַפּן! הער זיך איין, אויפן וועג וועסטו קויפן אַ טוּץ פּאליש!

רחמים האָט ניט געענטפערט, זיך אויסגעגלייכט, און געלאָזט פאַלן אַ וואָרט:

— כ'דאַרף אַ טאָלער!

— שוין ווידער?

— גיסט דען דיינס?

— וואָס איז די נפקא-מינה? און דיינס — איז דען ניט מיינס? צעטרענצלען געלט דאַרף מען!

— און גיין קרועה-בלואה דאַרף מען? — האָט רחמים געוויזן אויף זיין הילוך און קרענקלעך געשמייכלט. — כ'דאַרף זיך קויפן אַ העמד מיט אַ קאָלנער.

— דאָס זענען קלאָרע דבורים! — האָט דער פאָטער אָפּגע-מאָסטן מיט איין אויג דעם זון, ווי ער וואָלט געוואָלט מיטן בלויזן קוק אים צעטומלען — קעלנער, מיין זון, דאָס איז אַן ענין! ביסט אַנדערש ניט געווּינט! אַ קליינִיקייט! ער שפּילט זיך מיט די אַלקבּים! מיין זון, רחמים, פון דור-דורות אַן אַלקבי, דאָס הייסט אַ טרעגער בן טרעגער, זאָל חס ושלום ניט אָנטאָן קיין ווייסן קאָל-נער אום שבת? איז דאָס געהערט געוואָרן? מאָל דיר, מיין זונדל, אז ניטאָ מער קיין קעלנער! ניטאָ, אויספּאַרקויפט און פטור! איז אויס לעבן, האַ? וועל איך דיר זאָגן, רחמים, אַז ביסט אַ שוטה! און אויב דו וועסט מיך ניט פאָלגן און אַוועקלייגן אַ סענט צו אַ סענט...

— דו, טאַטע, קלויבסט שוין פאַר מיר אויך — האָט דער זון אים איבערגעריסן.

— אודאי קלויב איך — האָט אַלקבי געצויגן די ווערטער — כ'שפּאָר אָפּ פון דער קישקע און כ'וועל דיר פאַרטרויען אַ סוד, אַז, אם ירצה השם, אין פיר, פינף יאָר אַרום, וועל איך אַהיים פאָרן און זיך קויפן אויף דער עלטער אַ נחלה און אויב דו וועסט ניט קוקן אויף אַ תכלית, וועסטו ס'גאַנצע לעבן בלייבן אַ שיך-פוצער! דיין טאַטע, רחמים, איז ניט חסר-דעה, ער האָט שוין דורכגעמאַכט ס'קאַלטע און ס'וואַרימע — — —

רחמים האָט ניט געענטפערט, אַריינגעשטעקט דעם טאָלער אין

וועסטל־קעשענע, געצוויפלט, צי זיין „אַלטער" וועט נאָך לעבן פינף יאָר, און איז אַרויס פון מרחץ.

אַלקבי האָט זיך אויסגעטאָן און איז מיט קפרון אַריין אין שוויץ־חדר. די הייסע פּאַרע האָט אים אַרומגעכאַפּט, זיך צעגאָסן איבער אַלע גלידער, אים דורכגעוואַרימט — האָט דאָס בלוט גע־נומען שטאַרקער קלאַפּן. ווי אַ יונגערמאַן האָט ער געקלעטערט פון באַנק אויף אַ באַנק, אַז קפרו, וואָס איז געווען יינגער, האָט ניט געקאָנט נאָכקלעטערן און אַלקבי האָט זיך געטראַכט, אַז זעכציק יאָר הייסט נאָך ניט אַלט. אויף דער העכסטער פּאָליצע, ווו די פּאַרע קנוילט זיך, ווערט דיק, שטיקט און ס'דאַכט זיך, אַז ווען מע וואָלט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט אַ שווערע זאַך, וואָלט זי געבליבן הענגען אין חלל, דאָרט האָט זיך אַלקבי אויסגעצויגן, געלעגן איבער אַ מינוט אַ פּאַרחלשטער און דערנאָך אָנגעהויבן רופן:

— קפרו, קפרו, אָט בין איך!

קפרו האָט געסאָפּעט, געשלונגען די שטיקנדע פּאַרע אַ זופּ נאָך אַ זופּ, געקוועטשט מיט די אויגן, ווי ער וואָלט געשטאַנען צווישן אויסגעהייצטע אויוונס און, זיך ניט געקאָנט אָפּיאָגן פון די פלאַמען אַ דורכגעפּאַרעטער, רויט ווי אַ ראַק, האָט ער זיך געריבן אָן די ברעטער פון דער פּאָליצע און געברומט:

— אסור אַ גיהנום!

— קפרו, — האָט אַלקבי זיך אויסגעדרייט צו אים — כ'גיב זיך איבער אין דיינע הענט, נאָר געדענק, רייב מיט רחמנות.

קפרו האָט גענומען רייבן זיין נאַקעטן חבר מיט אַ שוואָם ביז צום בלוט. אַלקבי איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, זיך איבער־געגעבן דעם חבר, אויפגעהויבן די הענט, די פיס, זיך פויל גע־דרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי אַן אַלטער בער, און פון גרויס הנאה געקרעכצט. צווישן איין קרעכץ און צווייטן האָט זיך ביי אים געפּלאָנטערט, אַז ער האָט ליגן אין קופּער עטלעכע הונדערט טאָלער. ער האָט געוווסט, אַז פּאַר הונדערט, העכסטנס צוויי, וועט אים קפרו געבן די טאָכטער פּאַר אַ ווייב. און צוריק־גערעדט, איז טאַקע שווער פּאַר אַזאַ יידן, ווי ער, צו זיין אָן

אַ ווייב! שוין אַ לענגערע צייט, ווי ער שלאָפט ניט קיין נעכט, קלערט וועגן קפּרוס טאָכטער, ווי עפּעס אַ פאַרליבט בחורל, און וואָס איז דער חדוש? שוין צוויי יאָר ווי ער איז אַן אַלמן, וווינט אָן אַ ווייב און דער יצר־הרע לאָזט ניט אָפּ, שיקט אויף אים אָן ליליתן און ער זיצט איבערן קאָפּ אין עברות — — — אַ קליי־ניקייט, ניו־יאָרק, אַזאַ כרך! און וואָס זאָל טאָן אַ בחור, אַז ניט זינדיקן? ער האָט זיך אפילו אָנגעשטויסן, אַז רחמים שאַרט זיך אַרום רחלען, געווען אָבער זיכער, דאָס דער זון וועט דעם טאַטן ניט גיין אין וועג אַריין.

— קפּרו, גענוג! גענוג אויף היינט!

— כאָטש גוט איינגעריבן? — האָט קפּרו נאַריש געשמיי־כעלט.

— כ׳בין שוין אָן כוחות!

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פּאָליצע, זיך אָפּגעשווענקט מיט קאַלט וואַסער, אַראָפּגעגאַנגען און זיך גענומען טריקענען אָן פלאַמען פון אויוון. אַז ער האָט געהאַלטן ביים אַרויסגיין, האָט קפּרו אים אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— הער, אַלקבי, באָרג מיר צען טאָלער — — — מוצאי־שבת דאַרף איך באַצאָלן אַ חוב — — — און זיי זיכער, אַז כ׳וועל זיי דיר אומקערן מיט פּראָצענט — — — ווייסט דאָך — — —

— גוט — האָט אַלקבי אים איבערגעהאַקט און גענומען זוכן אין די קעשענעס — אויב דו דאַרפסט מער, קאָן איך דיר אויך געבן!

— אַ דאַנק — דערווייל דאַרף איך ניט מער.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס.

אַלקבי, וואָס האָט געוואָלט אַרויספירן דעם שמועס אויף אַן אַנדער ענין, האָט מיט אַמאָל אָנגענומען קפּרון פאַר אַן אָרעם און אָנגעהויבן:

— הער, קפּרו, כ׳וווּנדער זיך אויף דיר — — — צו וואָס דאַרפסטו לעבן אין דוחק?

— לערן מיך טאַקע, ווי נאָך מע קאָן גרינגער לעבן,

ווען מען איז אַ מטופּל מיט קינדער און קיין פּרנסה איז ניטאָ?

— האָסט מיך ניט פאַרשטאַנען — האָט אים אַלקבי אָנגענומען פאַרן לאַץ פון ראָק און געטראַכט וואָס צו זאָגן — אַז מע האַלט שוין יאָ דערביי, וועל איך דיר קלאָר מאַכן דעם ענין. דו קענסט דאָך אַלקבין ניט פון היינט און ניט פון נעכטן, אמת? און אַלקבי, ווייסטו, איז אַ מאַנסבל, וואָס שלעפּט זיך ניט אַרום מיט ווייבער, פאַרברענגט ניט מיט זיי, ווי צפניה דער שמיד, און שפּילט ניט אין קאָרטן, ווי חנניה דער שיך-פּוצער — — — — אַלקבי איז ניט קיין אויסברענגער! אויב ער פאַרדינט פינף טאָלער אַ וואָך, פאַרלעבט ער צוויי און ס'איבעריקע באַהאַלט ער, ווען אויף דער עלטער ניט דאַרפן אָנקומען צו קינדער! כ'האָב אָנגעזאַמלט, דאַנקען גאָט, עטלעכע הונדערט טאָלער. נאָר וואָס דען? שוין צוויי יאָר, ווי כ'לעב אָן אַ ווייב און אַ מאַנסבל אָן אַ ווייב — וואַרט ניט אויף אים ס'גן-עדן! האָב איך באַשלאָסן — איידער דו זאָלסט געבן דיין טאָכטער אַ צווייטן, גיב זי מיר. ניט אַזוי? איצט, אויב דו ווילסט אַלקבין פאַר אַן איידים, זאָג, שעם זיך ניט — וויפל ווילסטו? און אויב, מיט גאָטס הילף, מיר וועלן דורכקומען, ווען מען מוצאי-שבת „מקבל-קנין" זיין. וואָס זאָגסטו, האַ?

— ביסט גערעכט — האָט קפרו זיך געוווישט דעם שווייס פון שטערן — ווי אין פּסוק שטייט — בעסער איך זאָל זי געבן דיר, איידער זי געבן צו אַ צווייטן! דיך און דיין משפחה קען איך. אַן אַלטער באַקאַנטער. און אויב כ'האָב קיין טעות ניט זענען מיר קרובים, דאַכט זיך, שלישי-ברביעי — — — נאָר וואָס דען? הונדערט טאָלער זאָגסטו? כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווי זאָגט מען עפּעס? אַ מיידל דאַרף זיין שען, און מיין רחל, קיין עין-הרע, איז דאָך עפּעס אַ מענטש, אַז ווער עס זעט זי, קאָן זיך זאַט ניט אָנקוקן! און איצט אַ ווירטין! ס'לויכט דאָך אין יעדן ווינקל! און זי קאָן קאָכן אויך. איר געקעכץ — מעדני מלך! ניין, הונדערט טאָלער איז קיין געלט ניט — — —

— הער, קפרו — האָט אים אַלקבי איבערגעהאַקט — איך וויל דיך ניט באַגזלנען!

— חס ושלום! ווער זאָגט דען?

— אויב אַזוי, לאָז דו נאָך אַ ביסל, איך וועל באַטראַכטן און מיר וועלן דורכקומען! מיר זענען דאָך עפּעס ייִדן, מיר קומען דאָך עפּעס אַרויס פון אברהם אבינו, ניט אמת? וואָס זאָגסטו, קפּרו?

— כ׳וועל זיך איבערלעגן.

— וואָס איז דאָ זיך איבערצולעגן?

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת — האָט קפּרו געשמייכלט — הלוואי זאָל איך אַ ליגן זאָגן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז די קינדער האָבן זיך ליב — — —

— וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט די קינדער? — האָט אַלקבי אָן אויפגערעגטער זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן שיטערן בערדל — און אַז מיר זענען אין אַמעריקע — איז שוין אויס וועלט! דערווייל הייס איך נאָך אַלקבי און כּל זמן כ׳וועל לעבן, קאָן מיין זון גאָר־ניט טאָן אָן מיין הסכּמה! לעת־עתּה בין איך נאָך זיין טאַטע און מיינס אַ וואָרט — איז ביי אים אַ געבאָט! ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? כ׳בעט דיך, קפּרו, זאָג מיר — האָסטו אַליין זיך אויס־געקליבן אַ ווייב?

— ניין.

— און איך האָב מיין ווייב זיך אויך ניט אַליין אויסגעקליבן. מיין טאַטע, עליו השלום, האָט מיר געגעבן אַ ווייב, נדן, ווי עס פּירט זיך ביי ייִדן, טאָ פאַרוואָס זאָל איך ניט אויסקלייבן אַ ווייב פאַר מיין רחמימען? איז אַלקבי גערעכט?

— גערעכט.

— און אַז כ׳וועל דיר געבן נאָך פּופציק טאָלער?

— גיב צוויי הונדערט!

— ע, קפּרו, און דאָס, וואָס כ׳בין דיינס אַ חבר, איז גאָר־ניט?

— ס׳איז גענוג ביליג, אַלקבי — — —

— ס׳בלייבט דאָך אין דער משפּחה — האָט אַלקבי זיך אָנגערופן און געגעבן קפּרון אַ האַנט — אין אַ מזלדיקער שעה!

— אין אַ מזלדיקער שעה — האָט קפּרו איבערגעחזרט אַלקבּיס ווערטער, זיך געקראַצט אַ פּאה און אונטערגעברומט — אַן עולה, אַן עולה — — —

אלקבּי האָט זיך געמאַכט, אַז ער הערט ניט און ווידער אָנגענומען קפּרון פאַר אַן אָרעם:

— קומט, מחותן, ס׳איז שפּעט און כ׳וויל מיר זאָלן נאָך אָפּטרעטן ביי אלצדן אין שענק, טרינקען צו גלעזלעך משקה — — —

קפּרו האָט זיך נאָכגעשלעפּט, באַוווּנדערט אַלקבּיס חכמה, זיך באַלעקט, אַז ער וועט באַלד טרינקען וויין און טיף אין דער נשמה האָט זיך ביי אים געבלעזלט אַ נעפּלדיקע אומרויִקייט, דערמאַנט, אַז אַן עולה, אַ גרויסע עולה ווערט געטאָן צו די קינדער.

שטילערהייט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, רחל זאָל אים ניט באַמערקן, האָט רחמים זיך דורכגעגנבעט די קיך און זיך אַריינגעשאַרט אין זיין שלאָף־צימער. ער האָט פאַנאַנדערגעוואָרפן דאָס בייע העמד מיטן איבערגעלייגטן קאָלנער, דעם קאָלירטן שניפּס און אַן אויפגעלייגטער, מיטן האַנטוך, פאַרוואָרפן איבערן אַקסל, האָט ער זיך גענומען גאָלן. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום קראַן און אָנגעהויבן וואשן די אויסגעשמירטע הענט, דאָס פּנים. ער האָט זיך אויף גיך איבערגעטאָן, געבליבן שטיין פאַר אַ צעשפּאָלטענעם שפּיגל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו ווייזן עטלעכע פּנימער. ער האָט באַטראַכט זיין אייגענע מראה, די נאָז, געמאַכט משונהדיקע העויות, געוואָלט איינגעוויינען ס׳פּנים צו שמייכלען, ווען ער וועט זיך באַגעגענען מיט רחלען, און ס׳האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. אויפן אָרט פון אויג האָט אַרויסגעפּרעסט אַ שטיק נאָז, דער שטערן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן מוח און אינגאַנצן איז ער אַרויסגעקומען אַזאַ פאַרזעעניש, אַז ער האָט זיך אַליין דערשראָקן און פון פאַרדראָס גרויס חשק געהאַט אַ שיק צו טאָן דעם שפּיגל אין דר׳ערד.

רחמים איז אַריין אויף די שפּיץ נעגל אין צווייטן חדר. רחל איז געווען אַזוי פאַרטאָן אין איר אַרבעט, דאָס זי האָט אינגאַנצן נישט באַמערקט ווען רחמים איז אַריינגעקומען. זי איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע אַרומגערינגלט מיט שאַכטלען גלעזערנע קרעלן, מיט

קעסטלעך קאָלירטע פּאַטשערקעס. אַרום האַלז זײַנען געהאַנגען זײַדענע דרימען. סאַמעטענע בענדלעך, זײַדענע סטענגעס, זענען געפאַלן פון די אַקסלען, ווי פליגל, אַפּערגעקוקט פון צווישן די צעפּאַטלטע האָר און אײַנגאַנצן האָט זי דערמאַנט אַ ציגײַנערן.

זי האָט קונציק געשלעפּט פונם קלײנעם מויל קרעלן, פּאַטשערקעס, זײ אויפגעצילעוועט אויף אַ נאָדל, זײ געשיקט אײַנגעהאָפטן אין די סאַמעטענע בענדער און די זײַדענע סטענגעס, וואָס זענען געווען אָנגעצויגן אויף הילצערנע רעמלעך. זי האָט געהאָפטן און צוגעזונגען שטיל און טרויעריק.

אַ צעפּינטלטער, אַז ער ווער באַלד אָנרירן דעם האַלז, וואָס קײן פרעמדער מאַנסביל האָט נאָך ניט אַרומגענומען, האָט ער געמאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק, זי זאָל אים ניט באַמערקן, זיך גענומען גנבענען און אײדער ער האָט צײַט געהאַט צו פאַרמאַכן איר די אויגן, האָט זי אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ, זיך צעשמײכלט און קאָקעטיש אים אַרויסגעשטעקט אַ שפּיצל צונג:

— זיך ניט אײַנגעגעבן!

— כ'האָב דיך געוואָלט איבערשרעקן — איז ער אונטערגעגאַנגען אַ צעשטראָלטער און געוויזן אויפן נײַעם העמד.

— דאָס העמד פּאַסט דיר ניט.

— און דער שניפּס?

— ניט שײן. אַזעלכע שניפּסן טראָגן בעגערס!

זי האָט אים באַטראַכט פון אַלע זײַטן און געלאַכט.

— וואָס לאַכסטו? — האָט ער זיך אַ בויג געטאָן צו איר, זי אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען און געוואָלט אַ קוש טאָן.

זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זײַנע הענט און געוואָרן ערנסט:

— נאָר ניט דאָס!

רחל איז געבליבן זיצן אין אַ ווינקל פון קאַנאַפּע. די פיס אונטער זיך, די האָר צעשויבערט, דורכגעוואָרפן מיט שניצלעך סאַמעט, מיט דרימען זײַדנס. אַרום האַלז — שנירלעך קרעלן, קאָלירטע פּאַטשערקעס. בענדער, סטענגעס פאַלן איבער די אַקסלען, איבער די נאַקעטע הענט און אײַנגאַנצן זעט זי אויס, ווי אַ שפּאַנישע טענצערן.

רחמים האָט ניט אויסגעהאַלטן איר בליק, געפילט, ווי איבער דער חוט-השדרה בלעזלט און איז צוגעשטאַנען צו איר.

— ביסט בייז.

— אודאי בין איך בייז

— פאַרוואָס?

— האָסט דאָך עפּעס צוגעזאָגט!

— איך?

— יאָ — דו!

— אַ, — האָט רחמים זי אַרומגעכאַפּט, — נאָך היינט רעד איך מיט דיין טאַטן, ווי כ׳בין אַ ייִד!

— וואָס וועסטו אים זאָגן?

— כ׳וועל אים זאָגן, אַז — — — ביסט אַ נאַרעלע!

— רחמים, כ׳בעט דיך — האָט זיך רחל געטוליעט צו אים און די גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן אים געגלעט, געוואַרעמט — וואָס וועסטו זאָגן מיין טאַטן?

— אַז איך האָב דיך ליב — — — —

ער האָט איינגענורעט זיין פּנים אין איר האַלז.

— לאָז אָפּ, רחמים — האָט דאָס מיידל זיך געבעטן און זיך שטאַרקער צוגעדריקט צו אים.

— רחל! רחל! צייט ליכט בענטשן! — האָט זיך געהערט פון דער קיך.

רחל איז אַראָפּ פון דער קאַנאַפּע.

— די מאַמע גייט!

— פּאַק איין, טאָכטער, פּאַק איין די אַרבעט און שטעק אַריין די ליכט אין די לייכטערס, טאַקע באַלד! — האָט די מוטער אַריינגעשטעקט דורך דער האַלב-צעעפנטער טיר דעם קאָפּ און דערזען רחמימען.

— וואָס עפּעס אַזוי פרי היינט?

— אַז ס׳איז ניטא קיין אַרבעט, מיסעס קפּרו, קומט מען פריער!

— מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיך גענאַרט מען ניט! וועסט שוין איינמאָל זיין אַ פּרנסה-געבער, פּונקט ווי מיין קפּרו! דו ווייסט

נאָר איין זאַך, רחמים, צו פאַרדרייען אַ קאָפּ דעם מיידל! זי קאָן קריגן אַ לייטערישן חתן, ס׳מאַכט ניט! איז עפּעס אַ תכלית פאַר אַזאַ יונג ווי דו צו בלייבן ס׳גאַנצע לעבן אַ שיך-פוצער? נעם אונזערע פעדלערס — אַ בכבודע פרנסה — און זיי אַלע מאַכן שווערע געלט — — —

— רחמים האָט נאַריש געשמייכלט בשעת מיסעס קפרו האָט גערעדט, געדרייט מיט צוויי פינגער איבער דער אויבערשטער ליפּ, ווו ס׳האָט געדאַרפט זיין אַ וואָנסע און נישט אַראָפּגעלאָזט אַן אויג פון רחלען, וואָס איז רויט געוואָרן און באַהאַלטן די אויגן אין די טאַכטלעך. און אַז זיי זענען ווידער געבליבן אין חדר אַליין, האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר די הענט, זיך געבויגן און געלאַכט אויף וואָס די וועלט שטייט.

די ליכט פון די מעשענע לייכטערס האָבן געטריפט, בולטער געמאַכט דעם טונקעלן פלאַם פון גאַז, וואָס האָט זיך געשאַרט איבער דער וואַנט ווי אַ ברודיק פאַסעקל רויך.

קפרוס ווייב אין אַ קאָלירטן שבתדיקן שלאָף-ראָק, אויפן קאָפּ אַ טערקיש טיכל, וואָס האָט זיך פאַרשלייפט אונטערן האַלז, איז געזעסן ביים געגרייטן טיש, מקבל-שבת געווען מיט אַ ניגון פון אַ קלאָגערקע און פון מאָל צו מאָל אַ הייב געטאָן דער קאָפּ פון סדור.

— רחל — פאַרמאַך ס׳פענסטער, ס׳איז אַ צוג, די ליכט טריפן!

רחל און רחמים זענען געזעסן ביים אָפענעם פענסטער, אומגעדולדיקע געקוקט צי די אַלטע גייען שוין פון שול, זיך געקליבן צו גיין נאָכן עסן אין קינאָ. רחמים האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט:

— אין אַמעריקע, אַז מען אַרבעט ניט שבת קאָן מען זיך צו קיין זאַך ניט דערשלאָגן!

— אַזאַ פאַרשוין, ווי רחמים, אַז ער וועט אפילו מחלל-שבת זיין, וועט ער אויך קיין מזל-ברכה ניט זען! — האָט זיך קפרוס ווייב אָנגערופן פון סדור אַרויס.

— פון וואַן זענט איר אַזוי זיכער, מיסעס קפרו? — האָט רחמים געשמייכלט.

— נעם דניאלן — האָט מיסעס קפרו אַרויסגערוקט דאָס

טיכל איבערן שטערן — ער איז געקומען מיט דיר אויף איין שיף, איז נאָך אין אַמעריקע פרומער געוואָרן און מען שמועסט, אַז ער איז „ווערט" שווערע הונדערטער! און דו, ניט צו פאַרזינדיקן, ביסט געווען אַ לא־יצלח און ביסט עס געבליבן! אַז אַ מאַמע קריגט אַזאַ חתן פאַר אַ טאָכטער איז איר אָך און וויי!

— דעם אמת געזאָגט — האָט רחל געקנייטשט מיט די פינגער ס'פאַרטוך — געפעלט מיר אויך בעסער אַ פעדלער, ווי אַ שיף־פוצער!

— ניט אַלע קענען זיין פעדלערס — האָט זיך רחמים פאַרלוירן.

— אין אַזאַ ניו־יאָרק, אַז מען וויל — האָט מיסעס קפרו אַרויסגערעדט פון סדור — געפינט מען עפעס צו טאָן.

אַלקבי און קפרו זענען אַריינגעקומען מיט אַ הרייטן „שבת־שלום". אלקבי אַן אויפגערוימטער האָט אַ ווונק געטאָן צום זון ער זאָל מיטזאָגן „זוהר". קפרו אַ צענומענער פון וויין איז צוגעגאַנגען צום ווייב און אויסגעשריען:

— פנינה!

— וואָס שרייסטו?

— פנינה, ווינטש מיר מזל־טוב!

— וואָס הייסט? האָט פנינה צ' עפנט אַ פּאָר אויגן.

— ס'קומט אונז מזל־טוב!

— וואָס ציפסטו מיר די עצמות, אַלטער שוטה, זאָג:

— אונזער טאָכטער רחל איז אין אַ מזלדיקער שעה היינט געוואָרן אַ כּלה!

— עי, קפרו — האָט אים אַלקבי איבערגעהאַקט — האָסט דאָך מיר עפעס צוגעזאָגט צו האַלטן מויל ביז נאָכן עסן?

— ס'איז דען אַ סוד, אַלקבי? אַ סוד פאַר אַן אָרעמער מאַמע, וואָס וויל דערלעבן נחת פון דער בת־יחידה?

— ווער איז דער חתן? לאָמיר שוין הערן! — האָט ס'ווייב זיך אויפגעשטעלט.

— שוין איינמאָל אַ חתן! — האָט קפרו נאַריש געשמייכלט.

רחמים און רחל האָבן זיך איבערגעקוקט. ער איז בלאַס גע־

וואָרן, געזעסן אָן אָטעם. אַלקבי האָט א ווונק געטאָן רחמים זאָל גיין מיט אים אין שלאָף-צימער.

אַלקבי האָט פאַרשלאָסן נאָך זיך די טיר, דערזאָגט דעם „זוהר״, דערנאָך האָט ער אָנגענומען רחמימען פאַר די לאַצן און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ קופער און אַליין האָט ער גענומען שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער. אין חדר איז געוואָרן שטיל. דער טאַטע מיטן זון האָבן אויסגעמיטן זיך אָנצוקוקן. דער פאָטער האָט אַ ווײַלע באַטראַכט זיין שיטער בערדל און אָנגעהויבן:

— וויסן זאָלסטו, רחמים, אַז אַ ייד אָן אַ ווייב איז ס׳גיהנום פאַר אים אָפן! שלעכטע מחשבות, קליפּות, יעדע פּגע-רע האָט אויף אים שליטה, פירט אים אַראָפּ פון דרך הישר! האָב איך איינמאָל אָפּגעמאַכט ביי זיך — כ׳מוז חתונה האָבן! וואָס זאָגסטו, רחמים, ביסט דאָך עפּעס מיין בכור, ראשית אוני?

רחמים האָט נישט געענטפערט, דערפילט אַ הוילקייט אונטערן האַרץ און זיך איינגעביסן מיט די ציין אין דער אונטערשטער ליפּ. ער האָט זיך צוגעהערט צו די פאַרשטיקטע געשרייען, וואָס האָבן זיך געריסן אין אים, זיי קוים צוריקגעהאַלטן און געוואַרט דער פאָטער זאָל ענדיקן.

— האָב איך באַשלאָסן חתונה צו האָבן — האָט אַלקבי געלאַסן איבערגעחזרט די לעצטע ווערטער — און ווייסטו ווער מען מ׳רעדט מיר? רחלען — קפּרוס טאָכטער.

ביי רחמימען אין מח האָט זיך עפּעס אַ מיש געטאָן און ער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— טאַטע, כּל זמן כ׳וועל לעבן — — —

— וואָס פאַרע דבורים? — האָט אים דער פאָטער נישט געלאָזט ענדיקן — דערווייל בין איך נאָך דיין טאַטע! און וויסן זאָלסטו, אַז כ׳פרעג ביי דיר קיין עצות נישט!

— און אויב דו מיינסט, טאַטע, אַז ביסט אין דער היים, אין סאַלאָניקי ביסטו, האָסטו אַ טעות!

— אויב שוין יאָ אַזוי — האָט אַלקבי געלאַסן געצויגן די ווערטער — אויב דו זאָגסט מיר יאָ דעות, זאָלסטו וויסן, אַז היינטיקן מוצאי-שבת ווערט רחל מייז ווייב, דיין טאַטנס ווייב, הערסט? איך

וואָרן דיך — האָט אַלקבי אויפגעהויבן אַ פינגער — אַז פון הײנט אָן און ווייטער זאָלסטו נישט האָבן קיין מגע ומשא מיט רחלען!

— דאָס וועלן מיר נאָך זען! — האָט רחמים אַ צי געטאָן די הויזן, פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויפן פאָטער, דערמאָנט אַ האָן, וואָס קלויבט זיך אַ שפּרינג צו טאָן אויפן קעגנער.

אַלקבי האָט זיך געמאַכט בלינד הערן, אָנגענומען דעם זון פאַר אַן אָרעם און שטילער געררעדט:

— דאַרפסט נישט פאַלן ביי דיר, רחמים! איך לעב נאָך, דיין פאָטער לעבט און ער האָט, ברוך השם, פאַרזאָרגט גדן פאַר דיר אויך! ס׳געלט ליגט אין קופער און כ׳וועל מיט גאָטס הילף געפונען אַ זיווג פאַר דיר אויך, נאָר מען דאַרף זיין אַ מענטש, ווי דער פסוק זאָגט — ביי אַ חכם זענען די אויגן אין קאָפּ — — —

— וואָס טרייסטו מיך מיט חלשות? — האָט זיך רחמים אַוועקגעשטעלט קעגן פאָטער ווי אַ „פרייז-פייטער" — מעגסט אפילו זיין מיין טאַטע, וועל איך ניט דערלאָזן דו זאָלסט מיר אונטער-שטעלן אַ פיסל!

— ווער שוין בעסער פאַרשטומט, ייִנגאַטש דו!

— איך בין דער ייִנגאַטש — — — איך — — — האַ? און דו, אַן אַלטער ייִד — — — שעמען מעגסטו זיך — — —

— אַז שוין יאָ אַזוי, עוכר ישראל — האָט אַלקבי אויפ-געהויבן אַ פויסט קעגן זון — מעג שוין דיין מוח דאַרן, פושע-ישראל! היט זיך, רחמים, דען אַז כ׳וועל זיך צוכאַפּן צו דיר, וועס-טו האָבן וויסטע יאָר! וועסט ביי מיר פליען אויף אַלע פיר זייטן!

— כל זמן איך לעב, טאַטע — האָט רחמים זיך אַוועקגע-שטעלט, געגומען פויקן מיט ביידע פויסטן אויף דער אַרויסגעפּרעס-טער ברוסט — כל זמן איך לעב, וועט רחל נישט זיין דיין ווייב!

אלקבי האָט זיך אַ צי געטאָן, אויסגעהאַקט דעם זון אַ פּאַטש און אים אָנגעכאַפּט פאַרן גרגרת. רחמים האָט זיך אַרויסגעריסן, זיך געוואָלט וואַרפן אויפן פאָטער, האָט ער געכאַפּט אַ צווייטן פּאַטש.

קפרו מישן ווייב האָבן געגומען קלאַפּן אין טיר:

— מיסטער אלקבי! — — — מיסטער אלקבי!

אלקבי האָט געעפנט. רחמים האָט זיך געווישט ס׳פּנים און זיך געקאָרטשעט פון חרפּה. רחל איז אַריינגעקומען אַ בלייכע און אונטער רחמימען האָט זיך געעפנט ס׳גיהנום. אָן אַ שיער פּלענער, ווי אַ נאָך צו נעמען פון פּאָטער נקמה, זענען דורך ביי אים אין מוח. מיט אַ קרענקלעכן שמייכל האָט ער זיך אַ שאַר געטאָן צום פּאָטער, געסטראַשעט:

— אויב ער מיינט, אַז ער איז אין דער היים, איז ער זיך טועה! מיר זענען אין אַמעריקע! אין אַמעריקע זענען מיר!

דער אַלטער האָט זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אויפן זון. די אַרומיקע האָבן אים צוריק געהאַלטן. רחל האָט אַרויסגעשטופּט רחמימען פון חדר. ער איז געגאַנגען הינטערווײלעכטס, געקוקט דער אַלטער זאָל זיך נישט וואַרפן אויף אים, נישט אויפגעהערט רעדן:

— מיר וועלן נאָך זען, טאַטע! מיר וועלן נאָך זען! מיר זענען אין אַמעריקע!

דאָ שלאָגט מען נישט קיין קינדער! — האָט זיך רחל אַריינ-געמישט — אין אַמעריקע שלאָגט מען נישט! און אויב אַלקבי ציט זיך נישט אַרויס, גיי איך אַוועק פון שטוב!

— שווייג, שווייג, טאָכטער! — איז קפּרו אַריין אין דערמיט.

— דו דאַרפסט זיך נישט מישן! גיי, גיי אין דיין חדר אַריין.

ס׳איז געוואָרן אומאָנגענעם שטיל. אַלקבי האָט זיך געריבן די הענט, געקוקט אויף קפּרון, אויפן ווייב, געזוכט הילף ביי די אַרומיקע. ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און זיך אין דרייען אַ בויג געטאָן:

— מיר לאָזן אַ שיינעם דור! אַ שיינעם דור לאָזן מיר!

# אינהאלט:

